צוגעגרייט צום דרוק — אברהם ליס

דער רוב איבערזעצונגען פֿון די עסייען וואָס קומען אַרײַן אינעם בוך זענען געמאַכט געוואָרן פֿון דעם קענער און סטיליסט, דעם מײַסטערישן איבער־זעצער אליעזר פּינעס.
די אָפּשאַצונגען איבער פּערזענלעכקייטן, וואָס אינעם ערשטן טייל פֿונעם בוך, זענען איבערזעצט געוואָרן דורך ישראל ריטאָוו ז״ל, מרדכי שטיגלער, און דעם צונויפֿשטעלער פֿון דעם בוך.

# זלמן שזר

# אָפּשאַצונגען און עסייען

פאַרלאַג
י. ל. פּרץ
ישׂראל

תל־אביב תשל״ו 1976

*Zalman Shazar*

*OPSHATZUNGEN UN ESSEYEN*

**זלמן שזר / אָפּשאַצונגען און עסייען**

I. L. PERETZ Publishing House

31, Allenby St., Tel-Aviv

פאַרלאַג י. ל. פּרץ

תל־אביב, רח' אלנבי 31

Printed in Israel, 1976

נדפס בישראל, תשל"ו

באמצעות "ידע־סלע" בע"מ, רח' הנגב 8, ת"א, טל' 31061

# אינהאַלט

# אַ וואָרט צו דעם בוך

די זאַמלונג אָפּשאַצונגען און עסייען איז צוגעגרייט געוואָרן אין דעם לעצטן יאָר פֿון לעבן פֿון זלמן שזר ז״ל. ער האָט ניט נאָר געהאָלפֿן ביַים אָפּקליַיבן די אַרבעטן, נאָר ער האָט מיט אויפֿמערקזאַמקייט געלייענט און צומאָל געמאַכט באַ־מערקונגען צו די צוגעגרייטע עסייען, באַזונדערס ביַי די אין וועלכע ס׳זענען אַריַינ־געפֿירט געוואָרן — אין ייִדישן טעקסט — סטיליסטישע אָדער שפּראַכלעכע שינויים.

זיַין באַציִונג צום וואָרט, צום ייִדישן וואָרט איז געווען פֿון אַזאַ אחריות און פּיעטעט צו וואָס נאָר אַזאַ גײַסט־מענטש און שפּראַך־מײַסטער איז מסוגל געווען.

דעם געדאַנק אַרויסצוגעבן אַ באַזונדערע זאַמלונג פֿון זיַינע עסייען, עסייען פֿון ייִדישער מחשבה אין אונדזער צײַט, און זיַינע אָפּשאַצונגען און כאַראַקטעריסטיקעס פֿון די געשטאַלטן מיט וועלכע ער איז געווען פֿאַרבונדן אַ לעבן־לאַנג: שריַיבערס, אנשי־רוח, דיכטערס און קינסטלערס — האָב איך געבראַכט פֿאַר אים, נאָך בעת איך האָב צונויפֿגעשטעלט דעם ספֿר „זלמן שזר נשיא וסופֿר״ (דערשינען אין יאָר 1969, י. ל. פּרץ־פֿאַרלאַג, ת״א), און כאָטש דער פּלאַן פֿון אַזאַ בוך איז אים געווען צום האַרצן האָט ער דאָך אָפּגעצויגן מיטן פֿאַרווירקלעכן די אויסגאַבע. די צוגע־גרייטע, אָפּגעקליבענע אַרבעטן האָבן זיך געפֿונען ביַי אים פֿאַר אַ לאַנגער צײַט. עפּעס האָט ער אַלע מאָל געוואָלט פֿון דאָס נײַ ענדערן, דערגענצן, משלים זײַן. אומרו און צווייפֿלען, וואָס זענען אַזוי שכיח ביַי אַן עכטן דענקער און עומקתדיקן שאַפֿער, האָבן שזרן אומאויפֿהערלעך באַוועלטיקט, כאָטש קרוב צו זיבן יאָרצענד־ליק האָט ער דאָך געניט און מקורותדיק געפֿורעמט ייִדישע מחשבה ווי זיַין אייגנ־אַרטיקן אויסדרוק מיט וועלכע ער האָט באַרײַכערט די עסייאיִסטיק אין העברעיִש און ייִדיש. ס׳איז געווען אי מערקווירדיק אי באַלערנדיק צו זען און גאָר אָפּצופֿילן שזרס אינערלעכע איבערלעבונג און זײַן ציטער פֿאַר יעדער אויפֿגעשריבענער שורה — —

עטלעכע וואָכן פֿאַר זײַן פּטירה האָט ער מיך גערופֿן צו זיך, געגעבן זײַן הסכמה אַרויסצוגעבן דאָס בוך.

אינעם בוך קומען אַרײַן זעקס מאמרים, וואָס זענען פֿריִער געווען געדרוקט אין דעם ספֿר „ליכטיקע פּערזענלעכקייטן״, אַלע אַנדערע אַרבעטן זענען צונויפֿגעזאַמלט געוואָרן פֿון זשורנאַלן און צײַטשריפֿטן: „אידישער קעמפֿער״, „פֿאָלק און ציון״ און בעיקר פֿון דער פֿערטליאָר־שריפֿט, „די גאָלדענע קייט״. עטלעכע עסייען זענען צו דעם בוך ספּעציעל איבערזעצט געוואָרן, ווי דער עסיי וועגן דעם העברעיִשן דיכ־

טער א. ש. שוואַרץ וועגן וועלכן שזר שרײַבט מיט אַזוי פֿיל פֿאַרערונג, מיט אינטי־מען געמיט וועגן דעם איינעם פֿון די מאָדערנע העברעיִשע דיכטערס אין בבל אַמע־ריקע, איינער פֿון די עלנטע, אומעטיקע און שטאָלצע — —

דאַכט זיך, אַז עפּעס אַ באַזונדער נטיה און געפֿיל האָט ער געטראָגן פֿאַר די עלנטע און שטאָלצע — —

כאָטש זלמן שזר איז בתוך תוכו געווען אַזאַ דינאַמיש־אַקטיווע פּערזענלעכקייט, פֿול מיט עכטן לעבעדיקן פּאַטאָס פֿאַר אַלץ, האָט דאָך געהויכט אין אים אַזאַ סובטעל־ליטעראַר אומעט, אַזאַ שעפֿערישער אומעט, וואָס שמייכלט פּקחותדיק באַגלייט פֿון אַלטן אין חדש תחת השמש — — און דאָס מיט אַזאַ חיותדיקייט און גרייטקייט תמיד צו נײַע פֿאַרמעסטן און שרײַבערישע אויפֿטוען — —

אָט ווי כאַראַקטעריסטיש ס׳זענען געווען זײַנע ווערטער אין אַ בין־שמשותדיקן שמועס שוין נאָך זײַן דערגרייכן צו די גבורות־יאָרן: „ס׳איז ניט אמת אַז די עלטער לעשט אַלץ אויס. יעדער טאָג איז אַן עולם ומלואו, אַ וועלט אַ גאַנצע. ס׳איז דאָ אַן אינדערפֿרי, ס׳זענען דאָ די שעהן פֿון טאָג, דער קאַליריקער פֿאַרנאַכט, די נאַכט. יעדער טאָג דינט מיך פֿון דאָס נײַ — אַ וועלט אַ גאַנצע״.

אָט דעם אויסקלאַנג פֿילן מיר אויך אָפּ אין זײַנע עסייען מיר פֿילן דאָ דעם מהות פֿון זײַנע דענקערישע עקסקורסיעס, פֿון זײַן שרײַב־קונסט, זײַן פֿענאָמענאַלן זכרון און זײַן אייגנטימלעכן סטיל. ווי די פֿאַרביקייט און רײַכקייט פֿון זײַן שפּראַך.

שזרס ספּעציפֿישן שרײַב־נוסח איז ניט לײַכט צו איבערזעצן אין וועלכער ס׳איז שפּראַך און צומאָל אין ייִדיש. זײַן אַרט טראַכטן און שאַפֿן איז געווען אַן אויס־דריקלעך העברעיִשער. די שפּראַך־עשירות, אַ צונויפֿבונד פֿון דעם מקורותדיק העב־רעיִש־תלמודישן מיט איר שפֿע פֿון אַנטוויקלונג, מיט דעם העברעיִש פֿון נײַ־צײַט. אַזוי פֿלאַסט צו פֿלאַסט האָט אויסגעפֿורעמט אייגנדיקן שפּראַך־סטיל, שזרס שפּראַך־סטיל.

עס ווילט זיך האָפֿן, אַז אויך דער ייִדישער לייענער וועט אָפּפֿילן, צוזאַמען מיט דעם תוכן און דער געדאַנקלעכקייט פֿון די עסייען, אויך די באַזונדערקייט פֿון זײַנע שרײַבערישן גאָב.

**אברהם ליס**

# א

נחום סאָקאָלאָוו

די ביאַליק־ירושה

בוקי בן יגלי

קעגן איבער מיכה יוסף בערדיטשעווסקי

בערל

דוד שמעוני

יעקב קלאַצקין

לודוויג אריה שטראַוס

אברהם וואַלט ליעסין

א. ש. שוואַרץ

אַ מצבה פאַר דוד פינסקי

חיים גרינבערג

י. י. שוואַרץ — דער עלטסטער פון די „יונגע״

צום אָנדענק פון מאָריס סעמיועל

# נחום סאָקאָלאָוו

צווישן שריפֿטשטעלערס פֿון אונדזער נײַער ליטעראַטור, וואָס האָבן זייער דור געמוסרט, דערצויגן, קריטיקירט און מתקן געווען, און צווישן די מנהיגים פֿון דער נײַער ייִדישער פּאָליטיק, וואָס האָט גענומען פֿאָרווירקלעכן די גורלדיקע שינויים — איז באַלד פֿון אָנהייב געשטאַנען אַ שיידוואַנט. אויב איינער אַ שרײַבער, איז ער ניט קיין מנהיג; אויב אַ פּאָליטישער פֿירער, איז ער ניט קיין שרײַבער. אַ מין ירושה־זאַך, זעט אויס, פֿון יענע צײַטן, ווען צווישן דעם רב און דעם שתדלן, צווישן דעם „אב בית־דין און ראש מתיבתא" און דעם „פּרנס ומנהיג" — איז געלעגן אַן אָפֿענער תהום. פּרץ סמאָ־לענסקין, למשל, דער וואָרטזאָגער פֿון זײַן דור אין דער ליטעראַטור, האָט זיך געמוזט באַגנוגענען דערמיט, וואָס ער האָט פֿון דער ווײַטנס געלויבט דאָס ווערק פֿון אַדאָלף קרעמיע, דעם שאַפֿער און פֿירער פֿונעם אַליאַנס. אחד־העם, וואָס האָט מער פֿון אַלע זײַנע קאָלעגן געליטן פֿון דער דאָזיקער משונהדיקער ראָלן־פֿאַרטיילונג, האָט רעוואָלטירט קעגן דעם מיט דער גאַנ־צער קראַפֿט פֿון זײַן טאַלאַנט. ער האָט אָבער דעם אַ קאַמף אָנגעשטעלט ווי אַ גערעגל מיט דער אייבערהערשאַפֿט פֿונעם מערב איבערן מזרח, מחמת די ראשי־המדברים אין דער פּאָליטיק האָבן זיך צו יענער צײַט געפֿונען אין מערב־אייראָפּע, און די ליטעראַרישע פּערזענלעכקייטן — אין מזרח. אין דער אמתן אָבער האָט זיך די דאָזיקע איינטיילונג ניט אָנגעהויבן דווקא מיטן אויפֿקום פֿונעם מערב־ציוניזם: אויך אין דער תקופֿה פֿון חיבת־ציון, וואָס איז פּאַקטיש געווען דורכויס אַ מזרח־פּראָדוקט, האָט זיך שוין אָט די מחיצה גוט געפֿילט. אמת — דער שריפֿטשטעלער רש"י פֿין איז געווען שטאַרק אָנגעזען און דער זשורנאַליסט דוד גאָרדאָן איז געווען דער שופֿר פֿון חיבת־ציון — אָבער די לייצעס פֿון דער באַוועגונג האָט אויך דעמאָלט געהאַלטן ניט דער פּענמענטש, נאָר ד"ר לעאָ פּינסקער. דער מערב־ציוניזם האָט נאָך

ווײַטער געפֿירט די ליניע, וואָס האָט זיך געצויגן פֿון מזרח, און די דאָזיקע ליניע איז ניט איבערגעריסן געוואָרן אויך נאָך דעם, ווי די ציוניסטישע באַוועגונג האָט זיך אַ קער געטאָן אויף צוריק פֿון מערב צו מזרח.

דער ערשטער צווישן די ציוניסטישע וועטעראַנען, וואָס האָט אַ בראָך געטאָן מיט אָט דער אַלטער טראַדיציע, איז געווען נחום סאָקאָלאָוו. ער איז געווען דער ערשטער צווישן די אָנפֿירערס פֿון דער נײַער ייִדישער פּאָליטיק, וואָס גלײַך פֿון דער העברעיִשער רעדאַקציע איז ער אַרויס „קיניגן". ניט קיין זשורנאַליסט פֿון אַן אייראָפּעיִשער צײַטונג איז ער געווען און ניט קיין פּאַר־לאַמענט־דעפּוטאַט, ניט קיין פּראָפֿעסאָר און ניט קיין באַנקיר, אַפֿילו ניט קיין אַדוואָקאַט אָדער דאָקטער (פֿון זיי זענען דאָך על־פּי־רוב מאָביליזירט געוואָרן די מיטגלידער פֿון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין איר ערשטער פּאַזע) — אַ העברעיִשער שריפֿטשטעלער איז ער געווען. דער „צופֿה על מדינות" און „אורח לשבת", דער ליבלינג פֿון דעם „קורא נכבד" אין די שטעטלעך פֿון פּוילן און ליטע, דער וואָס האָט זיך מיט זיי צונויפֿגעטראָפֿן טאָג־טעגלעך און וואָך־וועכנטלעך, זיי געלערנט און מהנה געווען, זיי מוסר געזאָגט און דערצויגן, זיך אונטערגעהאַלטן און געשמועסט מיט זיי אויף די שפּאַלטן פֿון דער העברעיִשער „הצפֿירה", פֿון ייִדישן „טעלע־גראַף" און — אין די יאָרן פֿון די ערשטע זוכענישן — פֿון דעם פּוילישן איזראַעליטאַ, דעם אָרגאַן פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ אין פּוילן. ער האָט דאָס אָבער קיין מאָל ניט געטאָן „פֿון דרויסן", נאָר פֿון אינעווייניק, תמיד „בתוך עמי", יאָר נאָך יאָר, צענדליקער יאָרן.

נחום סאָקאָלאָוו האָט איבערגעאַנדערשט דעם אַנגענומענעם טראַפּאַרעט, וואָס די ראשונים האָבן געהאַט אײַנגעשטעלט — און דער שינוי איז געראָטן.

בשעתו האָט מען כּלל ניט געפֿילט, אַז ס'איז געשען עפּעס וויכטיקס. ווי פֿון זיך אַליין איז געקומען דער שינוי, אָן שטורעם און אָן שאַל פֿון נצחון; דער גוטער אָבסערוואַטאָר האָט אָבער יאָ באַמערקט די ערשטיקייט פֿון דעם שינוי, דעם פֿאַקט אַז פֿון דעמאָלט אָן איז צעשטערט געוואָרן דער צוים. און צעשטערט האָט סאָקאָלאָוו דעם צוים ווי אַ סך אַנדערע צוימען אין דער געזעלשאַפֿט און אין דער ליטעראַטור, ניט מיט קאַמפּס־מיטלען — סאָקאָלאָוו איז ניט געווען קיין בעל־מלחמה — נאָר מיט דער רײַכקייט פֿון זײַן אינטעלעקט, מיט דער שפֿע פֿון זײַנע גײַסטיקע כּוחות. וואָרעם אויך אַלס העברעיִשער שרײַבער און זשורנאַליסט האָט ער ניט אָנערקענט קיין גרע־

נעצן, אַ חד־בדרא איז ער געווען, אַ מין אוניקום וואָס האָט צו זיך ניט קיין גלײַכן. קיין עילויים, וואָס אַן אמת, האָבן אין יענער צײַט ניט געפֿעלט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. כמעט יעדער שרײַבער איז געווען בבחינת עילוי אין זײַן סביבה. סאָקאָלאָוו איז אָבער געווען אַן עילוי אַפֿילו צווישן עילויים. ווי אַ וווּנדערקינד איז ער דערשינען. צו פֿופֿצן יאָר איז ער שוין געווען אַ שרײַבער צווישן שרײַבערס, און אַלס שרײַבער האָט ער זיך אַרײַנגעריסן אין נײַע געביטן און זיי פֿאַרנומען. מיט זײַן „הצופה לבית ישראל" האָט ער טאָג־איין טאָג־אויס געצויגן די ייִדיש־פּױלישע פּראָווינץ פֿון איר ענגן ווינקל אַרויס און זי צונויפֿגעשמאָלצן מיטן גאַנצן ייִדישן פֿאָלק, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע לענדער פֿון דער וועלט. מיט דער הילף פֿון זײַן „דברי הימים" האָט ער דעם ייִדישן לייענער אַרויסגעפֿירט פֿון זײַן ייִדישן תחום און פֿאַר אים אויסגעהאַקט אַ פֿענצטער צו דער גרויסער ברייטער וועלט. און אין ליטעראַטור גופֿא זענען פֿאַר אים צענומען געוואָרן אַלע מחיצות, און ער איז געוואָרן אַ בן־בית אין אַלע ליטעראַרישע געביטן, גלײַך ניט פֿאַר אים זענען געשטעלט געוואָרן ליטעראַרישע גרענעצן. דער־צויגן אויף פּוילישער חסידות, איז ער באַהאַוונט אויך אין לומדישע ענינים ווי די גרויסע רבנישע אויטאָריטעטן. און אַ בעל־מליצה איז ער ווי די גרעסטע משׂכּילים. ער לאָזט זיך אַראָפּ אין די תהומות פֿון אונדזער עבר ווי אַ מאָל די חכמי־ישׂראל אין דײַטשלאַנד; ער קען זיך אויף די פּאָליטישע גענג פֿון מדינות און קאָמענטירט זיי ווי די בעסטע פּובליציסטן פֿון דער פּוילישער און פֿראַנצויזישער פּרעסע, וואָס דינען אים פֿאַר אַ מוסטער. ער קען אַלע שבע חכמות, רעדט און שרײַבט אויף זיבן שפּראַכן, איבערראַשט תמיד דעם לייע־נער מיט זײַנע רײַכע ידיעות און פֿאַרשאַפֿט אים די גרעסטע הנאה מיט זײַן ווונדערלעכן עשירותדיקן לשון; ער עפֿנט פֿאַר אים די פּאַלאַצן פֿון וויסנשאַפֿט, פּאָליטיק און קונסט און שפּאַצירט דאָרט אַרום מיט אים ווי אַן אייגענער.

יאָ, גאָר אַן אַנדער פּנים האָט דער העברעיִשער לייענער באַקומען זינט נחום סאָקאָלאָוו האָט פֿאַר אים געעפֿנט זײַנע אוצרות. און שטאָלצירט האָבן מיט אים ייִדן אין גאָר דער וועלט. זײַן אונטערשריפֿט איז געווען ב"ס — און טאַקע ווי אויף אַ נס האָט מען געקוקט אויף אים.

וואָס אַן אמת, ניט פֿון זיך איז דאָס אַלץ אים געקומען, אָבער אויך קיין מלחמות האָט ער פֿאַר דעם ניט געפֿירט. כדי צו דערגרייכן דאָס וואָס ער האָט

דערגרייכט, זענען נייטיק געווען באַזונדערע גײַסטיקע אייגנשאַפֿטן. עס איז ניט גענוג געווען צו זײַן אַן עילוי צווישן עילויים, אַ משׂכּיל, אַ בעל־לשון. זײַנע פֿענאָמענאַלע פֿעיִקײַטן זענען דערויף געווען צו ווייניק. מען האָט נאָך געמוזט באַזיצן אויך אַ געוויסע עלאַסטישקייט און צופּאַסונג־פֿעיִקייט. און אויך אַ נאַטירלעכע טאָלעראַנץ איז נייטיק געווען. סאָקאָלאָוו האָט אָט די אייגנשאַפֿטן פֿאַרמאָגט בשפֿע, און מעגלעך אַז דווקא דאָס האָט דער נײַער דור אים לײַכט ניט געקאָנט מוחל זיין. דאָס יונגע הארץ האָט געזוכט דווקא דעם שאַרפֿן פּראָפֿיל, דאָס אַנטשיידענע וואָרט, דעם קלאָרן און זיכערן „יאָ" און דעם בפּירושן אַנטשלאָסענעם „ניין". סאָקאָלאָוו דער פּיקח, דער אַלץ־ווייסער, האָט אַ סך פֿאַרשטאַנען און ווייניק געפֿאָדערט און האָט פֿאַרגעבן מער ווי וועד, און פֿאַרגעבן מער ווי אַ סך.

אָבער געגנוי ווי דער יונגער דור האָט געוועגדט זײַנע אויגן צום זעלבער און קריגס־קאָמאַנדיר, אַזוי האָט ער אַרויסגעקוקט אויפֿן היטער פֿון דעם פֿאָלקס אוצרות. ער האָט געזוכט דעם יעניקן וואָס זאָלביידע עלעמענטן פֿאַראייניקן. אויף אַלע וועגן האָט ער אים אַרומגעזוכט און פֿאַר יעדער אַנטפּלעקונג זײַנער, פֿון באַענט צי פֿון ווײַט, איז ער דאַנקבאַר געווען. און דער געזוכטער אוצר יענער קלײַבט ניט אויס זײַנע געטרײַע טרעגער דווקא צווישן די וואָס זענען מיט אים שווער באַלאָדן. אָפּט רײַסט אַ מענטש אַרויס שווערע שטיינער פֿון פֿאַרצײַטיקע שטיינהאַקערײַען, לאָדט זיי אַן אויף אַקסלען און פֿאַלט אונטער דער שווערע משׂא — און בסך־הכּל זענען דאָס ניט מער ווי שטיינער. אָבער אָפּט מאָל טראָגט אין זיך אַ גאָט געבענטשטער טאַלאַנט דעם דורותדיקן אוצר מיט אַזאַ מין לײַכטקייט גלײַך ווי עס וואָלט גאָר קיין משׂא ניט געווען, עפּעס ווי אַ באַהאַלטן ליכט וואָס ליכטיקט אין זײַן אינגעווייד, און דאָס ליכט גיט אַ שײַן־אויף פֿון אַ וואָרט־אויסדרוק, פֿון אַ כּלאחר־־יד־געדאַנק, פֿון אַ פּשוטער באַמערקונג — און צעשטראַלט זיך, און באַלײַכט די פֿינצטערניש ווײַט־ווײַט. דערפֿאַר טאַקע האָט דאָס האַרץ אַזוי געצויגן צו ביאַליקן. דערפֿאַר האָט זיך דאָס אויג אַזוי אָפּגערוט מיט באַגערונג און דאַנקשאַפֿט — אויף דער פּערזענלעקײַט פֿון נחום סאָקאָלאָוו.

מ'האָט געזאָגט אויף סאָקאָלאָוון, אַז ער איז „יודע הכּל". וואָס־וואָס — איין זאַך האָט ער זיכער געקענט. און די קענטשאַפֿט זײַנע איז געווען אַ פֿולשטענדיקע, אַ טיפֿע און גרונטיקע — ער האָט געקענט ייִדן. געקענט זיי אין אַלע זייערע שאַטירונגען און וואַנדלונגען, געקענט זייערע אַלע שבטים

און עדות, סטילן און נוסחאות, ביי זיך אין דער היים און אין דער פרעמד, פאַר דער אַסימילאַציע און נאָך דער אַסימילאַציע און בשעת דער אַסימי־לאַציע אין אַלע אירע גילגולים. זיין געניט אויג האָט זיי אומעטום נאָכגע־קוקט און באַגלייט, אויפגעדעקט זייערע געהיימענישן הינטער יעדן שלייער פון צייט און אָרט, שפּראַך און נוסח. פּונקט ווי אַ מענטש קען אויסגעבונדן זיין הויזגעזינד, נאָך מער: ווי אַ קינסטלער קען די העלדן פון זיינע שאַ־פונגען.

אין יאָר תרמ״ט (1889) — נאָך גאָר אַ יונגערמאַן — האָט סאָקאָלאָוו צונויפגעשטעלט אַ לעקסיקאָן פון אַלע יידישע שרייבערס, וואָס האָבן געלעבט אין זיין צייט אויף גאָר דער וועלט און, ווי ער האָט שפּעטער אַליין דער־ציילט, האָט ער דעם לעקסיקאָן געמאַכט אָן דער הילף פון אַנקעטעס און ציר־קולאַרן, ווי עס פירט זיך אין אַזעלכע פאַלן, נאָר גאַנץ פּשוט — פון זכרון. שוין דעמאָלט האָט ער אַלע גייסט־מענטשן פון זיין פאַלק געהאַט אין זכרון און מיטגעלעבט מיט זיי אַלעמען. און פון יענער צייט אָן איז ער דאָך ווייט אַוועק, סאָקאָלאָוו, האָט אַ סך געלערנט, אַרומגעוואַנדערט איבער לענדער און קאָנטינענטן, איינגעשלונגען גאַנצע ליטעראַטורן, איינגעשטעלט אָן אַ שיעור פאַרבינדונגען, און דער זכרון זיינער — ממש אַ „בור שאינו מאבד טיפה״. אַ פענאָמענאַלער זכרון, וואָס האָט ניט געוווּסט וואָס עס מיינט פאַר־געסן. זיינע פעליעטאָנען און ליטעראַרישע עסייען, אַפילו די שיחות־חולין זיינע, בשעת די הפסקות צווישן איין זיצונג און דער צווייטער זענען געווען אָן אויסטערלישער אוצר פון פאָלקס־קענטשאַפט, פון באַלערנדיקן וויסן, וואָס נעמט אַרום גאַנצע לעבנס־תקופות מיט אַלע זייערע אַנטפּלעקונגען און פאַר־הוילענישן.

דער צענטער איז געווען פוילן. דאָס פּוילישע יידנטום האָט ניט אַרויס־געגעבן פון זיך קיין צווייטן שריפטשטעלער־קענער, ווי סאָקאָלאָוו. אַלט־וואַרשע און מאָקאָוו און פּראַגע און גאַנץ פּוילן — אָן אייביקן מאָנומענט האָט ער זיי געשטעלט. וויפל ליבשאַפט און נשמה האָט ער דערין אַריינ־געלייגט. דאָס וואָס שמריהו לעווין האָט געטאָן פאַר די שטעטלעך פון ליטע, וואָס שלום־עליכם האָט געטאָן פאַר די יידן פון וואָלין און פאָדאָליע, האָט נחום סאָקאָלאָוו געטאָן פאַרן פּוילישן יידנטום — געשטעלט אים אַ לעבעדיקן דענקמאָל. ער האָט ניט אויפגעהערט צו פאָרשן זיין עבר, אַליין געשריבן און איבערגעזעצט פרעמדע ווערק וועגן זיין געשיכטע, פאַראייביקט אים אין

זײַנע אישים און אין אַן אַ צאָל עסייען. לייענט זײַן וווּנדערלעכן עסיי וועגן דעם פֿראַנצויזישן פֿילאָסאָף אַנרי בערגסאָן, נײַן — ניט וועגן בערגסאָנען גופֿא. נאָר וועגן דער באָבע זײַנער פּערל־מירל און וועגן דער עלטער־באָבע, די צדיקת טעמערל; לייענט וועגן ר׳ שמואל זביטקאָווער און וועגן אַלע איבעריקע פֿאַרצײַטיקע העלדן פֿון גענשע און דזשיקע; לייענט זײַן שיר־המזמור פֿאַרן ייִדיש־פּוילישן אויטאָדידאַקט, דעם פֿרײַנד זײַנעם, ר׳ חיים־יחיאל באָרנשטיין; לייענט וואָס ער האָט געשריבן וועגן ח. ז. סלאָנימסקי, דעם פֿריִערדיקן רעדאַקטאָר פֿון הצפֿירה, וועגן זײַן פֿרײַנד און קעגנער יצחק־לייבוש פּרץ; לייענט וועגן יאָסל דעם ייִשובניק און קוויקט זיך מיט די אויסגעצייכנטע פֿעליעטאָנען וועגן „אַלט־וואַרשע״. יאָ, דאָ איז דער צענטער. אָבער זײַן לאַנדשאַפֿט האָט זיך צעשפּאַרט און צעשפּרייט איבער אַלע גלות־לענדער און איבער אַ סך תקופֿות. ווי טיף ער האָט זיך דאָס דערגרונטעוועט צו דער אָפּשטאַמונג פֿון שפּאַנישע אנוסים־משפּחות און פֿאַרצײַטיקע אַמסטערדאַמער גבירים. ווער האָט נאָך אַזוי ווי ער געשילדערט דעם נוסח פֿון די פֿראַנקפֿורטער ייִדן און דעם לעבן־שטייגער פֿון די ייִדן אין ווײַטשעפּל? ווער האָט אַזוי ווי ער דערפֿאַרשט דעם גײַסט פֿון אַ ייִדישן געלערנטן אין שפּאַניע, פֿון אַ ייִדישן תלמיד־חכם אין אונגאַרן, פֿון אַ ייִדישן מאָלער אין האָלאַנד? ווער האָט נאָך אַזוי ווי ער געשילדערט די ראַטשילדס און די ראַטענאַוס? ווײַל געקענט האָט סאָקאָלאָוו זײַן פֿאָלק מיט אַלע זײַנע לעבן־שטייגערס און די פֿאַרשיידנסטע נוסחאות.

און געניי ווי ער האָט פֿאַכמעניש און גרינטלעך געקענט דאָס ייִדישע פֿאָלק, אַזוי האָט ער כּולל געווען אין זיך די גאַנצע עשירות פֿון דער העברעישער שפּראַך. אויך אין דעם פּרט געפֿינט איר בײַ אים ניט קיין חילוק צווישן „צענטער״ און „פּעריפֿעריע״. אַלע שיכטן פֿונעם לשון זענען פֿאַר אים צוטריטלעך, און אַלע זענען זיי אים גלײַך ליב און טײַער. אין די טיפֿסטע אָפּגרונטן פֿון דער שפּראַך, מיט אירע סטילן אין אַלע דורות, האָט ער אַראָפּגעטויכט און אַרויסבאַקומען די פֿאַרבאָרגנסטע און רײַכסטע וואַרטאַנטיקן, וואָס ער האָט אַרײַנגעפֿאַסט אין זײַנע שריפֿטן ווי זעלטענע אידלשטיינער און אַרײַנגעהויכט אין זיי אַ נײַ לעבן. גאַנצע אוצרות — זאָגט מען — זענען אויפֿגעהיט אין זײַן ניט־פֿאַרעפֿנטלעכטן לעקסיקאָן, וואָס צענדליקער יאָרן האָט ער געזאַמלט פֿאַר אים פֿון כּלערליי ספֿרים און ביכער. ער האָט שוין אָבער באַוויזן צו שענקען אומאָפּשאַצלעכע רײַכטימער סײַ דער ליטעראַטור־

שפּראַך, סײַ דעם גערעדטן לשון אונדזערן אין לאַנד. שווער זיך פאָרצושטעלן דעם איבערגאַנג פון אונדזער העברעיִשער ביכערשפּראַך צום לעבעדיקן מאָדערנעם לשון אַן דעם גרויסן צושטײַער, וואָס סאָקאָלאָוו האָט צו דעם בײַגעטראָגן טאָג־איין טאָג־אויס אין משך פון צענדליקער יאָרן.

מחמת זײַן ברייטן וויסן און זײַן געמיטלעכקייט, מחמת דער טיפער אײַנגעוואָרצלטקייט זײַנער און פֿײַנעם חוש פֿאַר הומאָר — זענען אַלע עקסטרעמקייטן אים געווען פרעמד. ער איז תמיד געווען טאָלעראַנט, האָט גוט פֿאַרשטאַנען מענטשלעכע שוואַכקייטן. זײַן גאַנצע גײַסטיקע עשירות, זײַן פֿאַרצווײַגטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, די חכמה פון זײַן טיפן עלטער — דאָס אַלץ האָט ער געטראָגן מילד און רויִק, געמוי ווי אַ שטילע, ברייטע אָזערע טראָגט אירע גרויסע וואַסערן שטיל און באַשיידן, אָן כוואַליעס און אָן אויפברויזן.

ווײַל נחום סאָקאָלאָוו האָט זיך ניט געיאָגט נאָך אויפברויזן און האָט ניט צופיל געהאַלטן פון די כוואַליעס וואָס פלעגן זיך צעשטורעמען אַרום אים. לגבי דער רײַכקייט פון געשיכטלעכע דורות און געאָגראַפישע שטחים ווערן בטל אַ סך צײַטווײַליקע איבערענדערונגען און אַרטיקע אויפטרייסלונגען. דערפאַר טאַקע האָט ער אין זיך פאַראייניקט געביטן, וואָס ניט יעדער איינער פון אונדזער דור איז מסוגל זיי צו פאַראייניקן.

די קללה פון גלות האָט ער שוין באַנומען אין זײַן יוגנט. זײַן בוך **שנאת עולם לעם עולם**, אין וועלכן ער האָט אַנגעוויזן אויפן אייביקן מקור פון אַנטיסעמיטיזם, האָט ער אָנגעשריבן נאָך פאַר פּינסקערס **אויטאָ־עמאַנציפּאַציע**. מיט די ערשטע חובבי־ציון איז ער אָבער ניט מיטגעגאַנגען: ס'איז אים ניט געווען צום האַרצן זייער סעקטאַנטישקייט. אויך ווען ער איז, געפאַנגען דורך הערצלען, מיטגעגאַנגען מיט דער גרויסער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, האָט ער זיך געהאַלטן אין איר פֿאַר אַן „אַלגעמיינעם", געוויזן די קונץ אַריבערצוּוואַרפן בריקן איבער די אָפּגרונטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע גופא, וואָס איר פאַנענטרעגער איז ער פֿאַרבליבן צענדליקער און צענדליקער יאָרן, ביזן סאַמע טויט.

דערמיט דערקלערט זיך, וואָס ער האָט אי אָנגעפירט מיט דער ציוניסטיש־פּאָליטישער אַרבעט, אי געטראָגן דעם יאָך פון דער קעגנוואַרט־אַרבעט, דעם קאַמף פאַר ייִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג אין די לענדער פון גלות. רעדאַקטאָר פון **הצפירה** און הערשער פון דער העברעיִשער שפּראַך, רעדאַק־

טירט ער גלײַכצײַטיק דעם ייִדישן ט ע ל ע ג ר אַ ף און שרײַבט אויף עטלעכע פּרעמדע לשונות. ווען צו אים פּלעגט זיך דערטראָגן דער אָפּקלאַנג פֿון אונדזערע שטורמישע וויכוחים, פּלעגט ער ניט איין מאָל צו אונדז אַראָפּקומען און באַרויִקן די צעהיצטע געמיטער. מיט אַ פֿאָטערלעכער פּיקחות האָט ער דאָס געטאָן. און באמת — וואָס פֿאַר אַ ווערט האָבן מיר מיט אונדזערע רײַסערייען און שפּאַלטונגען לגבי די מאַסן, מיט וועלכע ער באַנוצט זיך? ווי מילבן האָבן מיר מיט אונדזערע חילוקי־דעות בײַ אים אויסגעזען. זײַן פּיקחות און זײַן פֿאָטערלעכע באַציִונג האָבן טאַקע אונדז ניט איין מאָל אַרויסגעהאָלפֿן, ווײַל מיר האָבן געפֿילט, אַז פֿון אים רעדט אַרויס די אַלטע פֿאָלקס־חכמה.

אויף דער עלטער איז זײַן ברייטער און טיפֿער גײַסט נאָך געזעצטער געוואָרן. און געַנוי ווי ער האָט נאָך שוין זיבעציק נאָענט צו אַ בן־שמונים פּרעזידירט אויף די קאָנגרעסן, אַנטייל גענומען טאָג און נאַכט אין די זיצונגען, געפּאָרן אין ווײַטע שליחותן, געוואַנדערט קיין אַמעריקע, קאַנאַדע און דרום־אַפֿריקע, ווי ער וואָלט נאָך געווען אַ יונגערמאַן — אַזוי איז ער אויך פֿאַרבליבן ליטעראַריש פֿריש און מונטער ביזן לעצטן טאָג פֿון זײַן לעבן. זײַן טאַלאַנט איז ווי נאָך לויטערער געוואָרן און זײַן ליטעראַרישע התמדה האָט ניט געוווּסט פֿון קיין מידקייט. דער מלאך־המוות איז שוין געשטאַנען בײַ אים צוקאָפּנס און זײַן פֿעדער האָט נאָך אַלץ געסיליעט די פּערלדיקע אותיות. ביזן לעצטן טאָג פֿון זײַן לעבן האָט זיך דער לייענער זײַנער ניט אויפֿגעהערט צו קוויקן מיט די שאַפֿונגען פֿונעם באַליבטן מײַסטער.

זאָט מיט יאָרן איז סאָקאָלאָוו אַוועק פֿון דער וועלט און אויך זאָט מיט מעשׂים, ווערק און דערפֿאָרונגען. די צאָל אַרטיקלען זײַנע גייט אַוודאי אין די הויכע טויזנטער. צונויפֿגעזאַמלט געוואָרן איז אָבער נאָך גאָר ווינציק. אַחוץ זײַנע גרויסע ווערק (ל מ ר ג ן ו ר ב נ ן, נ ע ו ר י  ה נ ש ר, ב ר ו ך  ש פּ י נ ו ז ה  ו ז מ נ ו, ה א נ י  ה ק י ב ו צ י, ת ו ל ד ו ת  ח י ב ת  צ י ו ן, א י ש י ם און אַנדערע) איז די גאַנצע ירושה, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, צעזייט און צעשפּרייט איבער דער פּעריאָדישער ליטעראַטור פֿון צוויי דורות. צונויפֿזאַמלען, סאָרטירן, אויסקלײַבן און פֿאַרשפּרייטן זיי אין דער ברייטער עפֿנטלעכקייט — איז אַן ערנפֿליכט פֿון ציוניזם. און די דאָזיקע אַרבעט האָלט ערשט בײַם אָנהייב.

זײַן געשטאַלט אַלס פּרעזידענט אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן און נאָך

מער אויף די זיצונגען פֿון ציוניסטישן וועד־הפּועל האָבן מיר אַלע מאָל באַוווּנדערט. איין מאָל האָב איך אויך זוכה געווען אויסצופֿירן אַ שליחות צוזאַמען מיט אים. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ זקן, בײַם העכסטן פּונקט פֿון זײַנע לעבנס־אויפֿטוען. אַנהייב די דרײַסיקער יאָרן איז דאָס געווען. מען האָט דעמאָלט געהאַלטן בײַם אײַנקויפֿן דעם באָדן פֿון עמק־חפר, גאַראַנטירן פֿאַר דער דאָזיקער קניה פֿון קרן־קימת האָבן געדאַרפֿט די קאַנאַדער ציוניסטן. איז סאָקאָלאָוו אַרויסגעפֿאָרן צו דער קאָנפֿערענץ אין קאַנאַדע, און איך האָב באַקומען די אויפֿגאַבע אים צו באַגלייטן. אַ, מיט וויפֿל פּיקחות ער האָט דעמאָלט גערעדט צו די פּירערס פֿון די קאַנאַדער ייִדן און צו די יונגעלײַט פֿון יענער מדינה. ווי שיין זײַן ייִדיש איז געווען. ווי פֿאָטערלעך האָט געקלונגען זײַן פֿאָדערונג צו דער כּלל־ייִדישקייט פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג. ווי פֿאָלקסטימלעך איז געווען זײַן פֿאָלעמיק מיט די רעשטלעך קעגנערס, ווי פֿאַרכאַפּנדיק האָט אויסגעזען דאָס לאַנד אונדזערס אין זײַנע שילדערונגען.

פֿון וויניפּעג קיין ניו־יאָרק פֿאָרט מען אַ גאַנצע נאַכט. דעם אַלטיטשקן האָט זיך אָבער ניט געשלאָפֿן. איז ער אַרויס פֿון זײַן שלאָפֿוואַגאָן און אַרײַן צו מיר. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר בײדע געשטאַנען בײַם פֿענצטער און ער האָט נישט אויפֿגעהערט צו רעדן וועגן די קאַנאַדער ייִדן. וועגן די ערשטע עמיגראַנטן און וועגן די לעצטע; וועגן די אויסוואַנדערער פֿון רוסלאַנד און פֿון רומעניע; וועגן נוסח מאָנטרעאַל און נוסח וויניפּעג; וועגן דעם חילוק צווישן די ייִדן פֿון וויניפּעג און די פֿון טאָראַנטאָ; וועגן דער ראָלע פֿון פֿאַרבינדלערס און פּשרה־מאַכערס, וואָס עס פּירן אויס די ייִדן פֿון אָטאַוואַ; וועגן די אונטערשיידן צווישן זייערע סטילן און נוסחאות — וועגן וואָס איר ווילט הערן און געדענקען. אַזוי טיף האָט שלום־עליכם אַמאָל געקענט דעם כאַראַקטער פֿון יעדן שטעטל אין פּאָדאָליע, אַזוי פֿילט הזז דעם טעם פֿון די פֿאַרשיידענע שבטים אין ישראל אין אונדזער צײַט.

און געגנוי ווי ער האָט געוווּסט אַלע סודות און געקענט אַלע פֿאַרבאָרגענע שטריכן פֿון די קאַנאַדער ייִדן, אַזוי זענען אים געווען קלאָר אַלע פֿאַרלויפֿענישן פֿון יעדער איינציקן ישוב באַזונדער אין אַלע גלות־לענדער.

יאָ, ער איז געווען אַ מושלם אויף אַלע געביטן, נחום סאָקאָלאָוו. און מיר פֿערזענלעך איז צום טײַערסטן פֿון אַלץ געווען זײַן טיף קענען דאָס ייִדישע פֿאָלק. מחמת דווקא אין אונדזערע צײַטן, ווען די צעשפּרייטקייט און די צעשפּליטערטקייט פֿון ייִדן האַלט אין איין וואַקסן און די נשמה־וואָרצלען פֿון

יעדן יחיד אין אונדזער פֿאָלק ווערן וואָס אַ מאָל קירצער — דווקא איצט ווערט די דאָזיקע פֿאָלקסקענטשאַפֿט אַלץ ווייניקער און שוואַכער.

און דווקא פֿאַר אונדזער באַוועגונג, וואָס באַזיצט ניט קיין שום אַנדער גואל און קיין שום אַנדער אַנשפּאַר אַחוץ דאָס אַ „מ י ר" וואָס ווערט וואָס אַ מאָל מער פֿאַרטושט; דווקא איצט, ווען אונדזער גאַנצע האָפֿענונג איז אָפּהענגיק דערפֿון ווי ווײַט עס וועט אונדז געראָטן דעם דאָזיקן „מיר", מיט אַלע נשמה־אייגנשאַפֿטן וואָס זענען באַהאַלטן אין אים, צו קאָנסאָלידירן, צו באַנע־מען, צו פֿאַרפֿעסטיקן — דווקא איצט איז פֿאַר אונדז די דאָזיקע פֿאָלקס־קענטשאַפֿט אַזוי וויכטיק און אַנטשיידנדיק.

דעריבער איז אונדז אַזוי ליב אָט די זעלטענע אייגנשאַפֿט, און דעריבער איז אונדז אַזוי טייער דער אָנדענק פֿון יענעם, וואָס איז געווען מיט איר אַזוי שלימותדיק געבענטשט.

י"ב שבט תרצ"א — שבט תשט"ו

# די ביאַליק־ירושה — און אונדזער נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע *

אויף אַ יובל־פֿאַרזאַמלונג צום אָנדענק פֿון ח. נ. ביאַליק, וואָס איז פֿאַרגעקומען אין תּל־אביבער „היכל־התרבות", האָט דער שרײַבער ח. הזז געזאָגט: „ביאַליק איז פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק וואָס פּושקין איז געווען פֿאַרן רוסישן פֿאָלק, געטע פֿאַר דײַטשלאַנד און מיצקעוויטש פֿאַר פּוילן". געננוי ווי יענע גרויסע דיכטערס אין דער שאַפֿונגס־געשיכטע פֿון זייערע פֿעלקער, איז ביאַליק בײַ אונדז דאָס העכסטע קריטעריום פֿאַר יעדער פּאָעטישער פּאָטענץ און דער הויכפּונקט, צו וועלכן עס האָבן געשטרעבט די בעסטע שפּעטערדיקע שעפֿערס. ביאַליקס פּאָעזיע האָט זיך אַנטפּלעקט אין אַ זייער שטורמישן מאָמענט, ווען דאָס פֿאָלק איז געשטאַנען אויף אַ שיידוועג. דער באַזונדערער היסטאָרישער צוזאַמענטרעף — וואָס איז ווײַט ניט צופֿעליק — צווישן דעם אויפֿשטײַג פֿון די רעוואָלוציאָנערע כּוחות אינעם פֿאָלק, און דעם פֿרילינג־אויפֿבלי פֿון דער פּאָעזיע — איז געווען אַ קוואַל פֿון ברכה פֿאַרביידע צוזאַמען. פֿון דעם קוואַל האָט די ליטעראַטור אין אונדזערע דורות געשעפּט איר וויטאַלישקייט; פֿון אים האָט אַרויסגעשפּרודלט די קראַפֿט פֿון אונדזערע דורות אין דער נײַער געשיכטע.

ביאַליק געמאַכט פֿון דער ליטעראַטור אַ רעוואָלוציאָנערן פֿאַקטאָר

מיט צוויי זאַכן האָט ביאַליקס שאַפֿונג בײַגעטראָגן צום נאַציאָנאַלן רענעסאַנס: דערמיט, וואָס זי האָט געמאַכט פֿון דער ליטעראַטור אַ קאָלאָסאַלן פֿאַקטאָר אין דער ממשותדיקער רעוואָלוציע, וועלכע איז אין זײַן צײַט

* פֿון אַ רעפֿעראַט פֿאַר דעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין שטאָקהאָלם, צום דרייסיקסטן יאָרצײַט פֿון ח. נ. ביאַליק.

פאַרגעקומען אינעם פאָלק און דערמיט וואָס ביאַליק האָט אויפגעהויבן די לי־טעראַרישע גאַנצקייט צו דער מדרגה פון אַ לעגיטימער רעפּרעזענטאַנץ פון אונדזער נאַציאָנאַלער שאַפונג אין אַלע דורות.

איידער ביאַליק איז אַרויף אויף דער אַרענע איז געווען אָנגענומען און ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ביי אַלע זיינע פיינפולע ראַנגלענישן איז דער נייער העברעיִשער שרייבער איינזאַם. די, וואָס האָבן געקירעוועט מיטן גורל פון פאָלק, זענען ניט באַאיינפלוסט געוואָרן פון די שרייבערס און זייער שאַפונג. די יִדישע געשיכטע האָט ניט געפּסקנט אירע הלכות לויט די פאָדערונגען פונעם שרייבער, לויט זיין קריטיק און מוסר־זאָגן. זי איז זיך געגאַנגען איר וועג, און דער שרייבער — זיין וועג.

אָבער וואָס פאַראַ גרויסע ענדערונג איז אַריינגעטראָטן אינעם גורל פונעם העברעיִשן ליד זינט ביאַליקס וואָרט האָט זיך געלאָזט הערן. אויב מען וועט, למשל, פּרווון אָפּשאַצן די גרויסע ענדערונג אין דער נשמה פונעם דור צווישן דעם קישעניעווער פּאָגראָם (פרילינג 1903) און דעם האָמעלער פּאָ־גראָם (האַרבסט 1903), ווען יִדישע בחורים האָבן זיך פאַרטיידיקט און געפאַ־לן ווי העלדן אין קאַמף, וועט מען גלייך באַמערקן די סיבה פון דער ענדע־רונג צווישן די ביידע פּורענויותן — אין יענעם יאָר איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן ביאַליקס שטאַרק וואָרט, וואָס האָט געענדערט די היסטאָרישע באַדייטונג פון די ביידע פּאָגראָמען. אמת, היינט, נאָך אַלע טייכן בלוט, וואָס איז פאַר־גאָסן געוואָרן אין יִדישע קהילות, איז שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי האָבן די פּערציק דערמאָרדעטע אין קישעניעווער פּאָגראָם געקענט אויפטרייסלען די נשמה פונעם פאָלק. וואָס זענען 40 קדושים כּלפּי טויזנטער אומגעקומענע דורך פּעטליוראָ און מיליאָנען אומגעבראַכטע דורך היטלערן ? ! דער קישענ־יעווער אומגליק האָט אָבער זוכה געווען צו אַ שטאַרקן ליטעראַרישן אויסדרוק מצד אונדזער גרעסטן נאַציאָנאַלן דיכטער, און דעריבער אין זיין רעזאָנאַנס געווען אַזוי שטאַרק. דורך ביאַליקס לידער איז דער ווייטאָק „סובלימירט" און אויפגעהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ פּאָן וואָס אַלאַרמירט. דער סם המוות, וואָס דער שׂטן פון גלות האָט אונדז געבראַכט, איז אין ביאַליקס פּאָעטישער לאַבאָראַטאָריע געוואָרן אַ סם חיים און אונדז דיקטירט די ענדע־רונג פון גורל.

און פּונקט ווי פון קישעניעוו ביז אוישוויץ פירט איין ליניע אָנגעזאַפּט מיט שׂנאה צו יִדן — אַזוי פירט איין אויפשטייגנדיקער וועג פון אויפקום פון

די פֿאַרטיידיקערס אין האַמעל ביז צו די קעמפֿערס אין תּל־חי, די אויפֿשטענד־לערס אין די געטאָס און ביז צו די העלדן פֿון צה״ל. ביאַליקס צאָרן־לידער בילדן די ליטעראַרישע אַקס, וואָס פֿאַראייניקט דיביידע און די נאַציאָנאַלע דיכטונג פֿאַר יענעם דור און פֿאַר אַלע דורות.

ווען איינער וואָס איז געקומען מיט דער צווייטער עלייה וועט אַ זוך טאָן אין זײַן זכּרון, וואָס האָט ער מיט זיך מיטגענומען ווען ער האָט אין זײַן פֿרײַעסטער יוגנט פֿאַרלאָזט די שטוב פֿון טאַטע־מאַמע און זיך אָוועקגעלאָזט צו דער וויסטעניש פֿון ארץ־ישׂראל, כּדי זי צו באַלעבן מיט זײַן שווייס און אויפֿבויען ווי אַן אייביקן מקום מקלט פֿאַר זײַן פֿאָלק — וועט ער דאָרט גע־פֿינען ביאַליקס „משׂא נעמיראָוו״, „דאָס לעצטע וואָרט״ און אויך „תּחזקנה״. די לידער האָבן אים באַגלייט אין זײַן וועג מערער ווי דאָס אידעאָלאָגישע פּראָגראַם.

## איבערנעמער און איבערגעבער

פּונקט ווי די פּאָעזיע פֿון ביאַליקן און זײַנע קאָלעגן האָט אַרויסגענומען אונדזער ליטעראַטור פֿון איר איינזאַמקייט און אַרײַנגעגאָסן אין איר די מוס־קולן־קראַפֿט פֿון די, וואָס האָבן געענדערט דעם גאַנג פֿון דער עפּאָכע — אַזוי האָט זיך אויך אָפּגעראַטעוועט די ליטעראַטור פֿון דער דראָענדיקער פּראָ־וויזאָרישקייט. דער גאַנצער מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור האָט נאָך דעמאָלט געדראָט די געפֿאַר זי זאָל, חלילה, ניט ווערן אַן עפּיזאָד אין דער געשיכטע פֿונעם פֿאָלק.

ס׳איז דאָך ניט קיין צופֿאַל, וואָס אונדזער וועלטלעכע בעלעטריסטיק האָט זיך אָנגעהויבן צו באַווײַזן אין שפּאַניע — און פֿאַרזונקען; האָט אויפֿ־געשפּראָצט אין איטאַליע — און איז פֿאַרשוווּנדן. צי האָט זי אויך דאָס מאָל ניט געקענט ווערן בלויז אַ פֿאַרגייענדיקע דערשײַנונג? צי האָט זי, צוליב איר שאַרפֿער קריטיק, ביטערער סאַטירע, ניט אַנטהאַלטן די קערנדלעך פֿון אַ געפֿאַר, ניט איינצוגלידערן זיך אין דער אייביקייטס־שאַפֿונג פֿונעם פֿאָלק? צי איז אויך איר, חלילה, ניט נגזר געוואָרן צו בלײַבן אַ מעטעאָר־דערשײַנונג אינעם אָנדענק פֿון פֿאָלק?

ביז ס׳איז געקומען חיים נחמן ביאַליק און האָט מיט אַ מעכטיקן שווּנג איבערגעאַנדערשט דעם גאַנצן חשבון פֿון דער ליטעראַטור מיט דעם הײַנטיקן

דור און מיט די פריערדיקע דורות, פאַרטריבן די איר געדראָטע געפאַר און באַשטימט פאַר איר אַן אַנדערן גורל. ער האָט ראַדיקאַל געענדערט די באַ־ציונג פון די שאַפערס פון דער נייער ליטעראַטור צו די פאַרגאַנגענהייטס־אוצרות פונעם פאָלק. מיט אַ מאָל האָט זיך אָנגעהויבן צו צעפאַלן די וואַנט, וועלכע די אָבות פון דער ליטעראַטור האָבן זיך באַמיט אויפצובויען, כּדי זי אָפּצוגרענעצן פון די אַלע פריערדיקע גייסט־תקופות. זיי האָבן געוואָלט, אַז זייער ליטעראַטור זאָל פאַרענדיקן דעם עבר און אָנהויבן אַ נייע עפּאָכע — איז געקומען ביאַליק און געהייסן דער ליטעראַטור צו זיין דער יורש פון דער פאַרגאַנגענהייט און איבערגעבן די ירושה צו די קומענדיקע דורות.

אין זיינע מינדלעכע שמועסן אין תּל־אביב, וועלכע זענען געווען אַ פּערמאַנענטער המשך פון ביאַליקס שאַפונגען ביים שרייבטיש, פלעגט ער דרשנען: „משה קבל תורה מסיני ומסרה לזקנים, וזקנים לנביאים ונביאים לאנשי כנסת הגדולה, והם היו אומרים שלושה דברים". צי האָבן זיי בלויז איבערגענומען? צי האָבן אַלע לייט פון דער כנסת הגדולה „געזאָגט" בלויז דריי זאַכן? און די מסקנה איז געווען: אַ דור שאַפט ניט, סיידן ער נעמט פריער איבער. ווען מען נעמט ניט איבער מיטן גאַנצן ברען פון דער נשמה, קען מען ניט איבערגעבן דעם קומענדיקן דור. אָן אַן אמתער איבערגעבונג, וועלכע זאָל קענען אָנגענומען ווערן דורך דעם קומענדיקן דור, האָט קיין ווערט ניט דאָס איבערנעמען פון די פאַרגייערס. אויב ס'איז דאָ אַן אמתע אי־בערנעמונג און אַן אמתע איבערגעבונג, מוז אויך זיין אַן אייגענער צוגאָב. אַ דאַנק ביאַליקס שעפערישער פערזענלעכקייט האָט די נייע העברעיִשע ליטעראַטור אָנגעהויבן צו זיין אַן "איבערנעמערין" און אַן "איבערגעבערין". אַ נייער גייסט האָט אָנגעהויבן צו הערשן אין דעם ביסל, וואָס זי גופא „האָט געזאָגט".

וואָס איז געווען ווייטער פון האַרצן פון אונדזערע השכּלה־טרעגער ווי די אגדה אין תּלמוד און אין די מדרשים? פאַר די למדנים פון וואָלאָזשין איז געווען אַ שאָד די צייט זיך צו פאַרנעמען מיט אגדתא. די שאַפערס פון דער ראַציאָנאַליסטישער ליטעראַטור אין דער גאַנצער פאַר ביאַליק־תקופה האָבן אין דער אגדה געזען פאַנטאַסטישע גוזמאות און נאַרישקייטן. צי לאָזט זיך אָפּשאַצן די ענדערונג ביי די ייִדישע לייענערס און אינעם דערציִונגס־וועזן זינט ביאַליק האָט געזאַמלט, געאָרדנט און פון דאָס ניי באַלויכטן די אַלע פאָלקס־אוצרות אין זיין „ספר האגדה"? דער ספר האָט איבערגעשטיגן

דעם טיראַזש פֿון יעדן אַנדערן בוך אין אונדזער גאַנצער נײַער ליטעראַטור.
אין דור נאָכן צווייטן דערנערט זיך פֿון אים.

נאָך מער רעוואָלוציאָנער איז געווען זײַן באַציִונג צו דער הלכה און משנה. די געענדערטע באַציִונג איז פֿײַערלעך פּראָקלאַמירט געוואָרן אין זײַן עסיי „הלכה ואגדה". זײַן פּירוש צום משניות האָט ער אָנגעהויבן און ניט זוכה געווען צו ענדיקן. אַ דאַנק אָט די שאַפֿונגען איז די ליטעראַטור פֿון יענעם דור צוריק באַהעפֿט געוואָרן מיט די פֿריִערדיקע דורות — אין דער זעלבער צײַט, ווען דער דור האָט געפֿונען דעם וועג, ווי אַזוי צו זיכערן די צוקונפֿט פֿון די קומענדיקע דורות.

דאָס, וואָס ביאַליק האָט אָנגעהויבן מיט אַ שווונג פֿון אַ ווונדער־דיכטער, האָבן זײַנע תּלמידים און תּלמידימס תּלמידים פֿאָרגעזעצט אַ דאַנק זײַן כּוח, יעדער אײנער לויט זײַן מעגלעכקייט, ווײַל דער פֿאַרשלאָסענער טויער איז אויפֿגעפּראַלט געוואָרן. צוזאַמען מיטן געענדערטן חשבון פֿון דער ליטעראַטור האָט זיך אויך געענדערט איר גורל.

## ביאַליקס וואָרט באַזיגט די צעשפּרייטקייט און צעשפּליטערונג

אייגנטלעך, איז אַדעס, ביאַליקס ווינשטאָט, ניט געווען דער צענטער פֿו־נעם גלות. די העברעיִשע שפּראַך, אין וועלכער ביאַליק האָט געזונגען, איז ניט געווען די גערעדטע שפּראַך פֿון די ייִדן אין גלות. די שבטים־צעשפּלי־טערונג האָט שוין אויך אין יענע יאָרן צעפּרעסן דאָס פֿאָלק. דאָס פֿאָלק איז געווען צעזייט און צעשפּרייט צווישן צענדליקער פֿעלקער, גערעדט אויף אַ טוץ שפּראַכן און בלויז אַ קליינע מינדערהייט האָט געקענט העברעיִש.

אָבער ס'איז געפֿאַלן ביאַליקס וואָרט — און זײַן אָפּקלאַנג האָט זיך געלאָזט הערן איבער אַלע גלותן גלײַכצײַטיק און אין אַלע אומגאַנגס־שפּראַכן פֿונעם צעוואָרפֿענעם גלות. זײַנע פֿאַרערערס האָבן אים איבערגע־זעצט אין אַלע שפּראַכן און צעטראָגן אין אַלע ווינקלען פֿון דער וועלט. ביאַליקס שטאַרקער טאַלאַנט האָט ניט גובר געווען דעם אָפּגרונט צווישן דער ליטעראַטור און דעם לעבן, נאָר אויך באַזיגט די קללה פֿון צעוואָרפֿנקייט און צעשפּליטערונג, וואָס שייך שפּראַך און געאָגראַפֿיע. טראָץ דער פֿיל־שפּראַכיקייט פֿונעם צעריסענעם פֿאָלק, טראָץ דעם מישמאַש פֿון סטיל און נוסח, האָט חיים נחמן ביאַליק פֿאַראייניקט די פֿאָלקס־שפּליטערן אין איין

גײַסטיקע אודיטאָריע, צווישן וועלכער עס גייט אַרום זײַן וואָרנענדיקע, טרייסטנדיקע און מאָנענדיקע שטימע, וואָס באַלעבט דאָס פֿאָלק און דער־הויבט אים.

און אין ליכט פֿונעם דאָזיקן „אויסגעשטערנטן" הימל פֿון אויבן האָט דער דור אויפֿגעברויזט, כּדי דורכצופֿירן זײַן רעוואָלוציע אויף דער ערד אונטן. דער ליטעראַרישער „רענעסאַנס" וואָלט ניט געקענט געבן פֿרוכט ווען אינ־צווישן וואָלט ניט פֿאָרגעקומען די היסטאָרישע לעבנס־ענדערונג און ווען עס וואָלטן ניט אויפֿגעקומען עלטערן און קינדער, לייענערס און שעפֿערס, פֿאַר וועלכע די ליטעראַטור איז זייער גאַנץ גײַסטיק לעבן.

ווי אַ צווילינג איז געקומען די נאַציאָנאַלע אויפֿלעבונג און די ליטעראַ־רישע אויפֿלעבונג צוזאַמען — ביז די קאַטאַסטראָפֿע האָט צוזאַמען מיט דעם גרויסן חורבן פֿונאַנדערגעטיילט דיביידע. אין די נײַ אַנטשטאַנענע גלותן, וואָס זענען אויפֿגעקומען אויף די חורבות פֿון די רואינירטע צענטערס, פֿעלט דער עיקר: דאָס בוך.

די ליטעראַטור־ברכה — אויך הײַנט לעבנס־נויטווענדיק

דאָס זיך אויפֿבויענדיקע היימלאַנד האָט צוגעצויגן די גרויסע מערהייט פֿון די שרײַבערס, אָבער מיט זיי איז ניט מיטגעקומען דער עולם לייענערס. די ווייניקע אָפּגעראַטעוועטע, וואָס זענען אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין נײַע גלותן, האָבן פֿאַרלוירן זייער קשר מיט דער לעבעדיקער ליטעראַטור. ווי זייערע ייִדישע פֿאָרגייערס אין די נײַע לענדער, האָבן זיי אויך אָנגעהויבן זיך צוגעוווינען צום אַרומיקן לעבן, און די ליטעראַטור פֿון זייער פֿאָלק, אין העברעיִש און ביסלעכווײַז אויך אין ייִדיש, גייט סיסטעמאַטיש אונטער.

דאָ און דאָרט שאַפֿן נאָך איינצלנע שרײַבערס, דיכטערס און זשורנאַליס־טן. די רעשטלעך עקשנים פֿון דער ליטעראַטור ראַנגלען זיך נאָך ווי ריטערס, יעדער איינער לויט זײַן מעגלעכקייט, שפּראַך און נשמה־וואָרצל, אָבער דער רעזאָנאַנס ווערט שטאַרק אײַנגעשרענקט און דער אָפּקלאַנג האַלט בײַ פֿאַרגיין.

ווו איז הײַנט דאָ אין די גלותן אַ שרײַבער וואָס זאָל זינגען אין איין וויג־קל און דער גאַנצער גלות זאָל זיך צו אים צוהערן און אויפֿגעברויזט ווערן פֿון זײַן וואָרט? ווי אַזוי וועט דאָס גלות־פֿאָלק ווײַטער מיטמאַכן די רעוואָ־

לוציע פֿון זײַן פֿאָלק, אין זײַן היים און קהילה, אויב עס איז פֿון אים אַוועקגענומען געוואָרן די ברכה פֿון זײַן ליטעראַרישן הימל ? צי האָט דער שטורעם פֿון דער פֿאָלקס־רעוואָלוציע זיך שוין איינגעשטעלט ? צי האָבן די דערגרייכונגען פֿון דער רעוואָלוציע שוין באַפֿרידיקט אַלע באַגערן פֿון פֿאָלק און ער דאַרף זי מער שוין ניט האָבן ?

און זאָל מען אונדז ניט טרייסטן דערמיט, וואָס אין דער גאַנצער וועלט איז פֿאַרבײַ „דער גלאַנץ פֿון דער ליטעראַטור" און אַז די וועלט לעבט הײַנט ניט מיט דעם געדרוקטן וואָרט. עס איז ניט אַזוי! דווקא אין דעם דור ווען אַלע באַקומען בילדונג און ווען די פּרעסע ווערט געליייענט דורך אַ סך מיליאָנען און די „בעסטסעלערס" ווערן פֿאַרשפּרייט אין אַסטראָנאָמישע ציפֿערן — לאָמיר זיך ניט אײַלן גרינגשעצן די באַדײַטונג פֿון ליטעראַטור פֿאַר דער געשטאַלטיקונג פֿון אַ פֿאָלק.

וואָלטן מיר אַפֿילו אָנגענומען, אַז עס איז דאָ אמת אינעם דאָזיקן „באַרואיקנדיקן" זאָג, צי איז עס פֿאַר אונדז אַ טרייסט ? אַלע אַנדערע פֿעלקער פֿירן אַ זעלבסטשטענדיק לעבן אויפֿן אייגענעם באָדן, אַפֿילו ווען די ליטעראַטורשטערנס וועלן זיי ניט באַלײַכטן פֿון אויבן. אָבער פֿינף און אַכציק פּראָצענט פֿון אונדזער פֿאָלק זענען נאָך צעוואָרפֿן און באַזונדערס אין די גלותן איז ניט געבליבן קיין מער זעלבסטשטענדיקע ירושה ווי דער דאָזיקער „אויסגעשטערנטער הימל". און אויב עס איז, חלילה, נגזר געוואָרן, אַז אויך ער וועט אויפֿהערן צו שײַנען — ווי אַזוי וועט אַ ייִדישער מענטש אין גלות געפֿינען דעם וועג צו זײַן אייגענעם האַרצן ? ווי אַזוי וועלן ייִדן געפֿינען זייער וועג איינער צום צווייטן, עלטערן צו קינדער און קינדער צו עלטערן, און אַלע צוזאַמען צו דער ירושה פֿון זייער פֿאָלק און צו זייער באַשטימטן לאַנד ?

# בוקי בן יגלי

אין דער פעטערבורגער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט, וואָס ער איז געווען צווישן אירע פֿירערס, אינעם קריסטלעכן שפּיטאָל, ווו ער איז געווען דער שעף־דאָקטער, אין דער רעדאַקציע פֿון דער ייִדיש־רוסישער ענציקלאָפעדיע, וואָס ער איז געווען איר הויפט־רעדאַקטאָר, אין דער אַקאַדעמיע פֿאַר ייִדישער וויסנשאַפֿט, ווו ער איז געווען אַ שטענדיקער לעקטאָר און נאָכן טויט פֿון איר גרינדער — דער באַראָן דוד גינצבורג — אויך איר רעקטאָר; און אַפֿילו אין דער אגודת חובבי שׂפֿת עבר, ווו ער איז געווען פרעזידענט — האָבן אים אַלע גערופֿן: ד״ר לעוו סערגעייעוויטש קאַצענעלסאָן. מיר, אָבער זײַנע תּלמידים, פֿלעגן אים אין אונדזער האַרץ רופֿן, אַזוי ווי מיר האָבן אים ליב געהאַט צו רופֿן, פֿון די צײַטן פֿון זײַן „שירת הזמיר״ — בוקי בן יגלי.

אַ פֿאַרצײַטיקע שיינקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף דעם דאָזיקן ניט געוויינטלעכן נאָמען אין מיטן פֿון דער אַרומיקער פֿרעמדער און זיך־פֿאַר־פֿרעמדנדיקער אַטמאָספֿער. עפּעס שטיפֿערישעס, קונדסדיקעס, עפּעס וואָס איז אויך דערהויבן אייגנס, אָבער קעגנזעצלעך צו דער גאַנצער אַרומיקער רעאַליטעט און איז צומאָל חומשדיק־קינדעריש און היימיש.

אַ גרײַז־גראָע לייבן־טשופּרינע אויפֿן קאָפּ און אַ יוגנטלעכע פֿרייד שײַנט אַרויס פֿון די אויגן. אַ הויכע שעוועליור ווײַס ווי שניי און דיקע ווײַסע וואָנסן פֿאַרהילן אַ פֿרײַנדלעכן שמייכל. און פֿונקען פֿון דיכטערישן טאַלאַנט בליצן דורך די וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשונגען און דערקוויקן אונדז. אַזוי האָט בוקי בן יגלי זיך באַוויזן צו אונדז בײַם אַרײַנגיין אין לעקציע־זאַל אין פעטערבורג צו דאָצירן פֿאַר אונדז וועגן דער „געשיכטע פֿון דער הלכה בײַ ייִדן״; דער ניכטערער היימישער שׂכל וואָס האָט באַלויכטן זײַן אָפּן פּנים און די פֿאָטערלעכע פֿרײַנדשאַפֿטלעכקייט מיט וועלכער ער האָט אונ־

טערריכט זײַנע צוהערערס און דיסקוטירט מיט זײַנע אָפּאָנענטן, האָבן צו־געגעבן זײַן געשטאַלט נאָך מער וואַרעמקייט און אַכטונג.

ער איז שוין געווען פּטור צו פירן דעם קאַמף פאַר דער „פאַראייניקונג פון דער תורה מיט דער השׂכּלה". דאָס האָבן געטאָן זײַנע לערערס פאַר אים; און ער האָט נאָך ניט פּרובירט אויסצוגיסן זײַן גאַנץ שאַפן אין אַ העב־רעיִשער פאָרעם — דאָס וועלן זיך פאַרמעסטן צו טאָן זײַנע תּלמידים און זײַנע נאָכקומערס — ער איז נאָך געשטאַנען אין מיטן. דאָס וואָס זײַנע פאַרגייערס האָבן זיך באַמיט צו באַווײַזן און האָבן זיך געוואָרפן אויף דעם, געשטורעמט עס מיט האַק־און־אײַזן, האָט ער צוזאַמענגעשמאָלצן געלאַסן און רויִק, ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט; און צו דעם, וואָס זײַנע חברים האָבן געשטרעבט צו דערגרייכן, האָט ער געפלאָסטערט דעם וועג מיט דער רײַכקייט פון זײַן זאַפטיקער שפּראַך און מיטן חן פון זײַן העברעיִשער דיכטונג. ער איז געווען אַ זייער געבילדעטער רוסישער דאָקטער; האָט געגאָלטן אַלס איינער פון די בעסטע דאָקטוירים אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט, אַ געניטער און געטרײַער תּלמיד פון ווירכאָוו, דעם מעדיציניִשן וועלט־גאון. און דערבײַ איז ער געווען ווי אַ פאַרצײַטיקער תּלמיד־חכם, אַ מובהק, אַ שאַרפער תּלמודיסט און איז געווען דערצו אַ העברעיִשער סטי־ליסט, גלײַך ווי די שפּראַך וואָלט געווען שוין פון לאַנג אַ לעבעדיקע און אַ גערעדטע אין זײַן אַרום; און אין זײַן רויִקן וועזן האָט ער ניט געפונען קיין שום סתּירה צווישן אָט די אַלע ווערטן; אין קעגנטייל. ער האָט ניט ליב געהאַט די שאַרפמאַכערס וואָס פאַרטיפן די סתּירה, פון וואָס פאַר אַ זײַט ס'זאָל ניט זײַן.

די וואָס פאַרפרעמדן זיך באַוווסטזיניק, די וואָס פאַרלייקענען זייער אָפּשטאַם און האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער האָפענונג פון זייער פאָלק, זוכנדיק דורך דעם צו אײַנקויפן זיך אין ליבע בײַם הערשנדיקן פאָלק — זיי פלעגט ער קאַטעווען מיט בײַסנדיקע ריטער. עדות זאָגן וועגן דעם די אַר־טיקלען וואָס ער האָט געשריבן ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער דאָקטער בעת דער פלעוונער מלחמה און די פעליעטאָנען וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער צײַטונג „היום" בײַ זײַן פרײַנד קאַנטאָר. ער איז געווען צווישן די ערשטע קעמפערס פונעם נאַציאָנאַלן דערוואַכן צווישן דער יִדישער אינ־טעליגענץ קעגן דער רוסישער אַסימילאַציע, נאָך לאַנג איידער עס איז אַנט־שטאַנען דער פּאָליטישער ציוניזם; און ער פלעגט אויך ביטער אָפּפרעגן די

שרײַבערישע משׂכּילים וואָס האָבן האָלד געהאַט צו מאָלן די פּאַרצײַטיקע גדולי־ישׂראל ווי פּינצטערלינגען, פּאַנאַטיקערס וואָס זענען פּאַרקאָכט אין אָבערגלויבנס. פֿאַר אים זענען געווען גאַלעניוס דער דאָקטער און שמואל ירחינאַי, דער אמוראַי, לײַבלעכע ברידער וואָס זוכן ביידע צו דערגיין צו איינעם און דעם זעלבן ציל. און ביידע צוגלײַך באַהערשן זיי די וויסנשאַפֿט פֿון זייער דור. און זינט זײַן העפֿט וועגן „רמ״ח אברים״ האָט ער ניט אויפֿ־געהערט אויפֿצודעקן פֿאַרבאַרגענישן אינעם אַנאַטאָמישן וויסן פֿון די חכמי התלמוד. מיט אַ באַזונדערן פֿאַרגעניגן פֿלעגט ער פֿאַר אונדז לייענען די פּרקים אין מסכתא „חולין״. אויף די צוויי סקעלעטן פֿון אַ מענטשן און אַ בעל־חי, וואָס זענען גריילעך פֿאַר אונדז געשטאַנען, פֿלעגט ער, בעת־מעשׂה, אָנווײַזן און באַטאָנען יעדן מוסקול און יעדן ביין, ווי עס האָבן עס באַצייכנט די חכמים אין צײַט פֿון תּלמוד און ווי עס באַצייכענען עס די מעדיצינער אין אונדזער דור. מיט פֿיל חריפֿות האָט ער עקספּאָנירט זײַנע פֿאַרטראַגן וועגן „ג׳ לוגין מים שאובין פוסלים את המקוה״ (דרײַ מאָסן אָנגעשעפּט וואַסער פּסלען די מקווה), מיט אַ טיפֿן הסבר וועגן די באַגריפֿן „מים״ און „טבילה״ און וועגן דער צאָל דרײַ בײַ די פּערסן, און וועגן דעם קאַמף פֿון די חכמי־התלמוד קעגן די שטאַנדפּונקטן פֿון דעם זאַראַ־אַסטראַ־מיטאָס און וועגן דעם ענין פֿון „לוג״ און „מים שאובין״ און וועגן אַלע פּרקים פֿון טומאה און טהרה בײַ ייִדן, וואָס פֿון איין זײַט אַנטהאַלטן זיי פּרקים פֿון פֿאָלקס־היגיענע און פֿון דער צווייטער זײַט זענען זיי אויסן אָפּצוגרענעצן זיך פֿון די פּערסישע באַגריפֿן פֿון זענד־אַוועסט; און ער פֿלעגט זיך אַרײַנלאָזן אין די פּרטי־פּרטים פֿון די הלכות וועגן ריטועלער ריינלעכקייט, סײַ אין פּרס און סײַ בײַ ייִדן און אין די דינים פֿון טריפֿות אין תּורה און אין תּלמוד און די סימנים פֿון הויט־קראַנקײַטן אין דער מעדיצין פֿון זייער צײַט און פֿון אונדזער צײַט, אאַז״וו.

אונדזער לערער, שמעון דובנאָוו, דער העפֿלעכער, קאָלעגיאַלער און זייער סיסטעמאַטישער היסטאָריקער, האָט שוין ניט איין מאָל זיך באַקלאָגט בײַ דער פּעדאַגאָגישער זיצונג פֿון די לערערס פֿון דער אַקאַדעמיע, אַז „לעוו סערגעיעוויטש „פֿאַרטרפֿעט״ זײַן גאַנצן קורס פֿון געשיכטע פֿון תּלמוד און ווײַטער פֿון די געזעצן פֿון טומאה „גייט ער ניט״. לעוו סערגעיעוויטש האָט זיך גוטמוטיק פֿונאַנדערגעשמייכלט. ער האָט צוגעזאָגט פֿאַרצוטראָגן סיסטעמאַטיש וועגן דער גאַנצער געשיכטע פֿון דער תּלמודישער ליטעראַטור

ווי עס ווערט פֿאַרזיכערט אינעם פּראָגראַם. איז צוריקגעקומען צום אודיטאָריום און האָט ווידער רעפֿערירט וועגן... דער „צרעת" אין תּורה און וועגן דער לעפּראַ אין דער מעדיצין און וועגן דעם גאַנצן ענין פֿון „שאת, ספּחת ובהרת" און וועגן דעם סימפּטאָם פֿון „מראה שפל מן העור", "והיא כהה", „ואם תחתיה תעמוד", „ומראה עמוק מן העור" — אָן אַן ענדע.

און אַז לעוו סערגעיעוויטש האָט נאָכגעגעבן דעם פּעדאַגאָגן־באַשלוס און פֿלעגט רעדן וועגן די צדוקים און די פּרושים און וועגן דעם שטרײַט צווישן די פֿאַרצײַטיקע תּלמודישע פּאַרטייען, האָט ער אין מיר געשאַפֿן דאָס געפֿיל ווי ער וואָלט גערעדט וועגן דעם קאַמף פֿון מאָדערנע פּאַרטייען אין אונדזער צײַט. ער פֿלעגט רעדן מיט התלהבות, מיט שטורעם, ווי אַ פֿאַראינטערעסירטער צד, ווי אַ גרויסער אַפּאָלאָגעט פֿון די פּרושים, מיט גוואַלטיקער בקיאות אין די פּרטים, וואָס געפֿינען זיך אין ש"ס און וואָס זענען פֿאַראַן בײַ פֿלאַוויוסן, מיטן צוגאָב פֿון אַ דיכטערישער פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט; ניט פֿיל זענען געווען די מקורות מיט וועלכע ער פֿלעגט זיך קענען באַנוצן, אָבער יעדער פֿאַרוואָרפֿענע ברייתא וואָס ער האָט ציטירט, האָט געשטראָמט מיט לעבעדיקייט און אינטערעסאַנטקייט. ער האָט אַרײַנגעבלאָזן אַן אָטעם אין דער פּערזענלעכקייט פֿון די תּנאים און אמוראים וועלכע מיר האָבן געקענט בלויז לויט זייערע נעמען, און אַ שפּרודלדיקן גײַסט האָבן באַקומען די הלכות וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט זיי. זיי פֿלעגן פּלוצעם אויפֿקומען פֿאַר אונדז ווי לעבעדיקע גבורים, זיי און זייערע פּלוגתות, זייערע תּלמידים און זייערע אָפּאָנענטן. די גריבלער־לומדים וואָס צווישן אונדז פֿלעגן אָפּט געפֿינען וואָס אָפּצופֿרעגן. אָבער אויך זיי פֿלעגן זייערע קשיות געפֿינען ערשט אויף מאָרגן נאָך דעם פֿאָרטראָג; בעת דער לעקציע אָבער זענען אויך זיי געזעסן באַצויבערטע און אָנגענומען זײַנע באַהויפּטונגען אָן קיין שום איינווענדונג.

איין מאָל איז לעוו סערגעיעוויטש אַרײַן אינעם לעקציעס־זאַל. אַ צעזונגענער, אַ שײַנענדיקער און מיט דער התנצלות פֿון אַ גליקלעך קינד, האָט ער געבעטן אַ דערלויבעניש דאָס מאָל ניט צו האַלטן קיין וויסנשאַפֿטלעכן פֿאָרטראָג אין רוסיש — ווי זײַן שטייגער איז געווען — נײַערט פֿאָרלייענען פֿאַר אונדז אַ היסטאָרישע דערציילונג, וואָס ער האָט איצט ערשט אָנגעשריבן אין עברית. ער האָט אַרויסגענומען אַ גרינעם שילער־העפֿט, פֿאַרשריבן מיט געציקלטע העברעיִשע אותיות און האָט פֿאַר אונדז פֿאָר־

געלייענט אין אַ געשליפֿענעם העברעיִש און מיט שפּאַנענדן דראַמאַטישן כוח, אַ דערציילונג פֿונעם לעבן פֿון רבי עקיבא און זײַנע חברים. דאָס איז די דערציילונג וואָס איז דערנאָך פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אינעם פֿערטליעריקן „הזמן" און דער שלוס אינעם „השילוח" אונטערן נאָמען „מערפלי ימי קדם" (פֿון די גנעפלדיקע טעג פֿון פֿאַרצײַטנס) און עס האָט מיר אויסגעזען גלײַך ווי פֿאַר אונדזערע אויגן איז אין גאַנצן אַוועקגענומען געוואָרן יעדע מחיצה צווישן וויסנשאַפֿט און דיכטונג, וואָס האָט טאַקע, בעצם, פֿאַר אים קיין מאָל ניט געהאַט קיין ממשותדיקע האַפֿט.

און ס'איז גלײַך ווי בטל געוואָרן די גאַנצע גרויסע דיסטאַנץ, וואָס האָט זיך תמיד געשפּרייט צווישן ד"ר לעוו סערגעיעוויטש און בוקי בן יגלי.

און נאָך אַ מאָל געדענקט זיך מיר זײַן געשטאַלט אינעם לעקציעס־זאַל — אַ צעזונגענע, אַ שײַנענדיקע. עס איז געווען אין אָנהייב פֿונעם לערן־סעזאָן פֿון יאָר תרע"א (1910), ווען ער איז אָקערשט צוריקגעקומען פֿון זײַן ערשטער און איינציקער רײַזע קיין ארץ־ישראל. ער איז געווען אין ארץ־ישראל בלויז געציילטע וואָכן, און עס איז געווען יום־טוב־צייט און ער האָט ניט באַוויזן קיין סך צו זען. אָבער וואָס ער האָט יאָ געזען איז גענוג געווען צו שפּײַזן זײַן פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט. און בײַ זײַן צוריקקומען האָט ער בשום אופֿן ניט געקענט אָנהייבן זיין היסטאָריע־פֿאַרטראַג, ניט דער־ציילנדיק אונדז פֿריִער זײַנע איינדרוקן פֿון זיין באַזוך אין לאַנד; און מיט אַ פֿריילעכער צעזונגענער שפּראַך האָט ער אונדז דערציילט וועגן דוד יעלין און זײַנע תלמידים און דעם העברעיִש וואָס מען רעדט אין די גאַסן, און דער עיקר, וועגן די ווײַנגערטנער אין רחובות, און וועגן די ציטרוס־פּרדסים און וועגן אַרבעטער אין די ווײַנקעלערס אין ראשון־לציון. מען האָט באַשיימפּערלעך געזען זײַן גליק, אַז ניט אומזיסט האָט ער געזונגען זײַן „שירת הזמיר".

עס האָט זיך אַפּגעזוכט, סוף־כל־סוף דער העברעיִשער אויער, וואָס האָט וווּנדערלעך אײַנגעהערט זיך צו זײַן דעמאָלטיקן געזאַנג.

צום העכסטן פֿאַרגעניגן פֿלעגט ער שטײַגן ווען דער מעדיצינישער קאַבינעט זײַנער איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעדאַקציע. ער האָט אויסגעטאָן דאָן זײַן דאָקטער־קיטל, האָט אָנגעטאָן דעם ציווילן שוואַרצן ראָק און זיך אַוועקגעזעצט צו דינען אַלס הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון דער ייִדיש־רוסישער ענציקלאָפּעדיע, וואָס איז דאַן דערשינען אינעם בראָקהאַוז־

עפּראַן פֿאַרלאַג: — קאָרעגירן די מאַנוסקריפּטן וואָס זענען שוין געווען רעדאַקטירט דורך די רעדאַקטאָרן פֿון די באַזונדערע אָפּטיילונגען און דיסקוטירן מיט די שרײַבערס, די יונגע און די וועטעראַנען. אין זײַנעם אַ בריוו צום בעסטן פֿון זײַנע פֿריינד, צו ד ו ד  פּ ר י ש מ אַ נ ע ן, האָט ער, אַ מאָל, ביטערלעך זיך באַקלאָגט, אַז „ער שטאָפּט קעלבער פֿאַר אַ פֿרעמדער שפּראַך". איך האָב אים אָבער געזען אויך אין מאָמענטן פֿון פֿאַרגעניגן, ווען ער האָט גענאָסן עולם־הזה פֿון דער דאָזיקער רעדאַקטירונגס־אַרבעט. איך און מײַנע מאמרים, וואָס זענען געווידמעט געווען דער געשיכטע פֿון די קהילות (מינסק א"אַ) און בעיקר, דער געשיכטע פֿון משיחיזם (שבתי צבי, יעקב פֿראַנק און איינציקע פֿון זייערע תלמידים) האָבן געהערט צום אָפּטייל פֿון מײַן לערער מ. ל.  ו ו י ש נ י צ ע ר. אַליין האָב איך צו זיין אָפּטיילונג ניט געהערט. דער לערער וואָס פֿלעגט מיך ראָטן אינעם אויסקלײַב פֿון די טעמעס איז געווען ש מ ע ו ן  ד ו ב נ אָ ו ו; אָבער איך בין צומאָל אויך געווען אָן אונטערפֿירער צו די מאמרים פֿון מיין חבר ש.  ש ר י י ע ר (שרירא), וואָס האָט געשריבן פֿאַר די ערשטע בענד נאָך און דווקא אינעם תלמודישן אָפּטייל (אַפּאָסטאַטאַ, די כנסת הגדולה און אַנדערע אַרטיקלען) און צוזאַמען פֿלעגן מיר גיין מיטן מאמר אין האַנט צום ד"ר קאַצענעלסאָן, וועלכער איז געווען רעדאַקטאָר אויך פֿונעם אָפּטייל פֿאַר תלמוד און אויך פּוסק־אחרון אין דער גאַנצער ענציקלאָפּעדיע. מיט וואָסער וויסנשאַפֿטלעכער גענויקייט און מיט וויפֿל סטיליסטישער אָפּגעהיטקייט איבער דער פּינקטלעכקייט אין דער רוסישער איבערזעצונג פֿון די תלמודישע ציטאַטן; מיט וויפֿל פֿאָטער־לעכער פֿרײַנדלעכקייט צוזאַמען מיט אַ פֿעסטן באַשטיין אויף דער אייגענער מיינונג פֿלעגט ער אָנגיין מיט זײַן רעדאַקטאָר־אַרבעט; מיט וואָס פֿאַר אַ ליבשאַפֿט צו תלמידים־אָנפֿאַנגערס און מיט וויפֿל שטרענגקייט און הקפּדה אפֿילו צו גרויסע און געניטע.

איין מאָל בין איך דערשטוינט געוואָרן צו זען ווי ער האָט אַרײַנגעוואָרפֿן אין קאָרב אַרײַן אַ גרויסן כתב־יד פֿון אַ באַרימטן וויסנשאַפֿטלעכן שרײַבער. און דערנאָך איז ער געזעסן אַ גאַנצע נאַכט און האָט אַליין געשריבן אַ נײַעם מאמר אויף דעם תלמודישן וואָרט, וואָס איז שוין געווען באַשטעלט, און דער מאמר איז אים נישט געפֿעלן געוואָרן. וויסנשאַפֿטלעך רעדאַגירן מיינט — אָן רחמנות און אָן וותרנות!

ער פֿלעגט ווערן אויפֿגערעגט און אויפֿגעברויזט אויב עמעצער פֿון

זײַנע מיטאַרבעטערס פּלעגט אויסטײַטשן אַן ענין אויף אַן אופן וואָס האָט אים אויסגעזען ניט ריכטיק, און בעיקר, אויב די אויסטײַטשונג האָט — לויט זײַן ראַציאָנאַליסטישער מיינונג — באַליידיקט די גדולי התורה. עס געדענקט זיך מיר ווי איך האָב אים אַמאָל געטראָפן אַן אויפגערעגטן. ער איז אויפגעשפּרונגען פון זײַן שטול, ווי עמעצער וואָלט אים אַ ביס געטאָן, און אַרומגעגאַנגען איבער זײַן קאַבינעט אַן אויפגעברויזטער: ער האָט דער־האַלטן פאַר דער ענציקלאָפּעדיע אַ מאַנוסקריפּט פון אַ באַרימטן געלערנטן וועגן דעם ענין פון „בת־קול״. יענער געלערנטער האָט, אין פשטות, אָנ־גענומען, אַז די חכמי־התלמוד האָבן טאָקע ווירקלעך געגלייבט, אַז אַ בת־קול איז אַרויס און געזאָגט: „אלה ואלה דברי אלהים חיים״,* דאָס הייסט, אַז מען מיינט טאָקע אַ בת־קול ממש. יענער געלערנטער האָט אויסגעזען ביי אים ווי אַ פעלשער פון טעקסטן און דער עיקר, ווי אַ באַשמוצער פונעם כבוד פון אונדזערע חכמים און ווי איינער וואָס שטעלט אין סכנה ממש דעם גאַנצן גורל פון יהדות. „אויב די גדולים פון יידישקייט האָבן געגלייבט אין אַזעלכע פאַנטאַזיעס, טאָ וואָס איז דער וווּנדער אַז אויך אונדזערע קינדער אַנטלויפן פון אַזאַ אומגעלומפּערטער יידישקייט און טרייסלען זיך אָפּ פון איר״. און ער האָט מיט די בעסטע ראיות באַוויזן, אַז די חכמי־התלמוד האָבן גוט געקענט די נאַטור־געזעצן, און זיי האָבן גוט געוווּסט אַז קיין קול נידערט נישט פון דער הייך אַראָפּ אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג, און אַז די אַנט־שיידונג איז נאָר אינעם שכל, מיט וועלכן גאָט ברוך־הוא האָט אונדז באַשאָנקען, און אַז דער בת־קול איז נישט מער ווי אַ מליצה וואָס באַצייכנט די מיינונג וואָס האָט זיך אויסקריסטאַליזירט און איז געוואָרן אָנגענומען דורך חז״ל אין בית־המדרש; און ער האָט זיך געפּילט אַנטוישט און ווי פאַרצווייפלט, ווען אויך זײַנע תלמידים האָבן זיך ווי געוואָקלט מסכים צו זיין מיט זײַן אויסטײַטשונג, אין וועלכער ער האָט געזען, איינצײַטיק, אי די זיכערע וואָרהײַט אי די רעטונג פונעם כבוד פון די חז״ל.

וועגן דער דיסקוסיע וואָס איז געפירט געוואָרן אַ מאָל צווישן אים און מ. ל. לילענבלום מכוח דער פראַגע צי חיבת־ציון איז דאָס וואָס איז דער עיקר אינעם אויפלעב פון יידישן פאָלק אָדער דאָס אומקערן זיך צו ערד־אַרבעט — אומעטום אין וואָסער אָרט עס איז — איז דאָס וויכטיקסטע, וועגן

* די ווי יענע זענען רייד פון פון גאָט דעם לעבעדיקן.

דעם האָבן האָב זיך ווידער דערוווּסט נאָר פון דער ליטעראַטור און פון הערן זאָגן. דער דאָקטער קאַצענעלסאָן, אין יענער צייט ווען איך האָב אים געקענט, איז שוין געווען זייער איבערגעגעבן צום ענין פון ארץ־ישראל. פון זיין באַזוך אין ארץ־ישראל איז ער צוריקגעקומען אַ פלאַמענדיקער ציוניסט. די רעקאָמענדאַציע־בריוו וואָס ער האָט מיר געגעבן פאַר מיין עליה קיין ארץ־ישראל — אַ יאָר בערך נאָך זיין צוריקקומען, — צו זיינע פריינד דוד יעלין און ד״ר מאַזיע און, דער עיקר, דער שמועס וואָס ער האָט געהאַט מיט מיר בעת זיין געזעגענען זיך מיט אים, האָבן מיר עדות געזאָגט אויף זיין טיפן זעלישן בונד צו ציון און צום העברעיִש וואָס האָט אויפגעלעבט אין מויל פון די ציון־ערד־אַרבעטער און פון אירע קעלטערער.

זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, חוץ לעקציעס און ליטעראַרישע רעדאַקטירונג, האָט ער געפירט דער עיקר אין צוויי געזעלשאַפטן: אין דער חברה ״מפיצי השכלה״ וווּ ער איז געווען אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד צענדליקער יאָרן, און נאָכן טויט פון באַראָן דוד גינצבורג געוואָרן איר פאָרזיצער און אין דער פאַרוואַלטונג פון דער „אגודת חובבי שפת עבר״. ער איז געווען איר פרעזידענט און איר אָנפירער בפועל ממש. ״חובבי שפת עבר״ האָט דאַן געמאַכט אַ פרווו צו עפענען אָפטיילונגען איבער גאַנץ רוסלאַנד, ענלעך צו דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט (ליטעראַטורנאַיע אָבשטשעסטוואָ), אין דער אָנפירערשאַפט פון שאול גינצבורג און פונעם היסטאָריקער שמעון דובנאָוו און ענלעך צו דער געזעלשאַפט פאַר „היסטאָריע און עטנאָגראַפיע״ אין דער שפיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען דער זעלבער שמעון דובנאָוו און מיט אים מאַקסים מאַיסעיעוויטש ווינאַווער. אין אָט די געזעלשאַפטן איז קאָנצענטרירט געווען, פאַקטיש, דאָס גאַנצע ביסל וואָכזאַמע געזעלשאַפטלעכקייט פון דער יידישער אינטעליגענץ אין דער רעאַקציע־צייט צווישןביידע רעוואָלוציעס.

ער איז געווען איינער פון די ווינציקע וואָס האָט באַוויזן אַרויפצושטייגן צו דער העכסטער שטופע אויפן לייטער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין דער הויפטשטאָט פון רוסלאַנד, ניט דורך רייכקייט און ניט אין זכות פון אַ פאַרטיי אָדער דרויסנדיקע פאַרבינדונגען, טאַקע נאָר אין זכות פון זיין געלערנטקייט און מיטן זכות פונעם צויבער פון זיין פערזענלעכקייט. ווי אַן אָרעמער און הונגעריקער יתום האָט ער אָנגעהויבן זיין לעבן ביי זיין שטיפפאָטער אין טשערניגאָוו, ווי אַ ישיבה־בחור אין באָברויסק האָט

ער דערוואַרבן זײַן בילדונג. אַ מעדיצינער, אַבסאָלוט אָן מיטלען איז ער, ווי אַ יונגער דאָקטער געקומען אין דער הויפּטשטאָט; זײַן פאַרמעגן — איז זײַן וויסנשאַפט און זײַנע זעלבסטשטענדיקע מיינונגען, אומאָפּהענגיקע פון קיין שום זײַטיקן פאַקטאָר; זײַן לויטערער שכל נאָר און דער געווירץ פון פײַנעם הומאָר אין זײַנע אויפטריטן, און דער אוצר פון פּאָעזיע אין זײַן גײַסט, און די זויבערקייט פון זײַן פּערזענלעכקייט — זיי האָבן אים אויסגעטראָטן דעם וועג ביז צום רוסישן חודש־זשורנאַל פון פּראָפ׳ ווירכאָוו דעם נישט־יידן און צו די אויפגעקלערטע צווישן די וועטעראַנען־עסקנים אין דעם ייִדישן פּעטערבורג, וואָס זענען געווען צווישן די צוהערערס פון זײַן לערע אויף פאַרזאַמלונגען און לעקציעס. און אַזוי נאַטירלעך, אָן שום אָנשטרענגונגען פון זײַן זײַט, איז ער אַרויפגעבראַכט געוואָרן דורך זיי צום שפּיץ פון דעם בילדונגס־ווערק אין דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט אין רוסלאַנד.

אָבער אויך ווען ער האָט שוין געהאַט דערגרייכט צו דער הייך פון זײַן געזעלשאַפטלעכן דערפאָלג, איז עפּעס ווי אַ פאָדעם פון טיפן טרויער אויסגעצויגן געווען אויף זײַן גלענצנדער פּערזענלעכקייט און נישט דווקא בלויז איבער די שווערע פאַמיליע־אומגליקן וואָס האָבן זיך אויסגעגאָסן אויף אים.

ווי מיר דאַכט זיך, האָבן צוויי זאַכן גורם געווען צו דעם טרויער־געמיט וואָס האָט זיך ניט אָפּגעטאָן פון אים און וואָס איז אַזוי ניט צוגעפּאַסט געווען צו דער אויפגעהײַטערטקייט פון זײַן גײַסט, וואָס איז באַשטימט געווען צו זײַן גליקלעך און ליכטיק.

ערשטנס זײַן ניט דערגרייכן צו מעדיציניִשער פּראָפעסור; ער האָט געפילט אַ ברענענדיקע באַליידיקונג אין דעם, וואָס ער איז געצוווּנגען געווען דאָס גאַנצע לעבן — ביי דער גאַנצער ברייטקייט פון זײַן וויסן — צו זײַן נאָר „אַ מיטלמעסיקער דאָקטער", ווי ער שרייבט, וואָס „גייט זיך אָפּ די פיס אַ גאַנצן טאָג, קלעטערנדיק אויף טרעפּ צו באַזוכן זײַנע פּאַציענטן". און עס האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן וואָס ער איז פאַרמשפּט „צו גיין אין אַ פאַרלויף פון דרייסיק־פערציק יאָר באַזוכן קראַנקע פערצן שעה אַ טאָג, גיין אַרויף און אַראָפּ אין די פּעטערבורגער הײַזער, אַ זאַך וואָס אַן אַנדער רעצעפּטן־שרײַבער אָנשטאָט אים, וואָלט עס אויך געקענט טאָן", ווי דוד פרישמאַן, דער בעסטער צווישן זײַנע פרײַנד, האָט, טרעפלעך, אויסגעדריקט

דעם דאָזיקן ווייטיק אין זײַן געקראַלאָג־מאמר. איך אַליין האָב נאָך געהערט פֿון ד״ר קאַצענעלסאָן דעם ביטערן אַנעקדאָט, וועגן וועלכן דער אַלטער שרייבער בן־ציון כ״ץ שרײַבט אין זײַנע זכרונות: ״כדי צו ווערן אַ דיכטער דאַרף מען געבאָרן ווערן אַ דיכטער. אָבער כדי צו ווערן פּראָפֿעסאָר דאַרף מען געבאָרן ווערן אַ גוי״. דער גאַנצער ענין פֿון אויפֿשטעלן אַ ייִדישע אַקאַדעמיע איז געווען פֿון זײַנעט וועגן, ווי אויך פֿון וועגן זײַנע חברים, דעם באַראָן דוד גינצבורג און שמעון דובנאָוו, אַ מין ייִדישער ערזאַץ פֿאַר ניט קענען ווערן פּראָפֿעסאָר אין אַלגעמיינעם אוניווערסיטעט. און ווען קאַצענעלסאָן איז צוריקגעקומען פֿון זײַן רײַזע אין ארץ־ישראל האָט ער מיט אונדז גערעדט וועגן זײַן טרוים אַריבערצופֿירן די גאַנצע אַקאַדעמיע קיין ארץ־ישראל. ער האָט אַפֿילו געפֿונען אַן אָרט אין ארץ־ישראל, אויף איינצושטעלן דאָרטן אַ סאַנאַטאָריע פֿאַר טובערקולאָז־קראַנקע — אין יריחו דאַכט זיך — וואָס וואָלט איבער די קלימאַטישע באַדינגונגען געקענט ווערן אַ וועלט־סאַנאַטאָריע, ווי דאַוואָס אין דער שווייץ און ווי מעראַן אין איטאַליע.

זײַן צווייטער ווייטיק, אפֿשר גרעסער נאָך פֿונעם ערשטן, איז געווען דאָס ניט האָבן באַוויזן אָנצושרייבן זײַן וויסנשאַפֿטלעך ווערק וועגן דער געשיכטע פֿון דער הלכה. ער האָט זיך מיט דעם דאָזיקן פֿאַרלאַנג אַרומגעטראָגן אַלע יאָרן און זײַן גאַנץ וויסנשאַפֿטלעך שרײַבן איז געווען בײַ אים בעצם נאָר אַ מין אינסטרומענטן־צוגרייטונג, אַ מין אויפֿשטעלן אַ רוש־טאָוואַניע פֿאַר דעם אייגנטלעכן בנין פֿון דעם בוך. אומזיסט האָבן אים זײַנע פֿרײַנד אונטערגעאיילט. מען האָט אים נאָר געשאָטן זאַלץ אויף די ווונדן. ווי אחד־העם בשעתו, ווי רב־צעיר און ווי אַ סך אַנדערע, אַזוי האָט אויך ער געשריבן זײַן גאַנץ לעבן און צו דעם גרויסן אומפּאַסנדיקן ווערק וואָס ער האָט אַ לעבן לאַנג געלעכצט אָנצושרײַבן, האָט ער ניט באַוויזן צו קומען. און ער איז געווען איבערצײַגט אַז דאָס וועט זיין דער אַ ספֿר, וואָס ער איז באַשטימט צו געבן אים פֿאַר די ייִדן אין רוסלאַנד און וואָס איז באַשטימט צו ראַטעווען פֿון שאַנד און פֿון שמד און אַז עס איז די ירושה וואָס זײַן חוב איז איבערצולאָזן דעם פֿאָלק ישראל, וואָס בויט זײַן לעבן אויף זײַן ערד אין ארץ־ישראל. די קאַפּיטלעך וואָס ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט צו דער פֿאָרשונג פֿון דער מעדיצין אין תלמוד, זײַנע מאמרים אינעם „וואָס־כאַד״ וועגן „די צדוקים און פּרושים״ און וועגן דעם אײַנשטעל פֿון „ריטוע־

לער טהרה", זײַנע מאמרים אין דער ענציקלאָפּעדיע (דער רוסיש־ייִדישער) וועגן בית־הלל, וועגן די מידות דורך וועלכע די תורה ווערט געפּאַרשט (המידות שהתורה נדרשת בהן) און וועגן פיל אַנדערע תלמודישע ווערטן און ענינים — האָט ער געזען ווי פונדאַמענט־שטיינער פון דעם געגאַרטן בנין; דער בנין אַליין האָט נאָר געשוועבט פאַר זײַנע אויגן. אַ מאָל פלעגט ער אָנרופן יענעם ספר „דור, דור והלכותיו" (יעדער דור און זיין הלכות); אַן אַנדער מאָל האָט ער אים אָנגערופן „געשיכטע פון תורה שבעל פה". ווי שטאַרק האָט ער מקנא געווען זיין קאָלעגע דובנאָוו, וואָס האָט זוכה געווען — טראָץ זײַן גרויסער פּאָליטישער און פובליציסטישער טעטיקייט — צו מאַכן זײַן געלערנטקייט אַלס פּראָפעסיע און דערפירן ענדגילטיק צום שלוס זײַן גרויס וויסנשאַפטלעכן ווערק.

און מערקווירדיק: אין 1917, ווען ער איז געוואָרן זיבעציק יאָר און אַ מידער פון דער אַרבעט איז ער אַוועק זיך אָפּרוען אין דעם שיינעם פּאָל־וואַרק וואָס די „חברה מפיצי השכלה", בראש פון וועלכער ער איז געשטאַנען, האָט פאַרמאָגט אין קרים און ס'האָט זיך געעפנט פאַר אים די רויִקע מעגלעכ־קייט צוצוטרעטן צום שרײַבן אַזוי ווי ער האָט געגאַרט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן ניט יענץ געגאַרט בוך, וועגן וועלכן ער האָט געטרוימט אַלע יאָרן, נײַערט — זכרונות פון די קינדער־יאָרן.

וואָס פאַראַ צויבער איז עס אין דעם קינדהייט־לעבן, וואָס די פליכט צו אַרויסברענגען אים איז בילכער און פריִער פאַר יעדער פליכט?

אַזוי האָט ביאַליק ניט געוואָלט אַוועק פון דער וועלט, איידער ער האָט ווידער אָנגעשריבן צום צווייטן מאָל זיין "אבי" און "יתמות" און אין דער דאָזיקער צווייטער שאַפונג פון זײַנע קינדהייט־זכרונות — וואָס זייער אָנפאַנג האָט ער אָנגעהויבן אין זײַנע פריִערדיקע שירים — האָט ער דער־גרייכט צו דער העכסטער לויטערקייט פון זיין שאַפונג. אַזוי האָט געטאָן פרץ. אַזוי האָט זיך אויסגעקליבן שלום־עליכם צו טאָן.

און יענץ גרויס וויסנשאַפטלעך בוך, אויף וועלכן מען האָט געהאָפט און וואָס האָט געדאַרפט זײַן דאָס לעבנסווערק פון ד"ר יהודה לייב קאַצענעל־סאָן און וואָס צו זײַן שרייבן ער האָט זיך זײַן גאַנץ לעבן געגרייט — איז ניט אָנגעשריבן געוואָרן.



ווען עס איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה און איך בין געווען אַ

געפאַנגענער אין דײַטשלאַנד, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מײַן געליבטער רבי, ד״ר י. ל. קאַצנעלסאָן, וועלכער איז יענעם זומער אויך געווען אין דײַטשלאַנד, איז פאַרבליבן פאַרוואָרפן אין ראָסטאָק און האָט ניט געקענט צוריקפאָרן אַהיים. אַז איך בין אַרויס פון מײַן געפאַנגענשאַפט און האָב פּרובירט מאָביליזירן ציוניסטישע הילף פאַר זײַן באַפרייונג — האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז שוין אַריבער די גרענעץ און איז אָנגעקומען קיין פעטראָגראַד. זינט דאַן האָב איך פון אים גאָרניט געהערט. סוף 1917, אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, איז דורך אַמעריקע דערגאַנגען צו אונדז די ידיעה, אַז די ייִדישע פעטראָגראַד גרייט צו די פייערונג פאַר דעם 80־יעריקן יובל פון בוקי בן יגלי. איך בין צוגעטראָטן צוגרייטן, דאַן, פאַר אונדזער ציוניס־טישן וואָכנבלאַט, „ייִדישע רונדשאַו״, אין בערלין, אַ בלאַט וועגן זײַן יובל און דאַן האָב איך מיך איבערצײַגט ווי ווינציק עס איז די צאָל צווישן די בערלינער חכמי־ישראל, וואָס ווייסן צו שרײַבן וועגן אים. מײַן פּראָפעסאָר, דער קאַטאָליק, הערמאַן שטראַק, וואָס האָט צווישן אַנדערע, געשריבן אויך קעגן עלילת־דם און האָט איבערגעזעצט אין דײַטש אַ געוויסע צאָל משניות־מסכתות און, אין יענער צײַט האָט ער צוגעגרייט דעם ייִדיש־דײַטשישן ווערטערבוך, האָט גוט געקענט ד״ר קאַצענעלסאָנס וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און ער האָט מיר צוגעזאָגט צו שרײַבן וועגן אים. איידער אָבער מיר האָבן באַוויזן צוגרייטן דעם יובילעום־נומער, האָבן די אַמעריקאַנער צײַטונגען געבראַכט די ידיעה, אַז ד״ר קאַצענלסאָן איז ניטאָ מער.

טאָפּלט שווער איז געווען מיין טרויער פון דער ווייטנס.

נאָר אינעם חודש־זשורנאַל „דער יודע״,* וועלכער איז מיר געווען זייער טײַער, האָב איך געפרווווט, אין אַ באַמערקונג, צום סוף פון דעם העפט, אויס־צודריקן: ״ווי שטאַרק מיר האָבן אים ליב געהאַט...״

הכרמל, ז׳ אייר תש״י

* יאָר 1917, העפט 11.

# קעגן איבער מיכה יוסף בערדיטשעווסקי

(אַ שטומע באַגעגעניש)

דאָס איז געווען אינעם זאַל פֿון דער גרויסער ביבליאָטעק פֿון דער בערלינער ייִדישער קהילה, אויף אָראַניענבורגער גאַס, אין די ווינטער־חדשים פֿון 1915, אין ערשטן יאָר פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דרויסן האָט געבושעוועט די שווערד. די יוגנט איז אַוועקגענומען געוואָרן אויפֿן פֿראָנט. אויך די ציוניסטישע יוגנט האָט געצויגן אין שלאַכט, אייגנוויליק און מיט התלהבות; און אינעם דײַטשישן הינטערפֿראָנט האָט געברענט אַ פֿײַער פֿון פֿײַנטשאַפֿט צו אַלע פֿעלקער. וואָרעם אַלע פֿעלקער זענען דאָך געוואָרן פֿײַנד פֿונעם דײַטשישן פֿאָטערלאַנד. און איך בין אַ ציוויל־געפֿאַנגענער פֿון אַ פֿײַנטלעך לאַנד. אומקערן זיך אַהיים צו מײַנע עלטערן — האָט זיך אויסגעלאָזט פֿאַר מיר יעדע האָפֿענונג. און צו ארץ־ישראל איז פֿאַרשלאָסן געווען יעטוועדער וועג, — ניט פֿאַר עליה, ניט פֿאַר בריוושרײַבן און אַפֿילו ניט צו דערהאַלטן גלויבנסווערטיקע ידיעות. די פּלענער וועגן מײַן פֿאָרזעצן דעם שטודיום אין אוניווערסיטעט זענען צערונען געוואָרן. די אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע וועלט וואָס האָט זיך געהאַט איבערגענומען פֿריִער צו קענען זײַן אַ פֿעלדזנפֿעסטע מויער קעגן דער בלוט־וואָקכאַנאַליע — איז רויִנירט און צעקרישלט געוואָרן, און אירע צעריסענע שטיקער ווערן געטראָגן אויף די כוואַליעס פֿון די ריוואַלע שטראָמען. אַלץ וואָס מיר איז טײַער געווען אין לעבן, איז פּלוצעם אַרײַנגענומען געוואָרן אין אַ קלעם פֿון אימה.

קיין איין שטראַל האָפֿענונג רײַסט זיך ניט דורך דורך דעם דיקן דעק פֿון צעפּלאָקערטער פֿײַנטשאַפֿט. אַ שטאַק פֿינצטערע נאַכט האָט אַראָפּגענידערט און באַוועלטיקט דאָס האַרץ.

איך האָב אויך דאַן ניט פֿאַרגעסן, אַז ווען ניט איז וועט די נאַכט זיך

ענדיקן און דער מאָרגנשטערן וועט אויפקומען; אָבער פֿון וואַנען, פֿון וואַנען זאָל אַ ייִדישער יונגערמאַן, וואָס געפֿינט זיך אין דעם סאַמע ברען פֿון דעם צאָרנדיקן אין דער פֿרעמד, שעפּן כוח צו שפּאַלטן און שנײַדן פֿאַר זיך אַ וועג פֿון דער דאָזיקער לאַנגער מאומדיקער נאַכט, ביז דער פֿרימאָרגן וועט קומען?

ווי שטענדיק אין טעג פֿון אויסגאַנגלאָזיקייט ווערט אויסגעשטרעקט אַ רעטונגס־סצעפּטער פֿון דעם בוכווינקל. וואָס מער דאָס בוך איז דערוויַי־טערט פֿונעם טומל פֿון לעבן און זײַנע נויטן, אַלץ מער זיכער איז די רעטונגס־אייגנשאַפֿט אין אים.

דאָן איז דערשינען מײַן רעטונגסווינק אין געשטאַלט פֿון דער גרויסער ביבליאָטעק פֿון דער בערלינער קהילה. און דאָס בוך זעלבסט אין געשטאַלט פֿון מקורות — שאלות ותשובות און דרוש־ספֿרים — מכוח דער פֿאָרשונג פֿון דער געשיכטע פֿון באַוועגונגען ביי ייִדן אינעם 17טן יאָרהונדערט.

מײַן לערער, דאָן דער טײַערסטער לערער מײַנער, דער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו, האָט מיר פֿאָרגעשלאָגן נאָך איידער איך בין אָפּגעפֿאָרן קיין אויסלאַנד צו שטודירן, צו זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן דעם אינערלעכן לעבן פֿון די ייִדן אין פּוילן און רוסלאַנד, פֿאַר דעם זאַמלבוך וואָס האָט געדאַרפֿט אַרויסגעגעבן ווערן פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿאַר היסטאָריע און עטנאָגראַפֿיע, וועמעס פּרעזידענט ער איז געווען. ער האָט אויך צונויפֿגעשטעלט פֿאַר מיר אַ רשימה פֿון שאלות ותשובות וועלכע ער האָט מיר געראָטן נאָכצוזוכן. איך האָב נאָך אָפּגעהיט בײַ מיר די דאָזיקע רשימה, געשריבן פֿון זײַן האַנט. אין די ערשטע יאָרן פֿון מײַן אוניווערסיטעט־לערנען האָב איך ניט געהאַט קיין צײַט פֿאַר דעם. אַצינד, ווען אַלע טויערן פֿון לעבן און פֿון טרוים זענען פֿאַרשלאָסן געווען, איז יענער באַהאַלטן געוועזענער פּלאַן דערשינען פֿאַר מיר ווי אַ ישועה־קוויטל. לויט די געזעצן פֿון דײַטשלאַנד אין מלחמה־צײַט, איז מיר דערלויבט געווען צו באַוויַיזן זיך אין גאַס נאָר צווישן אַכט אין דער פֿרי און אַכט אַ זייגער אין אָוונט און נאָר אינעם תחום פֿון איין גאַס. האָב איך מיר אויסגעקליבן די גאַס, וווּ ס׳געפֿינט זיך די גרויסע ביבליאָ־טעק פֿון דער בערלינער קהילה. יעדן אין דער פֿרי נאָכן צושטעלן זיך צום פּאָליציי־רעוויר, וואָס איז באַשטימט געווען וועגן קאָנטראָל איבער מיר, פֿלעג איך אָוועקגיין אין יענער רײַכער ביבליאָטעק, וואָס איז איבערגעפֿולט געווען מיט אַלדאָס גוטס פֿון דער ליטעראַטור פֿון ייִדישן פֿאָלק און וועגן

ייִדישן פֿאָלק; און אין אָוונט פֿאַר מײַן צווייטן צושטעלן זיך אין זעלבן פּאָליצײ־רעוויר פֿלעג איך אַרויסגיין פֿון דער ביבליאָטעק באַלאָדן מיט די פֿרוכט פֿונעם טאָג; און אין מײַן איינזאַמען צימער אויפֿן פֿינפֿטן שטאָק, פֿלעג איך אין יענע לאַנגע אָוונטן קלאַסיפֿיצירן מײַנע צעטלען וואָס כ'האָב געזאַמלט פֿאַרן טאָג און, לויט זיי, בויען, וואָס איך האָב געדענקט דאָן צו בויען; אין די הפּסקות־שעהן פֿון מיטאָגצייט, ווען די ביבליאָטעק איז נאָך געווען געשלאָסן און דער מיטאָג אין שפּייזזאַל וואָס דערבײַ איז שוין געווען געענדיקט, פֿלעגן מיר אויף אַ קורצער ווײַלע זיך אַרײַנכאַפּן אינעם דערבײַיאיקן פֿאָלקס־„קענטאָפּ", אַ פֿולער פֿון שמוץ און טומל, פֿון קינדער און מיר פֿלעגן זיך זעטיקן „מיט דער קונסט פֿון דער מלחמה־פֿירנדיקער דײַטשלאַנד".

אין דער ביבליאָטעק האָב איך געפֿונען אַלע ביכער פֿאַרצייכנטע אין דער רשימה פֿון מײַן רבין, דעם היסטאָריקער, און נאָך מער פֿיל ענלעכע און אַזעלכע; און אויך ביבליאָטעקן־מומחים, צוגעלאָזטע, און אַזעלכע וואָס קענען זייער פֿאַך האָב איך דאָרט געפֿונען. לייענערס אָבער וואָס זאָלן מעיין זײַן אין די ביכער האָב איך געטראָפֿן דאָרט זייער ווייניק, יעדנפֿאַלס ניט לויט דער צאָל ביכער־שאַפֿעס וואָס אין דעם לייענזאַל און דרויסן פֿון אים און אויך ניט לויט די אַרבעטסטישן, וואָס אין מײַן זאַל, וועלכע זענען — אין זייער איבערוויגנדיקער מערהייט — געשטאַנען ליידיק. פֿאַר מיטאָג פֿלעגן נאָך קומען שוללערערס זיך צוגרייטן צו זייערע לעקציעס. אָפֿט מאָל פֿלעגן קומען פּראָפֿעסאָרן פֿון דער ראַבינער־שול פֿון הרב הילדעסהיי־מערס נוסח, וואָס איז געווען נאָענט פֿון דער ביבליאָטעק אויף אַרטילעריע־גאַס 14, אָדער לערערס פֿון דער הויכשול פֿאַר יהדות־לימודים פֿון דער פֿונ־דאַציע פֿון צונץ און מאַיבאַום, וואָס איז אויך געווען אויף דער זעל־בער גאַס. איין מאָל האָב איך אויך זוכה געווען צו זען דאָרטן, אין לעצטן יאָר פֿון זײַן לעבן, דעם אַלטן פּראָפֿעסאָר אברהם בערלינער; עס פֿלעגן דאָרט זײַן סעמינאַריסטן וואָס האָבן זיך געגרייט צו עקזאַמענעס און עס זענען געווען ראַבינערס וואָס האָבן געגרייט דרשות. דער סעקרעטאַר פֿון דער קהילה, ד"ר יוסף מייזל, שפּ"רס איידעם, אַ מאַן מיט אַ הערצל־באָרד, פֿלעגט אַרײַנקומען גאַנץ אָפֿט צו זוכן מאַטעריאַל פֿאַר זײַנע ביכער וועגן דער געשיכטע פֿון דער השכלה און איבער גרעצס לעבן און ער פֿלעגט זיך פֿיל גריבלען אין די צעטלען, וואָס אין די קאַטאַלאָגן פֿון מיטן זאַל און,

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז דאָרט פֿלעגט זיך אויך גריבלען דעם גאַנצן טאָג, מײַן יונג פֿאַרשטאַרבענער פֿרײַנד י. ב. שמחוני, דער יונגער היסטאָרי־קער, וואָס פֿלעגט אונדז אַלעמען איבערראַשן מיט זײַן גוואַלדיקן זכרון און וועמעס לעבן ס׳איז איבערגעריסן געוואָרן אין סאַמע בלי. ער האָט, ווי מיר דאַכט זיך, געדענקט אויף אויסווייניק אַלץ וואָס איז געווען פֿאַרצייכנט אין די צענדליקער טויזנטער צעטלעך פֿונעם קאַטאַלאָג און לויט מײַן מיינונג האָט ער כלל ניט געדאַרפֿט זיך גריבלען אין זיי.

נאָך מיטאָג פֿלעגן שוין זײַן גאָר ווינציק באַזוכערס אין דעם גרויסן זאַל, דעם אָנגעשטאָפּטן מיט וויסן און מיט ספֿרים. רעכטס פֿון מיר, אין אַ ווינקל, איז געזעסן אַן אַלטער — דאַווידאָוויטש איז געווען זײַן נאָמען — וואָס האָט געשריבן אַ פּירוש צום ספֿר איוב. און מײַן אויפֿמערקזאַמקייט איז געווען געווענדט צו דעם איינזאַמען ווינקל, לינקס אינעם זאַל, וווּ עס איז געזעסן אַ גאָר באַזונדערער מין מענטש, אַ באַלאַדענער מיט שווערע וואָנצעס און שווערע געדאַנקען, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין באַמִיען אַז זײַן געזיכט זאָל בלײַבן פֿאַרשטעלט צווישן די בערג ביכער, גרויסע און קליינע, וועלכע זענען געווען אויסגעלייגט אין אַ האַלבן קרײַז רונד אַרום אים און נאָר ווען ער פֿלעגט זיך פֿאַרגעסן, אַ צעשטרייטער, איבער פֿאַרטיפֿקייט אין טראַכטן און פֿלעגט אָנשפּאַרן זיין בלײַפֿעדער אויף זײַן העפֿט און אויפֿהייבן דעם קאָפּ צו דער סטעליע, האָב איך פֿון דער ווײַטנס געקענט גוט זען זײַנע דיקע וואָנצעס, וואָס האָבן באמת דערמאָנט פֿרידריך ניטשעס וואָנצעס און כ׳האָב גוט געקענט באַטראַכטן זײַן שטערן, אַ צעאַקערטן פֿון קנייטשן און רײַך אין פֿאַרשטאַנד.

לאַנגע שעהן פֿלעגן מיר אין דרײַען — אָן קיין שום אַנדערן מיט אונדז — זיצן אַזוי טאָג אײַן טאָגן אויס, איינגעטוליעטע צווישן די שאַפֿעס ביכער, טײַערע און ליבע צום האַרצן. טאָג אײַן טאָג אויס; און פֿון זיך זעלבסט האָבן זיך געשפּינט די פֿעדעם. איך האָב געוווּסט: אַ זייער געלערנ־טער מענטש, אַ גײַסטרײַכער, אַ וואָגיק דענקנדיקער איז זיך דאָ, אין לייענ־זאַל, מתבודד מיט מיר יעדן אָוונט. זײַן נאָמען אָבער האָב איך ניט געוווּסט.

ווי געזאָגט, האָב איך זיך באַשעפֿטיקט דאַן מיט שאלות־ותשובות און מיט דרוש־ספֿרים פֿונעם 17טן יאָרהונדערט. איין מאָל האָב איך ניט געהאַט עפּעס אַ ספֿר און איך האָב אים ניט געקענט באַקומען. איך האָב אים געבעטן איין מאָל און צוויי מאָל און ער איז ניט געווען. ביז די העפֿלעכע ביבליאָ־

טעקאַרין — פֿרוי ברוידע — האָט זיך איבערגעבויגן צו מיר איבערן אַרבעטס־טישל און האָט מיר אויסגעזאָגט דעם סוד: יענץ בוך געפֿינט זיך איצט דאָרטן אינעם לינקן ווינקל, אויפֿן טיש פֿון ד״ר בערדיטשעווסקי און מען קען אים ניט שטערן; ווען ער וועט אומקערן דאָס בוך וועט זי עס פֿאַרהאַלטן פֿאַר מײַנעטוועגן.

דאַן ביך איך געוווּיר געוואָרן ווער עס איז יענער פֿאַרהוילענער, וואָס איז מיט מיר צוזאַמען אין זאַל.

אויף מאָרגן האָב איך זיך געטראָפֿן מיט אים לעבן דעם טישל פֿון דער ביבליאָטעקאַרין; ער האָט אומגעקערט דאָס בוך וואָס איך האָב נייטיק געהאַט און די פֿרוי ברוידע האָט מיר פֿון דער ווײַטנס אַ ווונק געטאָן, געבנדיק מיר צו וויסן, אַז דאָס בוך שטייט צו מײַן דיספּאָזיציע. טאָפּלט נייגעריק, בין איך שנעל צוגעקומען צום טישל, אָבער ד״ר בערדיטשעווסקי, לעבן וועמען איך בין געשטאַנען, האָט מיט גרויס פֿאַרזיכטיקייט פֿאַרשטעלט דעם צעטל וואָס ער האָט געהאַלטן אין זײַן האַנט, כדי איך זאָל ניט קענען אויסגעפֿינען דעם סוד פֿון זײַן נאָמען — עס געדענקט זיך מיר גוט דער סוד פֿון זײַן ווייכן בליק, וועלכער איז געווען אויך עטוואָס ווי דערמוטיקנדיק: אָט פֿאָדערט אַ ייִדישער יונגערמאַן אַזעלכע פֿאַרגעסענע ספֿרים ווי די דאָזיקע; אָבער צוליב פֿאַרזיכטיקייט, עס זאָל זיך ניט פֿאַרפֿירן קיין שמועס, האָט ער אייפֿערדיק אַכטונג געגעבן אַז זײַן נאָמען זאָל בלײַבן פֿאַרבאָרגן.

און ווי באַלד עס האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, אַז די ביכער וואָס מיר האָבן גענוצט זענען אָפֿט געווען די זעלביקע (ער איז קענטיק געווען אַרײַנ־געטאָן דאַן אין צוגרייטן זײַן דייטש בוך ״פֿאָם באָרן יודאָס״ — פֿון ייִדישן קוואַל; און פֿון מײַן פֿאַרשונג איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין דרוק דער פּרק ״ייִדיש אין דער שאלות ותשובות־ליטעראַטור פֿון 16טן און 17טן יאָרהונדערט״, אינעם ערשטן היסטאָרישן זאַמלבוך פֿונעם ייִוואָ), האָט זיך באַקומען נישט איין מאָל, אַז דאָס בוך וואָס איך האָב געהאַט נייטיק איז געווען אין דעם פּאַק ביכער, וואָס איז געלעגן אויף זײַן טיש; און דאָס בוך וואָס ער האָט געדאַרפֿט האָבן איז געווען בײַ מיר, אויף מײַן טיש; און די העפֿלעכע פֿרוי ברוידע פֿלעגט מיר ניט איין מאָל געבן אַ ווונק איך זאָל צוגיין צו איר טישל, כדי איבערצוגעבן דאָס געפֿאָדערטע בוך פֿון מײַן האַנט אין זײַנער אָדער אומגעקערט; און תמיד — יענע פֿאַרזיכטיקע באַוועגונג פֿון פֿאַרשטעלן מיט זײַן איידעלער אויסגעצויגענער האַנט דאָס

קליינע צעטל, כדי עס זאָל מיר ניט ווערן אַנטפּלעקט דער סוד פֿון זײַן נאָמען.

און זײַן נאָמען איז מיר שוין דאַן לאַנג געווען באַקאַנט, וואָגיק, ליב און טייער. "מחנים" איז געווען איינער פֿון די ערשטע ביכער אין דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור וואָס האָבן אָנגעזאָגט פֿרילינג און די שריפֿטן "צעירים", די דינינקע העפֿטן, פּובליציסטישע, און באַזונדערס די היסטאָר־יאָזאָפֿישע, וועמענס פֿלאַם גרייכט ביז די טיפֿענישן פֿונעם חשבון פֿון אַלע דורות און פֿון דעם דור — און דער סטיל זייערער איז ווי אַ פֿייערקויל אויפֿן מזבח — האָבן מיך אויפֿגערודערט ביזן גרונט. איך בין שוין געווען מיט אים, נאָך ווען ער האָט פּאָלעמיזירט מיט אחד־העמען; אים האָב איך נאָכגעפֿאָלגט, ווען ער האָט אויפֿגעדעקט די טיפֿע ריסן, וואָס שפּאַלטן, צעפּיצלען דאָס טראַדיציע־געוועב פֿון דער אומה. און מער ווי עס האָט מיך געצויגן זיין פּאָלעמיזירן, האָט דאָ געווירקט און אײַנגענומען די קראַפֿט און אויפֿריכטיקייט פֿון זײַן ווייטיק. ווינציק זענען דאַן געווען העברעיִשע שרייבערס, וואָס דאָס האַרץ זאָל אַזוי צעאַקערט ווערן פֿון זייערע שאַפֿונגען, גריבלענישן און זוכענישן, ווי ער. דער ווילן צו הערן אַ לעבעדיק וואָרט פֿון אים איז געווען גרויס, אָבער זײַן שײַנענדיקע האַנט וואָס האָט פֿאַר־שטעלט האָט גוזר געווען שטומקייט, בין איך געצוווּנגען געווען צו שווײַגן.

איין מאָל זענען מיר געקומען צו פֿרי, אָדער דער ביבליאָטעקאַר ד"ר רענצער, האָט יענעם טאָג פֿאַרשפּעטיקט. יעדנפֿאַלסביידע האָבן מיר זיך צוזאַמענטראָפֿן און געבליבן שטיין אויף די טרעפּ פֿונעם דריטן שטאָק, לעבן דער פֿאַרשלאָסענער טיר, אַ קורצע ווײַלע וואָס דאַן האָט עס מיר אויסגעזען ווי לאַנגע שעהן. אין דרויסן טריפֿט אַ רעגן. אין קאָרידאָר איז קיינער נישטאָ. חוץ אונדז צוויי. ביידע האָבן מיר געוווּסט, אַז שוין וואָכן ווי מיר פֿאַרען זיך בײַ די זעלבע ביכער. ד"ר בערדיטשעווסקי אָבער, אָנגעלענט אויף דער פֿענצטערראַם פֿונעם קאָרידאָר, האָט אַרויסגענומען פֿון טעקע אַ צײַטונג און האָט אײַנגעגראָבן אין איר זײַנע אויגן, כדי מײַן יצר־הרע זאָל מיך נישט אַ רעג טאָן צו פֿאַרפֿירן מיט אים אַ שמועס. ביז ד"ר רענצער איז געקומען און האָט אונדז אויסגעלייזט פֿון דער שווערער געשפּאַנטקייט.

אין אַ צײַט אַרום האָב איך געלייענט בערדיטשעווסקיס דערציילונג: „הזר" (דער פֿרעמדער), און איך האָב זיך דערוווּסט, אַז עטוואָס ענלעכעס

צו אַזאַ סיטואַציע האָט שוין איין מאָל געטראָפֿן עמעצן פֿון זײַנע העלדן.

און אַ סך יאָרן נאָך זײַן טויט, אַז איך האָב דערציילט וועגן אונדזער באַגעגעניש דעם פֿאַרשטאָרבענעם שרײַבער פּ. לאַכאָווער, בערדיטשעווס־קיס אַ פֿרײַנד און פֿאַרערער, האָט ער, קענטיק, אַ טראַכט געטאָן מיט זאָרג, טאָמער האָב איך מיך געפֿילט געטראָפֿן דורך בערדיטשעווסקיס דערווײַטערנדיקער פֿאַרזיכטיקייט. האָט ער, מיט פֿיל ווייכקייט פֿון אַכטונג צו זיין פֿאַרשטאָרבענעם פֿריינד, זייער און זייער אויספֿירלעך מיר אויפֿ־געקלערט, ווי טיף עס איז אין אים געווען די באַדערפֿעניש צו אַבסאָלוטער התבודדות, און ווי גרויס עס איז געווען זײַן מורא פֿאַר יעדער באַגעגעניש מיט אומבאַקאַנטע פֿאַר אים.

וועגן דעם דאָזיקן כאַראַקטער־שטריך זײַנעם האָב איך אויך דאַן געהערט ניט איין מאָל און האָב פֿון פֿאַרויס עס מקבל געווען אויף זיך, און אין מײַן האַרצן בין איך דאַנקבאַר געווען דעם צופֿאַל, וואָס האָט מיר געגעבן די געלעגנהייט צו זען מיט מײַנע אויגן דעם דאָזיקן גרויסן שרײַבער־מתבודד, וואָס האָט אַזוי אויפֿגעשטורעמט מײַן געמיט זינט איך בין געוואָרן אַ שטענדיקער לייענער פֿון דער נײַער העברעיִשער ליטעראַטור. יאָרן לאַנג האָב איך געגאַרט פֿאַרצושטעלן זיך זײַן בילד, וואָס איז געווען אוממעגלעך צו געפֿינען אין קיין שום בוך — און מען האָט מיר אויך איבערגעגעבן, אַז דער שרײַבער פֿאַרבאַרגט בכיוון זײַן בילד פֿון זײַנע לייענערס — און דאָ האָב איך זוכה געווען צו פֿאַרזאַמען אין זײַן אַנוועזנהייט לאַנגע שעהן אין לויף פֿון וואָכן, צוזאַמען מיט אים אין די פֿיר ווענט צווישן יענע ביכער־פֿאָליצעס און צו באַקענען זיך מיט אים פֿון דער נאָענט, הגם אַ שטילע שווײַגזאַמע באַקאַנטשאַפֿט, אָן רייד, נאָר בלויז דורך ביכער, פֿון האַנט צו האַנט.

כסלו תש"י

# ב ע ר ל

**אַ נאָמען — אַ זיגל**

בערל, ב. קאַצענעלסאָן — אַ נאָמען ווי אַ זיגל פֿון אונדזער באַוועגונג אין ארץ־ישראל, זינט זי האָט אָנגעהויבן דערקענען איר שליחות, פֿאַר און נאָך דער גרינדונג פֿון דער הסתדרות. בערל — אַ נאָמען אָן אָנשפּאַר, אַ נאָמען אַ טרייסט, אַ נאָמען וואָס איז פֿאַר אונדז אַלעמען, פֿון די פֿאַרשיידענע עליות, געוועזן אַ לײַכטנדיקער שטערן אין אונדזערע באַמיִונגען און שטרעבונגען, אַ נאָמען וואָס סימבאַליזירט אונדזער כללישקייט, וואָס באַלײַכט אונדזער באַפֿרײַונגס־וועג וואָס פֿאָדערט פֿון אונדז אַלעמען, וואָס באַפֿרוכפּערט אונדז אַלעמען — אַ גרונטשטיין אין דעם בנין פֿון אונדזער הויז.

איז בערל געווען דער ערשטער פֿון דער צווייטער עליה?

בערל איז ניט געווען דער ערשטער פֿון דער צווייטער עליה; בעת בערל איז געקומען קיין ארץ־ישראל, האָט שוין די צווייטע עליה דורכגעמאַכט כמעט אַ העלפֿט פֿון איר לעבנסצײַט. איז בערל געווען דער ערשטער צו געבן אויסדרוק דער צווייטער עליה? אויך דערין איז ער ניט געווען דער ערשטער; ער האָט שוין אין לאַנד געפֿונען פּאַרטייען און וואָרטזאָגערס און אָרגאַנען. אין לאַנד האָבן זיך שוין געפֿונען הונדערטער יונגע אַרבעטער, וואָס זענען עולה געווען פֿאַר אים. אָבער כאָטש עס זענען שוין אין לאַנד געווען פּאַרטייען, האָט נאָך אין זיי ניט געלעבט דאָס באַוווּסטזײַן פֿון זייער צענטראַלער ראָלע אין ציוניזם און אין לאַנד. יחידים און גרופּעס זענען דעמאָלט געקומען אין לאַנד נאָך דעם דורכפֿאַל פֿון אוגאַנדאַ, נאָך דעם דורכפֿאַל פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, נאָך דעם בראָך פֿון דעם פּאָליטישן ציוניזם, — און אויב עמעצער האָט אין דער צווייטער עליה אַרײַנגעבלאָזן דעם גײַסט פֿון אַ באַזונדער שליחות, פֿאַרוואַנדלט **ע ו ל י ם**

אין אַן ע ל י ה, זיי געגעבן אַ נשמה און זעלבסטשטענדיקייט, איז דאָס געווען בערל, וואָס אונטער דעם האַמער פֿון זײַן גײַסט איז אויסגעשמידט געוואָרן דער טיפּ פֿון דעם דאָזיקן חלוצישן מענטשן, וואָס ער האָט אין זיך געטראָגן ווי אַ וויזיע און וואָס מיט איר האָט ער זיך נאָך דעם אַרויסגעלאָזן צו דעראָ־בערן אַ גאַנצן ייִדישן דור.

זײַנע מקורות

צוויי מקורות זענען דאָס געווען וואָס האָבן בערלען געגעבן די ברכה וואָס האָט פֿון אים געשטראָמט: די העברעיִשע ליטעראַטור האָט אים דער־צויגן אין איר ליכט, און די רוסישע רעוואָלוציע האָט אים געלײַטערט אין איר פֿײַער.

אין דער פֿריִער יוגנט איז בערל אַרויס צו זײַן שליחות, נאָך זײַענדיק אַ ייִנגל, כמעט אַ קינד. "מיט שוואַרצינקע לאָקן, מיט שכל און חן". ער איז אויסגעוואַקסן צווישן דערוואַקסענע און האָט אין זיך אײַנגעזאַפּט און איבערגעקאָכט אַלץ וואָס ס׳האָט זיך אַרום אים געטאָן, געפּלאָמט און אַנדערע געצונדן און אויפֿגעברויזט. ער האָט שוין דעמאָלט געלעבט דאָס פֿולע לעבן פֿון זײַן סביבה און זײַן דור, אַזוי ווי ער האָט דאָס געטאָן ביז צום סוף פֿון זײַנע טעג.

יאָ. ער האָט ניט זוכה געווען צו אריכת־ימים, מיר האָבן ניט זוכה געווען צו זײַן אריכת־ימים. אָבער ער און מיר האָבן זוכה געווען, אַז זײַן גאַנץ לעבן זאָל זײַן איין פֿרילינגטאָג. איין שטורעמדיקער יוגנטטאָג. נאָך זײַענדיק אַ יונג ייִנגל האָט ער שוין פֿאַרנומען אַ געזעלשאַפֿטלעכע פּאָזיציע, איז ער שוין געווען אַ שותף אין די וויכוחים פֿון די פֿירנדיקע גײַסטער פֿון זײַן דור, מיט וועלכע ער איז אומגעגאַנגען, ווי אַ גלײַכער מיט גלײַכע, זיך מיט זיי געראַנגלט און באַשטאַנען אויף זײַנס, געקעמפֿט מיט זיי כדי אויף זיי משפּיע צו זײַן.

און ווען ער האָט אונדז פֿאַרלאָזן אין עלטער פֿון אַכט און פֿופֿציק יאָר, האָט אין אים נאָך געברויזט דער שטורעם פֿון דער יוגנט. ער האָט געלעבט מיט דער יוגנט, מיט די זוכענישן פֿון דער יוגנט, מיט אירע זאָרגן. יאָ, איין עלטער האָט געשטורעמט אין זײַן לעבן, אַן איבערגאַנגען — איין לאַנגער פֿרילינגסטאָג, וואָס איז געווען איין יוגנטלעכער פֿלאַם.

## די העברעיִשע ליטעראַטור האָט אים דערצויגן

ווי געזאָגט: צוויי זענען געווען זײַנע הויפּט־מקורות. זײַענדיק אַ ייִנגל האָט אים דערצויגן די העברעיִשע ליטעראַטור, אויסער די ווענט פֿון אַ שול, אין דאַכשטיבל פֿון זײַן געלערנטן פֿאָטער; לאוו דווקא די ליטעראַטור פֿון זײַן דור, נאָר אויך די ליטעראַטור פֿון פֿריִערדיקע דורות, די אַלטע און נײַע, די בעלעטריסטישע און ניט־בעלעטריסטישע, צײַטונגען און מאָנאַט־שריפֿטן. און ווען ער האָט אין זײַנע לעצטע יאָרן דערציילט וועגן די דאָזיקע יוגנט־ביכער זײַנע, האָט מען געזען — דאָס בעסטע אין דער ייִדישער ירושה און די שענסטע אַנטפּלעקונגען פֿון ייִדישער באַנײַונג אין דער דאָזיקער ליטעראַטור האָבן צוזאַמען געשפּײַזט די וואָרצלען פֿון דעם דאָזיקן בוים, וואָס איז אויסגעוואַקסן און געגעבן פּרוכט פֿאַר אונדזערע אויגן דאָ אין לאַנד. דאָס איז ניט געווען קיין תלמודישע בקיאות און ניט קיין חקירה־גריבלערײַען, אָבער די גאַנצע פּיין, וואָס איז פֿאַראַן סײַ אין די מיטלאַלטער־לעכע כראָניקעס, סײַ אין דער נײַער ליטעראַטור, אינעם „שבט יהודה" און "יוון מצולה", אין „עמק הארזים" און אין דער געשיכטע פֿון די גזירות, אין "אגרת תימן" און אין אַלע אויפֿלעבונגס־זוכענישן און אויפֿבוי־פֿאַרזוכן, בײַ מיכל פּינעס און זאב יעבץ, בײַ פּרץ סמאָלענסקין און אליעזר בן יהודה — דאָס אַלץ האָט אין זיך אַרײַנגעזאַפּט דער יונגער פֿלײַסיקער תלמיד, דאָס דאָזיקע פֿאַרשטענדיקע קינד, מיט די שוואַרצע אויגן, מיט דעם תנ"ך־גלי, אין וועלכן עס האָט געברויזט דער פּאַטאָס פֿון אַ רעוואָלוציאָנער. ער האָט אין זיך אײַנגעשלונגען די דאָזיקע פֿלאַמיקע ירושה, וואָס האָט זײַן גאַנצן לעבן אין אים געיווירט ווי גוטער ווײַן. דעמאָלט האָט זיך מיט אים באַהעפֿט די שכינה פֿון דער העברעיִשער שפּראַך און ליטעראַטור — און ער האָט זיך מיט איר פֿאַרקנסט אויף אייביק.

## די רוסישע רעוואָלוציע האָט אים געלייטערט

גאַנץ פֿרי איז בערל אויך פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דעם בעסטן אין דער טראַדיציע פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע. צווישן די אָבות פֿון דער צווייטער עליה איז בערל געווען איינער פֿון די ווייניקע און געציילטע, וואָס ארץ־ישראל איז פֿאַר אים ניט געווען אַן ערשטער לעבנס־"גילוי". ער האָט דורכ־

געמאַכט די רוסישע רעוואָלוציע פֿון יאָר 1905 מיט אַלע אירע וועגן און שטעגן און ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט אירע אַלע דערהויבענישן און אַלע אירע ביטערנישן. ער האָט דורכגעלעבט אַלע אירע זוכענישן, זיך געפּרייט מיט אירע דערגרייכונגען און געליטן אירע מפּלות; ער האָט זיינע שפּייכלערס אָנגעפּילט מיט דער ברכה, מיט וועלכער זי איז רייך געווען. ס׳איז געווען ניט נאָר אַקסעלראָד און ב ע ל ט אָ װ (פּלעכאַנאָװ) פֿון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן ״קאַנאָן״, נאָר אויך די גרויסע גייסטער, וואָס זענען ניט אַריין אין דעם ״קאַנאָן״. עס איז געווען מיכאַילאָווסקי מיט זיין גרויסער פֿרייהייט־ליידנשאַפֿט. ס׳איז געווען דער שיינקייט־דורשטיקער ביעלינסקי, דער אָפּשאַצער פֿון ליטעראַטור און פּאָעזיע. עס איז געווען טשערנישעווסקי מיט זיין פֿלאַמיקן ווילן, דער באַוווּנדערער פֿון דעם שטאָלענעם רעוואָלוציאָנערישן כאַראַקטער. ס׳איז געווען דער האַרציקער הערצען, מיט זיין שטענדיקן לעכצן נאָך פֿרייהייט. ס׳איז געווען ניקאָלאַי מאַראָזאָוו, דער שליסלבורגער אַרעסטאַנט, וואָס זיין נשמה האָט אַרומגענומען דעם מענטשן און די נאַטור, הימל און שטערן, דער פֿאָרשער פֿון די סודות פֿון זיין. ס׳איז אויך געווען קראָפּאָטקין, דער נביא פֿון אַ נייעם מענטשן און אַ נייער געזעלשאַפֿט, אַ געזעלשאַפֿט פֿון גערעכטיקייט און פֿרייהייט, דער דערציִער צו קעגנזייטיקער הילף. דער יונגער בערל האָט דעמאָלט זיך געגעבן אַ נדר זיך ניט צו באַנוגענען מיטן קאָמבינירן טעאָריעס, מיט פֿראָווען זיווגים צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם, מיט זוכן די פֿאַראייניקנדיקע פֿאָרמולע און די סינטעטישע טעאָריע — דאָס האָט מען שוין געטאָן פֿאַר אים, געטאָן מיט אַ סך דערפֿאָלג און מיט אינערלעכע ראַנגלענישן — נאָר צו זוכן און געפֿינען דעם לעבעדיקן טיפּ פֿון דעם דאָזיקן מענטשן וואָס טראָגט אין זיך, אין זיין לעבן, כאַראַקטער, פֿירונגען און לעבנסשטייגער, דעם סינטעז פֿון אַ רעוואָלוציאָנערן מענטש און דערלייזנדיקן ייִדן, דעם געגאַרטן פֿרייהייטס־מענטש, וואָס זאָל אין גאַנצן זיין דורכגעדרונגען מיט ייִדישער גאַנצקייט און באַזיצן אַ נאַציאָנאַלער וואָרצלדיקייט, וואָס לאָזט זיך ניט פֿאַרטושן און אָפּגעמעקט ווערן.

## די בלאָנדזשענישן פֿון יונגן ייִדישן סאָציאַליזם

מיט דער דאָזיקער ליידנשאַפֿט איז ער פֿון זיין פֿאָטערס דאָכשטיבל אַראָפּ אין דער טומלדיקער ייִדישער גאַס צו זוכן דעם פֿאַרווירקלעכער, דעם

ס י נ ט ע ז  פֿ ו ן  פֿ אַ ר ו ו י ר ק ל ע כ ו נ ג, ניט נאָר אין דער פֿאָרמולע און אין דער טעאָריע, נאָר אין לעבעדיקן מענטשן. ער האָט זיך אַרויס־געלאָזט וואַנדערן איבער גלות־שטעט צו זוכן די שפּראָצן פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציע אין דער רוסישער רעוואָלוציע — צו זוכן די וואָס זענען ראוי צו זײַן די טרעגער פֿון אַ ממשותדיקער ייִדישער רעוואָלוציע.

ניט נאָר פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע אַליין איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל — און ניט נאָר פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור אַליין. ער איז אויך געקומען פֿון דער גרויסער פֿאַרווירונג, וואָס האָט געהערשט אין דעם יונגן ייִדישן סאָציאַליזם, פֿון דעם גרויסן קעסל, אין וועלכן עס האָט זיך געפֿונען די בעסטע ייִדישע יוגנט פֿון יענער איבערגאַנגס־צייט, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין שאָטן פֿון דער ייִדישער אויפֿלעבונג און אין שטורעם פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע. אַז מען לייענט בערלס „מײַן וועג קיין ארץ־ישראל״, געפֿינט מען דאָרטן די שפּורן פֿון יענער צײַט בעת ער האָט, אויס־געשטאָט מיט אָט די צווייִ נדרים, זיך אַרויסגעלאָזט זוכן, מיט דעם לאָמטערן אין האַנט, דעם ייִדישן מענטשן. ווי איינער פֿון די קדמונים, איז ער אַרומ־געגאַנגען צווישן די פּאַרטייען און געזוכט דעם נײַעם מענטש, וואָס זאָל זײַן מסוגל אַרויפֿצולייגן אויף זײַנע פּלייצעס די שליחותן פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציע.

ער דערציילט דאָרט, ווי אַזוי ער איז געפֿאָרן קיין קיִעוו, זײַענדיק זיכער, אַז דאָרט געפֿינט זיך  ד ע ר  ג ע ג אַ ר ט ע ר  מ ע נ ט ש. אָט דער מענטש איז געווען אָנגעלאָדן מיט ייִדישן וויסן, זײַנע וואָרצלען האָבן געשטעקט טיף אין דער ייִדישער טראַדיציע און ליטעראַטור, ער האָט אין גאַנצן געלעבט מיט דער רוסישער רעוואָלוציע. דער יונגער בערל האָט צו זיך געזאָגט: איך וועל אים קרוינען. דאָס איז דער מענטש, וואָס וועט אויף זיך נעמען די אויפֿגאַבע צו פֿאַרווירקלעכן די רעוואָלוציע אין דעם אייגענעם פֿאָלק.

דער וואָס האָט געזוכט צו קרוינען אַן אַנדערן האָט ניט געוווּסט, אַז ער אַליין טראָגט אויף זײַן קאָפּ די דאָזיקע קרוין. דער מאַן וואָס אויף זײַנע פּלייצעס האָט ער געוואָלט אַרויפֿלייגן די פֿירער־שליחות האָט אים ביטער אַנטוישט. די אַנטוישונג אין אים און זײַנע פֿרײַנד האָט ניט אויפֿגעהערט צו פֿאַרביטערן זײַן האַרצן זײַן גאַנץ לעבן. וואָרעם דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט געהאָט אַלע מעלות, דאָס וויסן און די וואָרצלדיקייט, דעם רעוואָלוציאָ־נערן טעמפּעראַמענט און די לײַדנשאַפֿט פֿאַר פֿרײַהייט און די גרייטקייט זיך

מקריב צו זײַן, האָט געהאַט בלויז איין אָרגאַנישן מאָראַלישן מום: די התבטלות פֿאַר דער ניט־ייִדישער רעוואָלוציע. און ווען בערל האָט זיך צו אים דערנענטערט, האָט ער פֿאַרויסגעזען, וואָס עס וועט מיט דעם מענטשן געשען יאָרן שפּעטער, ווען עס וועט קומען די באָלשעװיסטישע רעוואָלוציע, — די ייִדישע בגידה פֿון די ייִדישע קאָמוניסטן.

וואָרעם דערפֿאַר וואָס ער האָט געהאַט דעם דאָזיקן מום, האָבן אים ניט געהאָלפֿן אַלע זײַנע ייִדישע און מענטשלעכע און רעוואָלוציאָנערע מעלות. און דערפֿאַר האָט ער, אַנשטאָט צו ווערן בערלס מורה־דרך, אים געלערנט בלויז איין געבאָט: מיט דײַן גאַנצער נשמה, מיט דײַן לעבנסגלוט, זאָלסטו זיך שטעלן קעגן דער געפֿאַר, וואָס לויערט שטענדיק אויף דער ייִדישער רעוואָלוציע, ביז וואַנען עס וועט בטל ווערן די געפֿאַר פֿון התבלטות פֿאַרן צויבער פֿון דער גרויסער פֿרעמדער רעוואָלוציע.

און אָט פֿון דער דרײַפֿאַכער טראַדיציע — פֿון דער ברכה פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור, פֿון דער פֿרײַהייטס־לײַדנשאַפֿט פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע און פֿון די בלאָנדזשעניש און שטרויכלונגען פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג — איז געשאַפֿן געוואָרן דער פֿורעם אין וועלכן עס איז אויסגעשמידט געוואָרן די נייע מטבע, וואָס בערל האָט אויסגעגאָסן: דער כאַראַקטער פֿון דעם מענטשן אין אונדזער באַוועגונג.

ער איז דעמאָלט געווען אַ מיטגליד פֿון דער ס״סישער פּאַרטיי. ס׳איז כדאי אַז די ס״ס־פּאַרטיי זאָל דערמאָנט ווערן, בעת מען רעדט וועגן בערלען. די ס״ס איז געווען די פּאַרטיי, וואָס האָט, מער ווי אַלע אַנדערע ייִדישע פּאַרטייען אין יענער צייט, פֿאַרויסגעזען די שוואַרצע צוקונפֿט, וואָס עס דראָט ייִדן אין דער פֿרעמד. זי איז געווען די פּאַרטיי פֿון פּעסימיזם, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט דעם באַוווסטזײַן, אַז ייִדן קענען ניט האָבן קיין תקומה צווישן די פֿעלקער, אַז „בגויִם ההם לא תרגיע״. מיט רעוואָלוציע, אָן רעוואָלוציע, בשעת רעוואָלוציע, — שטענדיק דראָט דער באַרג־אַראָפּ און די אויפֿלייזונג. אָט דער פּעסימיזם בנוגע דעם גלות, מיט וועלכן די ס״ס זענען געווען דורכגעדרונגען, איז געווען דער גרויסער און באַזונדערער זכות פֿון דער דאָזיקער פּאַרטיי. דערמיט איז זי געווען אַ פּינסקער־באַוועגונג. נאָך מער ווי פּינסקער, האָט זי געזען דעם אָפּגרונט, וואָס לויערט אויפֿן גלות. וואָרעם זי האָט שטודירט און אַנאַליזירט די ייִדישע עקאָנאָמיק און דעשיפֿרירט די סיגנאַלן פֿון דער קומענדיקער קאַטאַסטראָפֿע.

איך וויל ניט זאָגן, אַז זי האָט פֿאָרויסגעזען דאָס, וואָס ס'איז איצט געקומען (דאָס האָט קיינער ניט פֿאָרויסגעזען. עס איז צווישן אונדז ניטאָ קיין איין שוואַרצזעער, וואָס זאָל זיך קענען באַרימען, אַז ער האָט פֿאָרויסגעזען דאָס, וואָס היטלער האָט אָפּגעטאָן אין אונדזער צײַט. קיין איינער פֿון אונדזערע ווײַטזעענדיקע פעסימיסטן האָבן דאָס ניט פֿאָרויסגעזען, אין דער דאָזיקער פֿאָרעם און אין אַזעלכע דימענסיעס), אָבער עס איז זיכער דעמאָלט ניט געווען קיין איין פּאַרטיי, וואָס האָט אַזוי שאַרף געזען, אַז מיר זענען אין גלות פֿאַמשפּט צום אונטערגאַנג און האָט געפּרוווט בויען די פּאַרטיי אויפֿן יסוד פֿון דער דאָזיקער דערקענטעניש, ווי ס'האָבן עס געטאָן די ס"ס.

און עס איז ניט געווען בײַ ייִדן קיין צווייטע פּאַרטיי, וואָס זאָל שפּעטער אַזוי אומטרײַ ווערן איר אייגענעם פּראָגנאָז, וואָס זאָל אַזוי צונישט מאַכן די דאָזיקע גרויסע דערקענטעניש און פֿאַרטאַכלעווען איר פֿאַרצווייפֿלונג, ווי דאָס האָט געטאָן די דאָזיקע פּאַרטיי, ווען זי האָט זיך פֿאַראייניקט מיט אירע געוועזענע קעגנערס און שלום געמאַכט מיט דעם סאַמע עקסטרעמען גלות־אָפּטימיזם. אַ סך פֿירערס אירע האָבן פֿאַרלאָרן דעם וועג אין דעם דאָזיקן מדבר פֿון התבטלות און זעלבסט־פֿאַרלייקענונג, פֿון וועלכן עס איז ניטאָ קיין וועג צוריק.

„ניט־פּראָלעטאַריזאַציע"

בערל האָט געהאַט אַ חלק אין דער באַגרינדונג פֿון דער דאָזיקער לערע וועגן דער קומענדיקער ייִדישער קאַטאַסטראָפֿע אין גלות. אין מאָמענטן פֿון אָפֿנהאַרציקייט, ווען ער האָט ניט מורא געהאַט, אַז מען זאָל דערין זען אַ שמץ פֿון גאווה, פֿלעגט בערל דערציילן — און שפּעטער האָב איך געפֿונען דאָקו־מענטן, וואָס האָבן דאָס באַשטעטיקט, — אַז עס דאַכט זיך אים, אַז ער האָט דאָס געשאַפֿן די באַרימטע טעאָריע פֿון „ניט־פּראָלעטאַריזאַציע". דעם מאַ־טעריאַל און די פֿאָרמולירונג האָט געליפֿערט יעקב לעשצינסקי. דעם וועג דערצו האָט געעפֿנט ד"ר ח. ד. הורוויץ, אויף דעם מינסקער ציוניסטישן צוזאַמענפֿאָר, וואָס בערל — דעמאָלט אַ פּופּצן־יאַריק ייִנגל — איז געווען איינער פֿון זײַנע געסט. אין זײַנע וויכּוחים מיט זײַנע פֿרײַנד און קעגנערס, אין זײַן דיסקוסיע מיט באָראָכאָוון, אין דער דיסקוסיע מיט יהודה גאָוואָקאָוו־סקי, האָט ער שוין אָנגעהויבן אַנטוויקלען דעם געדאַנק וועגן „ניט־פּראָלע־

טאַריזאַציע", דאָס הייסט, די הנחה, אַז אין גלות איז פֿאַר ייִדן פֿאַרשלאָסן דער וועג צו שותפֿות אין דער אַרבעטער־רעוואָלוציע, דערפֿאַר וואָס עס איז פֿאַר זיי דאָרט פֿאַרשלאָסן דער וועג צו אַרבעט. נאָך דעם איז די דאָזיקע טעאָריע וועגן „ניט־פּראָלעטאַריזאַציע" געוואָרן דער גרונט־יסוד פֿון דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם אין זײַנע אָנהייב־יאָרן. שפּעטער האָט מען זיך פֿון דער טעאָריע אָפּגעזאָגט, זי מאָדיפֿיצירט, זי פֿאַרטיפֿט. עס איז געווען אַ צײַט, ווען באָראָכאָוו איז געווען אַן אָנהענגער פֿון דער דאָזיקער טעאָריע, און אַ צײַט ווען ער האָט געשריבן קעגן איר און זי אַנדערש פֿאַרמולירט. פֿון דער „ניט־פּראָלעטאַריזאַציע"־טעאָריע איז ער געקומען צו דער פֿאַרמולירונג „ניט־אינדוסטריאַליזאַציע" און שפּעטער איז דערפֿון געבוירן געוואָרן זײַן אויפֿפֿאַסונג וועגן די אַנאָמאַליעס פֿון דער סטראַטעגישער באַזע פֿון דעם ייִדישן אַרבעטער אין זײַן קלאַסנקאַמף אין גלות. איך פֿאַרנעם זיך ניט איצט מיט דער געשיכטע פֿון די דאָזיקע באַגריפֿן, אָבער דאָס דאָזיקע ייִנגל, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער דערקענטעניש פֿון אונדזער אַנאָמאַליע אין גלות, איז שוין דעמאָלט געווען צווישן די שאָפֿערס פֿון דער „הלכה" פֿון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. שפּעטער איז אים דאָס אַלץ פֿרעמד געוואָרן און ער האָט אַלע זײַנע באַמיִונגען געווידמעט דעם שאַפֿן פֿון לעבעדיקן קאָלאָס, וואָס אויף זײַנע פּלייצעס זאָל אַרויפֿגעלייגט ווערן די אויפֿגאַבע פֿון דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציע.

## דער קליינער קרײַז

דעמאָלט איז ער עולה געווען. ער איז עולה געווען אַליין. אַן „הכשרה", אַן „החלוץ" — דער „החלוץ" איז נאָך דעמאָלט ניט געווען. אויך די אַנדערע אבות פֿון דער צווייטער עליה, די וואָס זענען עולה געווען פֿאַר אים און צוזאַמען מיט אים, האָבן ניט באַקומען קיין הכשרה, און האָבן זיך ניט געגרייט צו זייער עליה אין דער היים. עס איז דעמאָלט ניט געווען קיין „החלוץ" און ניט געווען קיין „הכשרה" און עס איז ניט געווען ווער עס זאָל צוגרייטן חלוצים. עס זענען אָבער געווען חברים אין גלות, וואָס זייער פּאַרטיי האָט זיי געזאָגט: מען דאַרף עולה זײַן. און עס זענען געווען חברים, וואָס זייער פּאַרטיי אין ארץ־ישׂראל האָט זיי גערופֿן עולה צו זײַן. בערל האָט ביידע

זאָכן ניט געהאַט. זײַן פּאַרטיי האָט אים ניט געשיקט, זײַנע חברים אין ארץ־ישׂראל האָבן אים ניט גערופֿן, ער איז עולה געווען אַליין, אויף דער אייגענער אחריות, אָן פֿאַרבינדונגען מיט עמעצן דאָ, אָן פֿאַרבינדונגען מיט עמעצן דאָרט, דאָרט זענען זײַנע חברים אַוועק אויף אַן אַנדער וועג. זיי אַלע, זײַנע לערערס און חברים און תּלמידים, פֿון צווישן די ס״ס און י״ס און די אַנדערע בלאָנדזשענדיקע פֿון דעם דור, האָבן ניט דערוואַרט אים צו זען ווי אַן עולה קיין ארץ־ישׂראל און זיי האָבן ניט געאַנט די ראַלע וואָס די דאָזיקע עליה וועט שפּילן.

אין מדרש ווערט דערציילט: ווען משה־רבינו האָט געזען, אַז עס איז פֿאַרזיגלט געוואָרן דער גזר־דין, האָט ער אַרום זיך אָנגעצייכנט אַ קליינעם קרײַז און האָט געזאָגט: רבונו־של־עולם, איך וועל זיך פֿון דאַנען ניט רירן, ביז וואַנען דו וועסט ניט בטל מאַכן די גזירה. און יודעי ח״ן האָבן דאָס אַזוי מפֿרש געווען, אַז משה רבינו האָט געזען, אַז עס איז אין דער גאָרער וועלט ניט פֿאַרבליבן קיין האָפֿענונג, האָט ער זיך מצמצם געווען אין אָט דעם קליינעם קרײַז און ער האָט דעם קרײַז ממלא געווען מיט אַ שפּע פֿון הויכער קדושה. און ער האָט געזאָגט: אויף דער גאַנצער וועלט האָב איך מוותר געווען, אָבער אין דעם דאָזיקן קרײַז וועל איך זיך באַפֿעסטיקן מיט אַלע מײַנע כּוחות און כ'וועל אים אָנפֿילן מיט אַזאַ לויטערקייט, וואָס וועט אין גאַנצן פֿאַרטרײַבן די בייזע גזירה, און דער דאָזיקער גרויסער און הייליקער גײַסט, וואָס דער דין וועט אויף אים קיין שליטה ניט האָבן, וועט וואַקסן און מעכטיק ווערן און וועט אַרויס פֿון די ענגע ד׳ אמות, און וועט זיך ראַנגלענדיק אויסשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט ביז וואַנען ער וועט אומעטום צערײַסן דעם געחתמעטן גזר־דין.

אומגעפּער אַזוי האָבן געטראַכט בערלס פֿרײַנד און בערל אַליין, די שאַפֿערס פֿון דער צווייטער עליה: אָט די גרויסע וועלט, סײַ די אַלגעמיינע און סײַ די ייִדישע, וועלן מיר שוין ניט ענדערן, וואָרעם דער גזר־דין איז שוין פֿאַרזיגלט. און דער גזר־דין קען געבראָכן ווערן בלויז אויב מיר וועלן אַרום זיך אָנצייכענען אַ קליינעם קרײַז — דאָ, אין אום־דזשוני, אין בן־שמן, אויף די ברעגעס פֿון דער כּנרת. אין דעם קרײַז וועלן מיר זיך באַפֿעסטיקן, אַפֿילו אויב מיר וועלן זײַן אַ קליין הײַפֿל, עטלעכע צענדליק, געציילטע הונדערטער, אָן קיין קלאָרער פֿאָרשטעלונג וועגן דעם, ווי אַזוי דאָס ליכט זאָל פֿון דאַנען דערגרייכן דעם דרויסן. מען דאַרף בכלל מער ניט רעדן וועגן

גאולה; מיר האָבן ניט קיין רעכט אויסצורעדן דעם דאָזיקן פֿולן נאָמען. לאָמיר עס טראָגן אין האַרצן. לאָמיר זיך פֿאַרבאַריקאַדירן אין דעם דאָזיקן קרײַז, פֿון וועלכן מיר וועלן זיך שוין ניט רירן. און לאָמיר אים אָנפֿילן מיט די העכסטע געבאָטן, וואָס אַ ייִד און אַ פֿרײַער מענטש איז זיך פֿעיִק צו שטעלן, לאָמיר דעם קרײַז דורכדרינגען מיט לעבעדיקן העברעיִש, מיט ליבע צו דער אומה, מיט זעלבסטשטענדיקער לאַנדווירטשאַפֿט, מיט קבוצה־לעבן, מיט דער גלײַכהייט פֿון דער פֿרוי, מיט אַ נײַער דערציִונג פֿון דעם קינד — אַ נײַער הימל און אַ נײַע ערד, כאָטש בלויז אויף אַ קליין שטיקל באָדן, אָבער נײַ און באַנײַט אין דער געשטאַלט פֿון דער געגאַרטער וועלט. און אָט אין דעם קליינעם קרײַז לאָמיר זײַן פֿאַראייניקט אין לעבנס־שטייגער און אין אונדזער וויזיע. אין דעם קרײַז וועט יעדער איינער פֿון אונדז זוכן אַ תּיקון פֿאַר זײַן נשמה. און פֿון דעם דאָזיקן זעלבסט־תּיקון וועט אויסוואַקסן דער גרויסער תּיקון פֿון פֿאָלק און געזעלשאַפֿט. דעמאָלט וועט געבוירן ווערן דער נײַער און גוטער גײַסט, אויף וועלכן דער גזר־דין וועט שוין ניט האָבן קיין שליטה און ער וועט זיך אַרויסרײַסן פֿון די גרענעצן פֿון דעם קליינעם קרײַז און זיך אויסשפּרייטן העט־ווײַט און צערײַסן דעם גזר־דין, וואָס הענגט איבער דעם גאַנצן פֿאָלק.

**אויף די ברעגעס פֿון כּנרת**

איך וויל ניט דערציילן קיין זכרונות, אָבער איך וויל דערציילן וועגן איין שמועס, וועגן מײַן ערשטן שמועס מיט בערלען. דאָס איז געשען אין תּמוז 1911. איך בין דעמאָלט געקומען אויף אַ באַזוך בײַ דעם קרײַז אויף די ברעגעס פֿון כּנרת. איך בין געווען יונג און פֿאַרליבט אין אַלץ וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען אין ארץ־ישׂראל און צווישן די אַרבעטער פֿון ארץ־ישׂראל. איך האָב ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן קיין שלעכט וואָרט, וואָס איך האָב אין ארץ־ישׂראל געהערט וועגן ארץ־ישׂראל אָדער וועגן עמעצן אין ארץ־ישׂראל. פֿון ירושלים בין איך געגאַנגען קיין גליל, און איין הייסן ערב שבת, בין איך אָנגעקומען קיין כּנרת, אַ פֿאַרגאַפֿטער פֿון דער שיינקייט פֿון פּלאַץ און דער אַרבעט פֿון מײַנע ברידער. דאָרט איז מיר אַנטקעגנגעקומען דער נײַער מענטש, דער מענטש פֿון דער אַרבעטנדיקער קבוצה, בעת ער איז פֿון פֿעלד געגאַנגען אַהיים — בערל. ער איז געקומען פֿון פֿעלד אין צעריסענע

קליידער, לאַטע אויף לאַטע, גרינגע לאַטעס אויף שוואַרצן שטאָף. אין ערשטן מאָמענט בין איך דערשטוינט געוואָרן פֿון אַט דעם מאָדנעם אויסזען, פֿון אַט דער נזירות פֿון יעדער באַלעבאַטישקייט און קליינבירגערלעכקייט; עס איז אין דעם געווען עפּעס פֿון שבירת כל הכּלים. און צוזאַמען דערמיט האָט פֿון אים אַרויסגעשטראַלט עפּעס אַ נײַע פּשטות, אַן אויפֿריכטיקייט, פֿאַר וועלכע איך האָב ניט קיין נאָמען. אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געשמועסט. און איך שעם זיך ניט צו זאָגן: אַ סך יאָרן האָב איך געלעבט מיט דעם פּראַצענט פֿון דעם פּראַצענט פֿון יענעם שמועס.

איך געדענק דעם גאַנצן שמועס, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געפֿירט. איך בין כּמעט גרייט אים צו פֿאַרצייכענען זאַץ נאָך זאַץ. אָבער איך וויל דער־מאָנען בלויז איין זאַך, וואָס האָט אַ שײַכות מיט אונדזער ענין. איך בין געווען אַ פּועלי־ציון. איך בין געקומען פֿון רוסלאַנד, און ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט וויסן, וואָס עס טוט זיך אין דער באַוועגונג אין גלות. איך האָב אים דערציילט וועגן די אויפֿגאַבן, מיט וועלכע מײַנע חברים פֿאַרנעמען זיך דאָרט — וועגן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און עקאָנאָמישער פּראָדוקטיווי־זאַציע, וועגן נײַע שולן, וועגן העברעיִש און ייִדיש, וועגן קאַמף פֿאַר רעכט, וועגן ביטערן קאַמף מיט דער רעאַקציע, וועגן אַ באַנײַטער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע, וועגן דעם אָנהייב פֿון אַ חלוצים־באַוועגונג (זי האָט דעמאָלט געהייסן „פּיאָנערן"), וועגן קאַמף מיט דער אַסימילאַציע, וועגן דער רעגו־לירונג פֿון דער עמיגראַציע, וועגן אַלע תּרי"ג מצוות.

און איך דערמאָן זיך ווי אכזריותדיק בערל איז געווען מיט מיר און ווי ביטער עס זענען געווען זײַנע ווערטער. ער האָט גערעדט ביטער און אכזריות־דיק וועגן דעם עקזיסטירנדיקן אין לאַנד, האָט קיין זאַך ניט פֿאַרשענערט, ער האָט ניט געוואָלט, אַז איך זאָל זיך צופֿיל פֿאַרליבן אין דער ווירקלעכקייט, וואָס האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט אין לאַנד און האָט מיר ניט געוואָלט זיך לאָזן נאַרן. ער האָט גערעדט שלעכטס וועגן די מענטשן פֿון ירושלים, האָט גערעדט שלעכטס וועגן די יפֿוער כּלל־טוערס, האָט געריסן פּאַסן פֿון די קאָלאָניעס. און ער האָט גאָרניט געוואָלט זאָגן וועגן די אַלע וויכטיקע און צווייפֿלהאַפֿטע אויפֿגאַבעס אין גלות, וועגן וועלכע איך האָב אים דער־ציילט. ער האָט געזאָגט בלויז דאָס: ווען אַ מענטש הייבט זיך אויף און פֿאָרט קיין ארץ־ישׂראל און טרעט אַרײַן אין אַ קבוצה, איז ער פּטור פֿון אַלע מצוות, וואָס דו האָסט אויסגערעכנט. ניט דערפֿאַר וואָס זיי זענען ניט קיין

מצוות, נאָר דערפאַר וואָס אויף אַזעלכע מצוות וועלן זיך שטענדיק געפינען בעלנים. מיר בייטיקן זיך אין מענטשן, וואָס זאָלן מותּר זײַן אויף אָט די אַלע מצוות און זאָלן אויף זיך נעמען דעם גאַנצן עול פון די נײַע מצוות. מצוות התּלויות בארץ און זײַן באַנײַונג. אין דעם מאָמענט, וואָס איינער נעמט אויף זיך די דאָזיקע נײַע ארץ־ישׂראל־מצוות, איז ער פּטור פון אַלע גלות־מצוות.

דאָס האָרץ האָט ניט לײַכט אָקצעפּטירט די דאָזיקע לערע. מיר האָבן זיך אַ סך געראַנגלט. מיר האָבן זיך געראַנגלט יאָרן. און ווי גליקלעך איז אונדזער דור, וואָס בערל האָט אים באַזיגט. פון דער דאָזיקער פעיִקייט זיך צו פאַרפעסטיקן אין דעם גלות, פאַרגעסן די רעוואָלוציע, ווי וועלט־נזירים און פאָלקס־נזירים — איז געשאַפן געוואָרן די קליינע און געבענטשטע, אָבער אַלץ מער זיך אויסברייטערנדיקע און וואַקסנדיקע, נײַע ייִדישע געזעלשאַפט, וואָס האָט פאַרצויבערט און אײַנגעשלונגען איין כוואַליע אײַנוואַנדערער נאָך דער צווייטער, אײַנגעקרײַזט אין אירע געבאָטן, זיי דורכגעדרונגען מיט פאַרווירקלעכונג־ווילן. פון דעם דאָזיקן סוד הצמצום פון דער צווייטער עליה איז אַרויסגעוואָקסן די ברכה פון דער גרעסטער עקס־פּאַנסיע אין דער געשיכטע פון דעם ציוניזם.

און איין גאַראַנטיע האָט בערל געזען דערפאַר, אַז די דאָזיקע ברכה זאָל באַשטיין: צוזאַמען מיט דער פּשוטער לעבנס־פירונג און דער איבער־געגעבנקייט צו דער אַרבעט און דער העזה צו פאַרווירקלעכונג — זאָל אויך הערשן די אמתע אייניקייט פון אַלע די וואָס געפינען זיך אין דעם קרײַז. אָן שום מחיצות וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פון דער פרעמד, אָן מחיצות וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין ארץ־ישׂראל. זיי זענען אַלע מוקצה. אין זיי אַלעמען לויערט דער שטן. די אמתע אייניקייט פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישׂראל אַרום די נ ײַ ע אויפגאַבעס, וואָס וואַקסן אַרויס פון די באַדערפענישן פון דעם נײַעם לעבן אין ארץ־ישׂראל, איז דער ערשטער תּנאי פאַר דער הצלחה פון דער באַוועגונג.

ער האָט שטענדיק געוווּסט, אַז באַזונדערס אויף אָט דעם שטח לויערט די סכּנה. און ער איז שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך אויף אָט דעם סאַמע געפערלעכן פּלאַץ.

צוויי זײַטן האָט געהאַט די מטבע, וואָס בערל און זײַנע חברים האָבן אויסגעגאָסן אין דעם קרײַז און איבערגעגעבן דעם דור: חלוצישע געטרײַ־

קייט צו הײַנטיקע קטנות — צום בוי, צו דער ערד, צום לייגן אַ ציגל אויף אַ ציגל יעדן טאָג און יעדע שעה, און גלײַכצײַטיק אָפּהיטן אין זיך די וויזיע פֿון די קומענדיקע גרויסע מעשׂים. קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן, אַז אַפֿילו אויב איך וועל מײַן לעבן מקריב זײַן פֿאַר די קלייניקייטן, פֿאַר זייער שאַפֿונג און פֿאַרטיידיקונג, זענען דאָס ניט מער ווי קלייניקייטן, אויב אין האַרצן שײַנט ניט דאָס גרויסע ליכט.

פֿון אָט דער טרײַקייט צו „קטנות" איז געקומען אַלץ וואָס מיר האָבן דערגרייכט — אין פֿעלד און אין וואַרשטאַט און אין דער ווירטשאַפֿט, אין דער אָרגאַניזאַציע און אין דעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און אין דער ליטע־ראַטור, אין דער זעלבסטשוץ און אין דער דערציִונג. ווײַל מען וויסן, ווי אַזוי דער דאָזיקער בערל, דער מענטש, וואָס האָט זיך אַזוי פֿולשטענדיק איבערגעגעבן די „קטנות", דעם טאָג־טעגלעכן שאַפֿן און דער טאָג־טעגלעכער „חיבת ציון", דעם בוים און דער פֿלאַנץ, דער קבוצה און דעם „ארגון", האָט אין האַרצן געטראָגן די גרויסע וויזיע, איז איר געגאַנגען אַנטקעגן, ווען ס'האָט אויפֿגעשײַנט די ערשטע האָפֿענונג, אַז עס איז ענדלעך געקומען איר צײַט — דאַרף מען לייענען זײַנע ווערטער פֿון דער צײַט פֿון דער מאָביליזאַציע אין ייִדישן לעגיאָן. מיט דער דערוואַרטער משיח־וויזיע אין האַרצן, האָט ער, צוזאַמען מיט אַנדערע, גענומען די ביקס אין דער האַנט און איז אַרויס דער אומקלאָרער צוקונפֿט אַנטקעגן.

און עס איז ניט געווען קיין קאָנפֿליקט צווישן די צוויי זאַכן. דאָס פֿײַער פֿון האָפֿענונג אין האַרצן האָט געשמידט דעם ווילן צו בויען און די רעזול־טאַטן פֿון דעם אויפֿבוי האָבן גענערט די לײַדנשאַפֿט פֿאַר די גרויסע מעשׂים און געאיבט די מוסקולן זיך צו ראַנגלען פֿאַר דעם בײַ יעדער געלעגנהײַט.

און צו אָט די צוויי זײַטן פֿון דער מטבע איז בערל געטרײַ געבליבן די גאַנצע צײַט פֿון דעם טאָג, וואָס ער איז עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל ביז דעם טאָג, וואָס ער האָט זיך מיטן לעבן געשיידט.

### אין רשות הרבים

און ווען דער כוח איז צײַטיק געוואָרן, ווען עס איז רײַף געוואָרן די פּערזענלעכקייט פֿון דער צווייטער עליה, איז בערל אַרויס אין קאַמף פֿאַר דער דעראָבערונג פֿון דער באַוועגונג אין גלות. זינט יענעם מאָמענט האָט זיך

אָנגעהויבן דער נצחון־וועג פֿון דעם ארץ־ישׂראלדיקן אַרבעטער אין פֿאָלק און פֿאַר זײַן אויפֿלעבונג

אין דעם דאָזיקן קאַמף, וואָס בערל האָט געפֿירט, איז געלעגן אַ גרויסע העזה. עס איז אוממעגלעך צו רעדן וועגן בערלען און ניט רעדן וועגן דער דאָזיקע פֿאַזע פֿון זײַן טעטיקייט. די דאָזיקע העזה האָט אים אויך פֿאַר־שאַפֿט פֿיל ביטערניש; אָבער אָן דער דאָזיקער העזה וואָלטן מיר ניט געווען דאָס, וואָס מיר זענען הײַנט.

די וואָס האָבן דאָס שוין אפֿשר פֿאַרגעסן, מעגן גליקלעך זײַן, וואָס זיי האָבן עס פֿאַרגעסן, אָבער די וואָס האָבן אַ זכרון אָדער גרויע האָר אויפֿן קאָפּ — זיי דאַרפֿן דאָס נאָך גוט געדענקען. עס איז אַ מאָל אין אונדזער דור פֿאָרגעקומען אַ גרויסער געראַנגל — דער שפּראַכנקאַמף, איך וואָלט געזאָגט, דער ייִדישער „קאַמף פֿון אַלע קאַמפֿן", אַ קאַמף וואָס איז געווען ביטערער פֿון די אַלע שפּאַלטונגען, וואָס האָבן געפֿרעסן און פֿרעסן נאָך אונדזער באַ־וועגונג ביזן הײַנטיקן טאָג, און וואָס יעדער איינער פֿון אײַך ווייס וועגן זיי. איך וויל אײַך טרייסטן: דער שפּראַכנקאַמף איז געווען נאָך מער פֿאַרביטערט פֿון אָט די אַלע קריגערייען. ערשט מיט געציילטע צענדליקער יאָרן צוריק האָט געשטורעמט דער דאָזיקער קאַמף, וואָס איז געווען אָן אמתער „רעליגיעזער" קריג, וועלכער האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק צעריסן אויף צוויי טיילן, און וואָס אין פֿאַרשיידענע גילגולים, אָפֿענע און פֿאַרבאָרגענע, האָט ער אין אונדז אַלעמען געלאָזט אַ חורבן, אַ קאַמף וואָס איז נאָך אפֿשר הײַנט ניט אויסגעלאָשן אין גאַנצן, און וואָס דער אַנאַליטישער היסטאָריקער קען נאָך אפֿשר הײַנט געפֿינען די פֿאַרבאָרגענע שטעגן, אויף וועלכע דער דאָזיקער שטן, איינגעהילט אין משונהדיקע און נײַע לבושים, טאַנצט נאָך איצט זײַנע לעצטע טענץ. דעמאָלט האָט ער געטאַנצט אָפֿן, מיטן גאַנצן טעמפּעראַמענט, האָט אָפּגעפֿרעמדט ברידער און געמאַכט ריסן אין יעדן הארץ און האָט פֿאַרהאַסט איין מחנה אין די אויגן פֿון דער צווייטער, און ברודער אין די אויגן פֿון ברודער. ווי בערל פֿלעגט זייער אָפֿט ציטירן: „ואיש את בשר רעהו יאכל".

ווען דער דאָזיקער קאַמף וואָלט זיך געצויגן ביז הײַנט, ווען דער דאָזי־קער קריג וואָלט געהאַט די קראַפֿט ביז הײַנט צו באַהערשן אונדזער געזעל־שאַפֿטלעכקייט — ווער ווייס צי מיר וואָלטן איצט געזען אונדזער גאַנץ ווערק אין ארץ־ישׂראל? אונדזער ווערק איז מעגלעך געוואָרן דערפֿאַר, ווײַל

עס איז אויפגעקומען אַ נײַער שמשון, וואָס האָט געשטורעמט די דאָזיקע קעגנערס און האָט זיי געצווּונגען צו פֿאַרגעסן די שנאה און שליסן צווישן זיך אַ בונד פֿון מעשׂים. דער דאָזיקער שמשון, זײַן כּוח, זײַן אָנגריף און זײַן נצחון, זענען אויף אייביק פֿאַרבונדן מיט בערלס נאָמען.

„אחדות העבודה"

דעם דאָזיקן בונד האָט דורכגעפֿירט די „אחדות העבודה". נאָך דעם ייִדישן לעגיאָן, בעת עס האָט זיך אין דער חלוצישער מחנה אין ארץ־ישׂראל אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן דער געגאַרטער טיפּ מענטש, דער פּראָדוקט פֿון די באַגערן פֿון די אבות פֿון דער צווייטער עליה, און עס איז אויפֿגעקומען אין די טויזנטער אַ ייִדישער אַרבעטער, אַ פֿאָלקסמענטש, אַן אײַנגעוואָרצלטער, אַ בויער, אַ רעוואָלוציאָנער, אַ מענטש וואָס איז זיך מקריב פֿאַר קלייניקייטן און שטרעבט תּמיד צו גרויסע מעשׂים, און עס איז געקומען די צײַט, אַז ער זאָל אַרויסגיין אין דער ברייטער ייִדישער גאַס — איז „אחדות העבודה" געווען דער שם־המפֿורש, וואָס מיט זײַן כּוח איז געבראָכן געוואָרן דער הערמעטישער קרײַז, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם ייִדישן אַרבעטער אין לאַנד. מיט זײַן כּוח איז די „אחדות העבודה" אַרויס דעראָבערן ווײַטע חברים, זיך פֿאַרבינדן מיט חברים וואָס האָבן זיך געדוכט צו זײַן קעגנערס, אָבער וואָס זייער עצם־וועזן און זייער שליחות האָבן זיי באַפֿוילן צו ווערן ברידער, זיי מצרף צו זײַן צו דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישׂראל. אין נאָמען פֿון דער „אחדות העבודה" איז צושטאַנד געקומען דער דאָזיקער בונד.

אין דער „אחדות העבודה" איז בערלס גײַסט געקומען צום דירעקטן און פֿולסטן אויסדרוק. אין דער „אחדות העבודה" האָט ער אַרײַנגעלייגט זײַן גאַנצן וועזן, מיט אַלע זײַנע געדאַנקען, מיט זײַן וויזיע, מיט זײַנע פֿאַרמולירונגען און בענקענישן. און צוזאַמען מיט אַ הײַפֿל חברים האָט ער זי געפֿירט מיטן ציל זי צו פֿאַרבינדן מיט דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין גלות — מיט דער באַוועגונג וואָס איז געווען חשוד אין ייִדישיזם, און וואָס האָט אין זיך געטראָגן אַ סך פֿאָלקסטימלעכקייט, אָבער האָט זיך דערווײַטערט פֿון העברעיִש און איז אין גאַנצן געווען אַרײַנגעטאָן אין די טאָג־טעגלעכע זאָרגן און קאַמפֿן פֿון גלות. יאָ, מען האָט געדאַרפֿט

האָבן אַ גרויסע העזה כּדי אַרײַנצושפּרינגען אין דעם דאָזיקן בונד און זיך ניט שרעקן פֿאַר דעם שאָדן וואָס ס׳וועט ברענגען העברעיִש. און צווישן אונדז איז ניט געווען קיין גרעסערער קנאי פֿון העברעיִש, קיין מענטש וואָס האָט זיך אַזוי געזאָרגט פֿאַר העברעיִש, ווי בערל. ער איז נאָך געווען אַ קנאי פֿון העברעיִש אין רוסלאַנד, ווען ער האָט לויט זייער באַציִונג צו העברעיִש געמאָסטן די מענטשן פֿון דער באַוועגונג — ווער פֿון זיי עס וועט פֿאַרלירן דעם נאַציאָנאַלן פּנים און צום סוף זיך אין גאַנצן פֿאַרראַטן, און ווער עס וועט מסוגל זײַן אויסצוהאַלטן די פֿײַער־פּראָבע און בלײַבן אַ דינער פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציע. העברעיִש איז פֿאַר אים שטענדיק געווען אַזאַ פּראָבע. אַ סך פֿון אונדז געדענקען ווי גרויס ס׳איז געווען דער פּחד פֿאַר דער „אחדות העבודה״ בײַ אונדזערע חברים אין גלות. עס לעבן נאָך חברים וואָס געדענקען, ווי אַזוי מען האָט זיך אין ארץ־ישׂראל געשראָקן פֿאַר די רעזולטאַטן פֿון דעם דאָזיקן בונד, פֿאַר דער „אחדות העבודה״. מען האָט מורא געהאַט, אַז בערל צווינגט זיי זיך צו פֿאַרבינדן מיט פֿרעמדע עלעמענטן און שטעלט אין סכּנה די בעסטע דערגאַבערונגען פֿון דער ארץ־ישׂראלדיקער אַרבעטערשאַפֿט. צוליב דער דאָזיקער מורא איז דאָך טאַקע ניט דערגרייכט געוואָרן די פֿולע אייגהייט פֿון דער באַוועגונג אין ארץ־ישׂראל. איך אַליין געדענק די מורא דאַרטן, די אימה וואָס דער בונד מיט דער „אחדות העבודה״ האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף דער וועלט־באַוועגונג פֿון די פּועלי־ציון אין גלות. ווער ווייס, צי די דאָזיקע מורא פֿאַר דער „אחדות העבודה״ האָט ניט געפֿירט צו דער שפּאַלטונג וואָס איז פֿאַרגעקומען אויף דער ערש־טער נאָך־מלחמהדיקער וועלט־קאָנפֿערענץ פֿון די פּועלי־ציון? אין ארץ־ישׂראל איז צוליב דער מורא פֿאַר דעם דאָזיקן בונד ניט צושטאַנד געקומען די פֿולע אייגהייט פֿון דער באַוועגונג און אין גלות איז צוליב דער זעלבער מורא געקומען די שפּאַלטונג אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג. און בערל האָט פֿון דעסט וועגן געוואַגט. ווער קען פֿאַרגעסן בערלען אין דעם דאָזיקן קאַמף פֿאַר אייגהייט און בעת עס איז געשלאָסן געוואָרן דער דאָזיקער בונד? ער האָט געזיגט אָן פּרעדיקן און אָן קריגן זיך, נאָר אַ דאַנק דעם עצם זײַן פֿון זײַן פּערזאָן און פֿון די טויזנטער חברים אין ארץ־ישׂראל. זינט דער דאָזיקער בונד איז געשלאָסן געוואָרן איז געעפֿנט געוואָרן דער וועג פֿאַר דער גײַסטי־קער העגעמאָניע פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דעם ציוניזם. יאָרן זענען אַוועק, ביז עס האָבן מיט אים שלום געמאַכט אויך די קעגנערס צווישן זײַנע

חברים, אָבער פֿון דער דאָזיקער געוואָגטקייט איז געקומען סײַ די צענטראַלע ראָלע פֿון דעם אַרבעטער אין ישוב, סײַ די גאַנצקייט און איינסקייט פֿון דער באַוועגונג, סײַ די ערשטע נצחונות פֿון דער הסתדרות.

און אַז ער איז זיכער געווען, אַז די ברכה איז מקוים געוואָרן, אַז עס איז אויפֿגעקומען דער טרעגער פֿון דער באַוועגונג, אַז עס איז פֿאַראַן אַ פּלייצע וואָס מען קען אויף איר אָנלאָדן די שליחות פֿון דער ייִדישער רעװאָלוציע, האָט ער אויף זיך גענומען די זאָרג דערפֿאַר, אַז דער דאָזיקער טרעגער, וואָס קומט פֿון אַלע גלותן און אַלע באַוועגונגען און פֿאַרשיידענע קולטורן, זאָל זײַן ראוי צו דער שליחות, פֿעסט אין גײַסט, פֿאַרוואָרצלט אין דער קולטור פֿון זײַן פֿאָלק, זאָל זײַן יניקה ציִען פֿון די ערשטע מקורות. דעמאָלט האָט ער אין דער האַנט גענומען די פּען.

פֿון גראַבאַוויץ און ביקס — צו דער פּען

ביז צום סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז בערל כּמעט אין גאַנצן ניט געווען קיין שרײַבער. אין אַלע זײַנע זוכענישן אין רוסלאַנד האָט ער כּמעט גאָרניט געשריבן. אין די ערשטע יאָרן אין ארץ־ישׂראל האָט ער געשריבן זייער ווייניק. אַפֿילו נאָך דעם ייִדישן לעגיאָן זענען זײַנע דברים שבכתב געווען זייער זעלטן. איך דערמאָן זיך אַ שמועס מיט י. ח. ברענערן אין דער צײַט פֿון דער „האדמה”. ברענער האָט זיך פֿאַר מיר באַקלאָגט וואָס אין דער באַוועגונג געפֿינען זיך אַזוי ווייניק שרײַבערס. „מען האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַ רעדאַקטאָר און געלאָזט אויף גאָטס באַראָט... ס'איז ניטאָ מיט וועמען צו גיין צום טיש”. איך בין שוין דאָן געווען פֿול מיט באַוווּנדערונג פֿאַר בערלען, און איך האָב ברענערן געענטפֿערט: איר האָט דאָך בערלען, פֿאָדערט עפּעס פֿון אים און ער וועט עס טאָן. איך דערמאָן זיך ברענערס שמייכל: „בערל? אַוודאי. אָבער וויפֿל קען מען פֿון בערלען אַרויסקריגן? אַ נאָטיץ אין יעדן באַנד?” און אין דער אמתן, אין די עלף העפֿטן „האדמה” געפֿינען זיך אין גאַנצן צוויי־דרײַ אַרטיקלען פֿון בערלס פּען. אַפֿילו אין די ערשטע יאָרן פֿון „קונטרס” האָט נאָך בערל ניט געטראַכט וועגן זיך ווי וועגן אַ שרײַבער. ער האָט די פּען גענומען אין דער האַנט אַזוי ווי ער האָט אַ מאָל אין דער האַנט גענומען דעם גראַבאַוויץ און נאָך דעם די ביקס. ער האָט אין דער האַנט גענומען די פּען דערפֿאַר וואָס דאָס איז

געווען אַ כּלי־זין — אַ מיטל צו פֿאַרגרעסערן די מחנה פֿון די פֿאַרווירק־לעכערס, זי צוזאַמענשליסן און דערציִען און געבן איר דאָס באַוווסטזײַן פֿון איר שליחות, זי צו פֿאַרוואַרצלען אין מענטשלעכע ווערטן, העלפֿן איר געפֿינען די וועגן צו דער נשמה פֿון דער אַלט־נײַער אומה און פֿירן אירע טאָג־טעגלעכע קאַמפֿן. ווען בערל האָט צונויפֿגעשטעלט די רעדאַקציע פֿון „דבר" איז צווישן אונדז ניט געווען קיין איין דערפֿאַרענער זשורנאַליסט. מיר זענען אַלע געווען רעקרוטן. ער האָט יעדן איינעם געגעבן די פּען אין האַנט, ווי ער האָט זי אַליין גענומען אין האַנט. ער האָט געזאָרגט פֿאַר דער ריינקייט פֿון וואָרט און דער גאַנצקייט פֿון סטיל און דער טרײַקייט צו דער אויפֿגאַבע פֿון אַ זשורנאַליסט־שרײַבער פֿון דער חלוצישער באַוועגונג. און מיט זײַן פֿרײַנדשאַפֿט, מיט דער תּקיפֿות פֿון זײַן בײַשפּיל, מיט זײַן ווייכקייט, מיט זײַן פֿאָטערלעכקייט, מיט זײַן גרויסער דערציִערישער פֿעיִקייט האָט ער אויסגעברייטערט אונדזערע שורות, רעדעוודיק געמאַכט שטומע, שרײַבן געמאַכט די נאַמענלאָזע און געשאַפֿן אַן אַטמאָספֿער אַרום דער צײַטונג.

זינט די אַרבעטער־באַוועגונג האָט עפֿנטלעך אָנגעהויבן שפּילן איר גרויסע ראָלע אין פֿאָלק, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן איר גײַסטיקע העגע־מאָניע אין דעם ציוניזם, איז בערל געשטאַנען ווי דער אָנערקענטער — כאָטש ניט שטענדיק געקרוינטער — קאַפּיטאַן בראש פֿון דער שיף וואָס איז אָנגע־גריפֿן געוואָרן פֿון שווערע שטורעמס, און מיט זײַן מעכטיקן אינטעלעקט, זײַן מוט און קלאָרן בליק, האָט ער אויף איר וועג געבראָכן די כוואַליעס און זי געפֿירט דורך פֿעלדזן. יעדער איינער פֿון אונדז, סײַ די וועטעראַנען און סײַ די וואָס האָבן זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אָן דער מחנה, סײַ די וואָס דערקלערן זיך ווי תּלמידים און סײַ די וואָס דערקלערן זיך אַלס קעגנערס, דאַרפֿן אַרײַנקוקן אין זייער גײַסטיקן באַגאַזש, אין דעם בעסטן וואָס עס ליגט אין דעם דאָזיקן באַגאַזש, כּדי זיך צו איבערצײַגן ווי גרויס עס איז די ברכה וואָס ער האָט באַקומען פֿון בערלס גײַסטיקן אוצר.

און אין שעהן פֿון פּאָליטישער געפֿאַר, בעת עס זענען בייטיק געווען זיבן אויגן צו זען צי מען נאַרט אונדז ניט, צי מען האָט אונטער אונדזערע פֿיס ניט אויסגעשפּרייט אַ נעץ — איז צווישן אונדז ניט געווען קיין איין אויג, וואָס זאָל זען אַזוי טיף און ווײַט, ווי בערלס, וואָס זאָל אַזוי פֿרײַ זײַן פֿון אַלע פּאָליטישע פֿאָראורטיילן. ס'איז ניט געווען קיין איינער וואָס זאָל

אַזוי פֿעיִק זײַן צו באַרויִקן אין צײַטן פֿון אויסגעדוכטער סכנה און צו פֿירן אין קאַמף אין צײַטן פֿון אמתער געפֿאַר.

## דער דערנערװעג

ניט אַלעמען האָט בערל פֿאַראייניקט. זײַן װעג, דער װעג פֿון „ירובעל״, (איינער אַ פּען־נאָמען), איז ניט געװען קיין װעג פֿון שלום־אונטער־אַלע־באַדינגונגען. ער איז פֿעיִק געװען צו קעמפֿן און זיך קריגן פֿאַר זײַן אמת. בערלס װעג איז קיין מאָל ניט געװען קיין לײַכטער. ניט זייער אָפֿט האָבן, לויט די װערטער פֿון דער דיכטערין רחל, „די בלומען געשמייכלט אויף די זײַטן פֿון דעם װעג אויף װעלכן ער איז געגאַנגען״. זײַנע נצחונות, אַזוי װי זײַנע דורכפֿאַלן, האָבן אים אָפֿט געבראַכט בלויז ביטערקייט. אויך בעת ער האָט געקעמפֿט אויף ציוניסטישע קאָנגרעסן און איז דאָרט געװען דער־פֿאָלגרײַך, אויך בעת אונדזער גאַנצע באַװעגונג האָט אָנערקענט די דער־גרייכונגען פֿון זײַן קאַמף, איז זײַן װעג געװען אַ דערנערװעג.

און אין דער הסתדרות איז קיין איינע פֿון זײַנע דעראַבערונגען — דער „המשביר״ און די „אַרבעטער־באַנק״, „ניר״ און די קבוצה „אחדות העבודה״ און די מפא״י, „דבר״ און „עם עובד״, אָט די אַלע גרונטשטיינער װאָס ער האָט געלייגט און װאָס זענען נאָך דעם געװאָרן דער שטאָלץ פֿון דער גאַנצער באַװעגונג — אים ניט אָנגעקומען גרינג. פֿאַר יעדער איינער פֿון זיי האָט ער זיך געדאַרפֿט ראַנגלען מיט חברים און קעגנערס, מיט חברים װאָס זענען אים געװאָרן קעגנערס און קעגנערס װאָס זענען געװאָרן אים שפּעטער חברים. מיט אַלעמען האָט ער זיך געראַנגלט — און אַזוי האָט ער אויסגע־טראָטן דעם װעג. דעם װעג פֿון דער הסתדרות און דער באַװעגונג, מחיל אל חיל, דורך דערנער און שטרויכלונגען. ער האָט זיך געראַנגלט און האָט געזיגט. און צומאָל האָט ער אויך באַקומען זײַן שׂכר. קיינער צװישן אונדז איז ניט געװען אַזוי גליקלעך מיט יעדן נײַעם טאַלאַנט װאָס האָט זיך בײַ אונדז אַנטפּלעקט, מיט יעדן אויסדרוק פֿון אַ נײַער אויפֿריכטיקייט, מיט יעדן אמתן אויפֿטו פֿון חלוציות, מיט יעדן רייגעם האַרץ פֿון אַ נײַעם פֿרײַנד, װאָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער מחנה, מיטן צויבער װאָס האָט אַרויס־געשטראַלט פֿון דער אַרבעטער־באַװעגונג און דערנענטערט נאָענט און

ווײַטע. פֿון אָט די אַלע הנאות האָט ער אויסגעשמידט די זעלישע פֿעיִקייט זיך צו ראַנגלען און זיגן.

### די פֿיר אימות

אָבער אין די לעצטע יאָרן זענען מקויים געוואָרן אַלע שרעקן וואָס האָבן אים געריבעט די רו זינט ער איז אַרויס אין קאַמף פֿאַר דער ייִדישער באַפֿרײַונג. אויף איין מאָל זענען געקומען די פֿיר גרויסע אומגליקן, וואָס פֿאַר יעדן איינעם פֿון זיי האָט ער זיך געשראָקן דאָס גאַנצע לעבן און קעגן יעדן איינעם פֿון זיי האָט ער מאָביליזירט אין קאַמף זײַן נשמה און די נשמה פֿון אונדזער באַוועגונג. די אומגליקן זענען געקומען צוזאַמען — און זיי האָבן אים געגעבן דעם טויטלעכן קלאַפּ.

עס איז געקומען דער חורבן. בערל האָט וועגן דעם קיין סך ניט גערעדט. בערל איז צווישן אונדז געווען איינער פֿון די געציילטע וואָס האָבן ווייניק גערעדט וועגן דעם חורבן. ער האָט וועגן דעם געזאָגט עטלעכע געציילטע ווערטער, געציילטע פֿלאַמען־ווערטער. מיר געדענקען דאָך אַלע דאָס בילד וואָס ער האָט פֿאַר אונדז געמאָלט פֿון דעם בוים וואָס איז איבערגעשניטן געוואָרן אין דער לענג אויף צוויי טיילן, און ווער ווייס צי דער דאָזיקער בוים וועט נאָך וואַקסן... מיט זײַן גאַנצער נשמה האָט ער געברענט מיט דעם דאָזיקן ווייטיק. וואָרעם ווער איז צווישן אונדז געווען אַזאַ פֿאָלקס־מענטש ווי ער? ווער האָט אַזוי געוויייטיקט דעם ייִדישן ווייטיק ווי ער? ער איז באמת אויפֿגעטרייסלט געוואָרן פֿון דעם ייִדישן בראָך, אָבער ער האָט וועגן דעם ווייניק גערעדט, וואָרעם עס איז געקומען דאָס פֿאַרוואָס ער האָט שטענדיק מורא געהאַט. אים האָט זיך געדוכט, אַז שוין אין די קאַשמאַר־חלומות פֿון זײַן יוגנט האָט ער געזען עטוואָס פֿון דעם וואָס איז איצט געקומען. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז עס ווערן איצט פֿאַרווירקלעכט די דאָזיקע יוגנט־קאַשמאַרן. נאָך אין זײַנע ס״סישע יאָרן האָט ער געוווּסט, אַז אויפֿן שטערן פֿון גלות איז אויסגעקריצט אַ צייכן. דער צייכן: א ו נ ט ע ר ג א נ ג. בנוגע דעם האָט ער ניט געהאַט קיין שום אילוזיעס. ער איז קיין מאָל ניט פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון די דאָזיקע אילוזיעס — צי זיי האָבן געטראָגן דעם נאָמען „סיים״ אָדער „אויטאָנאָמיע״ אָדער „גלײַכע רעכט״ אָדער „פּראָדוקטיוויזאַציע״ אָדער ״ייִדיש״. אַוודאי דאַרפֿן מיר מיט אונדזערע לעצטע כּוחות

פרוון ראַטעווען פֿון דעם לייבנמויל פֿון דער פֿרעמד אַלץ וואָס עס לאָזט זיך ראַטעווען. ער האָט זײַנע חברים ניט געשטערט צו טאָן די דאָזיקע אַר־בעט. אָבער טיף אין האַרצן האָט ער געוווּסט: עמעצער לויערט אויף יעדן ייִדישן הויז אין דער פֿרעמד. ער האָט געזען דעם צייכן פֿון אונטערגאַנג אויפֿן שטערן פֿון יעדן ייִדישן קינד אין גלות, אויף יעדן ייִדישן מנין און אויף יעדער שטאָט און שטעטל. דערפֿאַר איז אַזוי גרויס געווען די תשוקה וואָס שנעלער צונויפֿצוזאַמלען און ברענגען אַהער, אויף יעדן וועג וואָס עס לאָזט זיך און פֿאַר יעדן פּרײַז וואָס ווערט פֿון אונדז געפֿאָדערט — איידער מיר פֿאַרשפּעטיקן. און מיר האָבן פֿאַרשפּעטיקט. און ווען עס איז געקומען די גרויסע אימה, איז ער אויפֿגעטרייסלט געוואָרן ביז צו די אָפּגרונטן פֿון זײַן נשמה — און ער איז אַנטשטומט געוואָרן. דער מענטש פֿון די אָנהייב־יאָרן פֿון די ס״ס פֿון דער לערע וועגן גלות־אונטערגאַנג האָט געזען, אַז אַלץ פֿאַרוואָס ער האָט זיך געשראָקן איז געקומען — און אַ סך מער ווי דאָס.

און צוזאַמען מיט דעם איז געקומען דאָס ווײַסבוך. דער בערל, וואָס האָט געשריבן די נאָטיצן „הרוגי מלכות״ און „במקום המשפּט שם הרשע״, נאָך די אומרוען אין ירושלים, אין יאָר 1920, וועלכער האָט אַנאַליזירט די אַלע פּלאָנטערן פֿון דעם קאָלאָניאַל־רעזשים אין ארץ־ישׂראל זינט די טעג פֿון ראָנאַלד סטאָרס און הערבערט סעמיועל און ווײַטער, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך און האָט ניט פֿאַרקוקט קיין איינעם פֿון די אַלע שטרויכלונגען, וואָס עס האָבן אונדז אונטערגעלייגט די קינסטלער־הענט פֿון די בריטישע מאַכטהאָבערס אין ארץ־ישׂראל — האָט דערזען ווי געניטע הענט פֿאַראייניקן זיך פֿון אַלע זײַטן כּדי דערשטיקן דאָס יונגע ייִדישע ווערק. עס דערנענטערט זיך די געפֿאַר צו בלײַבן אָן עליה און אָן באָדן און אָן אינערלעכער זעלבסט־שטענדיקייט.

און פֿון אינעווייניק האָט ווידער אָנגעהויבן לויערן די אים זייער גוט באַקאַנטע געפֿאַר — די סכּנה פֿון התבטלות פֿאַרן צויבער פֿון אַ רעוואָלוציע וואָס איז ניט אונדזערע. דאָס איז די מורא וואָס האָט אים געגרויבט די רו זינט זײַנע ייִנגסטע יאָרן — די מורא פֿאַר דער ניט־ייִדישער רעוואָלוציע, וואָס איר צויבער פֿאַרן יונגן ייִד איז גרעסער ווי דער צויבער פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציע. די מורא פֿאַר דער הכנעה אין דער רעוואָלוציע. אָט איז געקומען די איצטיקע מלחמה און אַלץ וואָס איז מיט איר פֿאַרבונדן —

און מיט דעם איז אויך פון דאָס נײַ געקומען די אַלטע סכּנה, וואָס האָט זיך אָנגעפּאַנגען מיט דער התבטלות פאַר דעם צויבער פון באַלשעוויסטישן רוסלאַנד. בערל איז ניט געווען קיין קעגנער פון דער רוסישער רעוואָלוציע. צווישן די ערשטע סאָציאַליסטישע צײַטשריפטן וואָס האָבן באַוואונדערט דעם דאָזיקן „נחשון־שפּרונג" פון סאָציאַליסטישע דוחקי הקץ איז געווען בערלס „קונטרס", און ער האָט עס קיין מאָל ניט פאַרגעסן — ניט געקוקט אויף זײַן קעגנערשאַפט צו די פעלשונגען און דער אונטערדריקונג פון פרײַהייט. אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַר דער יידישער זעלבסטפאַרלייקענונג, וואָס איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן אין תחום פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע. און אַט איז די התבטלות ווידער אויפגעשווומען אין אַלע אירע קאָלירן.

און צום סוף איז געקומען די פערטע סכּנה: די סכּנה פון פירוד הלבבות. די סכּנה פון דער צעפאַלונג פון דער מחנה. פון דאָס נײַ קעגנזײַטיקע פאַרדעכטיקייט, פון דאָס נײַ — שפּאַלטערײַ און שפּאַלטונגען, פון דאָס נײַ — „איש את בשר רעהו יאכלו".

צוזאַמען זענען געקומען די פיר אומגליקן — און ער איז אַנטשטומט געוואָרן. ווער עס האָט אים אין די לעצטע יאָרן ניט געזען, האָט ניט געזען קיין פאַרווונדעטן בער. אין יענע יאָרן איז אין אים געווען עפּעס פון מלך שאול אין עין־דור, פון דעם קאָצקער רבין אין זײַנע התבודדות־יאָרן, פון מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי אין זײַן יאוש־תקופה.

אַ געפּײַנטעטער, אַן אין זיך פאַרשלאָסענער, אַ צאָרנדיקער, אַ צעווייטיקטער, אַ פאַרווונדעטער — און פון דעסט וועגן אַ גלייביקער. עפּעס איז פאַרלאָרן געגאַנגען, אָבער מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו זיך.

און דעמאָלט, ווען פון אַלע זײַטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די גרויסע אומגליקן, האָט ער פון דאָס נײַ אַרום זיך אָנגעצייכנט אַ קליינעם קרײַז. זײַנע הענט זענען געווען פול מיט אַרבעט אין פאַרשיידענע אינסטיטוציעס פון דער באַוועגונג, אין קרן־קימת און אין „ניר", אָבער ער האָט זיך אין גאַנצן קאָנצענטרירט אין אַ קליינעם קרײַז, זײַן אַלט־נײַעם קרײַז — דאָס בוך.

ווי אַ ביבליאָטעקאַר האָט ער אָנגעהויבן אין באָברויסק, ווי אַ ביבליאָטעקאַר, וואָס זוכט אויף פאַר אַ בחור אָדער אַ מיידל דאָס בוך, וואָס ער אָדער זי דאַרף האָבן, כּדי צו געפינען זײַן אָדער איר וועג — און ווי אַ ביבליאָטעקאַר פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין היימלאַנד, ווי דער ביבליאָטעקאַר פון בית־ישראל אין זײַן צײַט, האָט ער פאַרענדיקט זײַן לעבן.

עס וועט נאָך אַ מאָל דערציילט ווערן וועגן די גרויסע האַפֿענונגען וואָס בערל האָט מיט זיך מיטגענומען און מען וועט נאָך מאַכן אַ סך־הכּל פֿון די גרויסע טאַטן וואָס בערל האָט פֿאַרווירקלעכט, וואָס אַ טייל פֿון זיי האָט ער פֿאַרענדיקט און אַנדערע האָט ער ערשט אָנגעהויבן וועבן. דאָס ווינקל פֿון בוך איז אים אין די יאָרן פֿון אומגליק געוואָרן אַן אינדזל פֿון אָפּרו.

אַזוי ווי אין זײַנע פֿרילינגס־טעג אויף די ברעגעס פֿון די כּנרת, האָט ער אויך דאָס מאָל אינעם קליינעם קרײַז געוואָלט אַרײַנברענגען פֿון דאָס נײַ מענטשלעכע אינהאַלטן, וואָרצלדיקן ייִדישן אינהאַלט, זעלבסטשטענדיקן ארץ־ישׂראלדיקן אינהאַלט, דערלייזנדיקן אַרבעטער־אינהאַלט, דעם אינהאַלט פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציע אין אונדזער צײַט. אָבער דאָס מאָל האָט ער ניט באַוויזן צו פֿאַרווירקלעכן דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבן.

זײַן לעבן איז ניט געווען לאַנג. אָבער לאַנג האָט זיך אין דעם דאָזיקן לעבן געצויגן דער פֿרילינגס־טאָג. פֿון דעם פֿופֿצנטן ביז דעם זיבן־און־פֿופֿציקסטן יאָר — איין יוגנטטאָג, אַ טאָג איבער וועלכן עס האָט געשוועבט די ברכה פֿון שטורעם, אַ טאָג פֿון שטראַלנדיקן צויבער. און אַזוי ווי ער האָט מיט דרײַ און פֿערציק יאָר פֿריִער באַצויבערט דעם ייִדישן יונגמאַן פֿון רוסלאַנד, וואָס איז אים געקומען באַזוכן בײַ די ברעגעס פֿון כּנרת, האָט ער נאָך דעם באַצויבערט דאָס הארץ פֿון דעם גימנאַזיסט פֿון דער „הרצליה״, פֿון דעם ייִדישן אַרבעטער אין דער אַמעריקאַנער שטאָט און דאָס האַרץ פֿון דעם יונגן עולה פֿון דײַטשלאַנד אָדער איטאַליע. און אַזוי האָט ער אויך אין די לעצטע יאָרן באַצויבערט די יוגנט וואָס איז צו אים געקומען פֿון עמק, די יוגנט מיט וועלכער ער האָט זיך באַגעגנט אין סעמינאַרן און אין זײַן צימער, וואָס איז שטענדיק פֿול געווען מיט מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע עלטערס און פֿאַרשיידענע סביבות. ער האָט געפֿאַנגען הערצער ווי אַ פֿירער און אַ לערער און ווי אַ פֿרײַנד און אַ חבר. יעדער איינער פֿון אונדז, וואָס וועט דאָ, אין זײַן ווינקל, מאַכן זײַן חשבון הנפֿש, ווייס וואָס עס האָט אים געגעבן ניט נאָר דער פֿירער און דער שריפֿטשטעלער און דער לערער, נאָר אויך דער חבר און פֿאָטערלעכער פֿרײַנד.

# דוד שמעוני

**אלי, עליה שניה.**
**כי שר אביבך נאלם.**
**אלי ציון כלה,**
**כנור ציון נדם.**

ס׳איז אַ באַזונדער זכיה פֿאַר אונדזער אויפֿלעבונגס־באַוועגונג, וואָס שטענדיק האָבן דיכטערס באַגלייט אירע שטרעמונגען. אַ מאָל האָבן זיי געשעפּט זייער יניקה פֿון אירע טיפֿסטע קוואַלן, און אַ מאָל האָבן זיי ווי קרוינען אַראָפּגעלויכטן פֿון אירע כוואַליעס־שפּיצן. בשעתו האָט נאָך י. ל. גאָרדאָן געזוכט צו געווינען פֿאַר זײַן דיכטונג די פֿירנדיקע ראָלע אין דעם אידעען־געראַנגל פֿון זײַן צײַט. אָבער זינט ס׳איז אויפֿגעקומען ביאַליקס זון, האָבן זיך אַרום איר אָנגעהויבן אַרומרינגלען אַלע געדאַנקען און מעשׂים פֿונעם דור, און פֿון אַלע אונדזערע ווינקעלעך האָט אַרויסגעשײַנט איר ליכט.

די צווייטע עליה איז אייגנטלעך געווען אַ יונגע געטרײַע צווײַג פֿון אָט דער באַוועגונג. זי איז אָבער געווען אַן אייגנאַרטיקע און ווידערשפּעניקע צווײַג. נאָך זײַענדיק אין די שטעטלדיקע היימען, האָבן זיך די זין און טעכטער פֿון דער צווייטער עליה אָפּגעקערט פֿון דער אָנגענומענער און אָנערקענטער האַלטונג, און זינט זיי האָבן זיך פֿאַרפֿלאַנצט אין ארץ־ישׂראל זענען זיי, לויט זייער גאַנצן לעבנס־שטייגער, געווען אַ שפּאָגל נײַע דערשיינונג. און גלײַך ווי זיי האָבן זיך געריסן צו אייגענער שאַפֿערישער אַרבעט אין דער נײַער ווירקלעכקייט, אַזוי האָבן זיי אויך געבענקט נאָך אַ נײַעם און אייגענעם דיכטערישן אויסדרוק. מיטן ערשטן טיפֿן צעאַקערן דעם אומקרויט אין פֿעלד, איז אָנגעשריבן געוואָרן די ערשטע אַרבעטער־אַקער־

דערציילונג — „בחר״, און בײַם ערשטן אויסגעגראָבענעם ברונעם האָט זיך באַוויזן די ליטעראַרישע סקיצע „באר הפּרנו״ (ביידע פֿון מאיר ווילקאַנסקי). די אַלע און ענלעכע פּרוּוון האָבן אָבער נאָר עדות געזאָגט ווי טיף עס איז געווען דער דראַנג נאָך אַן אייגענעם ליטעראַרישן נוסח. מיט שמעונאָוויטשעס אידיליעס האָט זיך אָנגעהויבן דער נוסח אַליין פֿון דער דאָזיקער ארץ־ישׂראלדיקער אַרבעטער־ליטעראַטור.

דוד שמעונאָוויטש איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישׂראל אין איין יאָר מיט בערל קאַצענעלסאָן. אַ פּאָר חדשים פֿאַר אים איז געקומען קיין א״י י. ח. ברע־נער און עטלעכע חדשים נאָך אים איז אָנגעקומען בערל קאַצענעלסאָן. און פֿון באַברויסק, דער שטאָט פֿון ברענערן, איז ער געקומען. בײַ די זעלביקע אַל־מערס ספֿרים אויף דער זעלביקער סאָלקע פֿון בערלס עלטערן־הויז איז צײַטיק געוואָרן זייער ביידנס יוגנט. ווי צאַרט זענען אָנגעשריבן דוד שמעו־ניס זכרונות וועגן זײַן יוגנט־חבר בערל, און ווי שטאָלץ איז בערל אַלע יאָרן געווען אויף די ליטעראַרישע דערפֿאָלגן פֿון זײַן חבר דוד. אַפֿילו דענסטמאָל ווען די אַרבעטס־שטחים זייערע האָבן זיך צעשיידט, זענען זיי געבליבן די אינטימסטע פֿרײַנד. קומענדיק קיין א״י, איז בערל געוואָרן אַן אַרבעטער אין יהודה און באַלד שפּעטער זיך אַוועקגעלאָזן אין דער קבוצה אין גליל, און דוד איז געוואָרן אַ וועכטער אין די ווײַנגערטנער פֿון יהודה און שומרון. בערל האָט **אויסגעפֿורעמט** די צווייטע עליה, און דוד האָט זי **באַ־זונגען**. דאָס לעבן פֿון דער צווייטער עליה איז געווען דער קוואַל פֿון דוד דיכטונג, און דודס דיכטונג איז געוואָרן דער שׂכר פֿון דער צווייטער עליהס מי.

אי בערל אי דוד זענען אויפֿגעוואַקסן אין די שטורעמיאָרן פֿון דער ער־שטער רוסישער רעוואָלוציע און ביידע זענען געווען געטרײַע קינדער פֿון דעם ייִדישן יוגנט־אויפֿברויז אין איר. בערל האָט נאָך ייִנגלווײַז געהאַלטן רעפֿעראַטן פֿאַר די אַרבעטער־געזעלן און זאָקן־מאַכערקעס אין באַברויסק, און דוד האָט שוין זייער פֿרי אָנגעהויבן דרוקן אין עס־עסישן **דער נײַער וועג** אין ווילנע ייִדישע איבערזעצונגען פֿון רוסישע רעוואָלוציאָנערע לי־דער. און אַז בײַ אונדז אין שטעטל פֿלעגט זיך פֿאַרזאַמלען די יוגנט אינעם צימער פֿון מײַן סאָציאַליסטישער שוועסטער און זינגען דעם רוסישן רעוואָ־לוציאָנערן הימן „ווי זשערטוואָיו פּאַלי״, און דאָס עצם זינגען האָט געדראָט מיט „אָביסקעס״ און אַרעסט, און, קודם־כל, מיט טויטשטרעק פֿון טאַטע־מאַמע

און פֿון שכנים, פֿלעג איך האַלט האָבן דענסטמאָל אַרײַנזינגען אינעם רוסישן כאָר מײַן אייגענעם ייִדישן נוסח, אַזוי ווי ס׳האָט אים איבערגעזעצט פֿאַר אונדז דוד שמעונאָוויטש: „ווי לייבן געפֿאַלן זײַט איר אין דער שלאַכט״.

אַז איך האָב פּערזענלעך געטראָפֿן דוד שמעונאָוויטשן אין דער רוסישער הויפּטשטאָט פּעטערבורג, בין איך נאָך געהאַט געווען אַ יונגער אָנהייבער, און ער האָט שוין פֿאַרענדיקט זײַן רעוואָלוציאָנערע פֿאַרגאַנגענהייט און איז געוואָרן אַ באַקאַנטער העברעיִשער דיכטער. זײַנע לידער האָבן זיך שוין געהאַט געדרוקט אין די זאַמלביכער א ח י א ס ף, אין די העפֿטן פֿון ה ש ל ח און ה ז מ ן און אין ברענערס מ ע ו ר ר. און נאָך איידער ער איז געווען אין ארץ־ישׂראל האָט זיך שוין אַרום אים געטראָגן אַן עכטע ארץ־ישׂראל־לופֿט.

אנכי איש עברי מארץ הנכרים — —
ויהי לי גב כפֿוף —
(איך בין אַ ייִד פֿון אַ לאַנד פֿון די פֿרעמדע — —
איז מײַן רוקן געוואָרן געבויגן) —

האָבן מיר שוין פֿאַרנומען, אַז ס׳וועט זיך ניט אויסגלייכן אונדזער רוקן, ביז מיר וועלן זיך ניט אַ הייב טאָן און אַוועקפֿאָרן פֿונעם „לאַנד פֿון די פֿרעמדע״ אין אייגענער היים.

אומבאַשרײַבלעך איז געווען דער אײַנדרוק, וואָס ס׳האָט דענסטמאָל געמאַכט אויף אונדז זײַן וואָרענונג־ליד „דער לעצטער״. געהאַנדלט האָט זיך אינעם ליד וועגן דעם לעצטן שומרוני, וואָס פֿילט ווי זײַן גאַנצער אַלטער שטאַם גייט אויס פֿאַר זײַנע אויגן. נאָך אַ ווײַלע און קיינער וועט מער ניט וויסן „ווי אַ שומרוני לאַכט, ווי אַ שומרוני ליבט, ווי אַ שומרוני שלײַפֿט זײַן שווערד, ווי אַ שומרוני וויינט. ער איז דער לעצטער. אין די פֿאַלדן פֿון זײַן שטערן רוט דער סוד פֿון טויט״... „אויף די הייכן פֿון די בערג הילכט אַ פֿאַסטעכליד. ניט אַ שומרוני וועט עס הערן. זײַן קבר איז שוין געגראָבן״. די אימה פֿון אונטערגאַנג איז אונדז באַפֿאַלן. מיר זענען פֿאַרציטערט געוואָרן. דעם שומרוני האָבן מיר אייגנטלעך קיין מאָל ניט געזען און זײַן גורל איז אונדז געווען פֿרעמד. אָבער מיר האָבן דערשפּירט, אַז דער פֿרעמדער שומרוני איז דאָ מער ניט ווי אַ משל, און מיינען מיינט דער דיכטער אונדז אַליין. ווײַל אויף אונדז, אויפֿן גאַנצן ייִדישן פֿאָלק, הענגט עס די סכּנה פֿון גײַסטיקן אומקום. און די קורצע ווידמונג־אותיות אינעם קאָפּ פֿונעם שיר ל־י. ח. ב.

(צו יוסף חיים ברענער) האָט ווי אויסגעשטײַטשט קלאָר די סימבאָלישע כּוונה פֿון דער דיכטערישער התראה.

די ביטערע נבואה אַליין האָט שוין ביאַליק מיט צוויי יאָר פֿריִער אונדז אַ וואָרף געטאָן אין האַרצן אַרײַן אין זײַן ליד „דבר". אָבער אָט די קאָנ־קרעטיזירונג אויף דעם אײנעם, וואָס ער אַליין (ד"ה דו אַליין) זעט דעם אויסגאַנג פֿון זײַן אַלטן שטאָם און שפּירט דעם פֿאַלקס קבר, וואָס ווערט שוין געגראָבן, האָט פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם.

געדענק איך אַ שפּאַציר מיט דודן אין אַ ברענענדיקן ווינטערפֿראָסט, בײַ דער בלייכער שײַן פֿון דער ווײַסער נאַכט, אין פּעטערבורג, אויף דער „פֿראַנצויזישער נאַברעזשנע", לעבן דער פֿאַרפֿרוירענער ניעוואַ, צופֿוסן פֿון צוויי גרויסע ספֿינקסן, וואָס זענען פֿאַרשלעפּט געוואָרן פֿון ווײַטן, הייסן מיזרח אינעם קאַלטן צפֿון. קנאַקט דער שניי אונטער די פֿיס און דוד דער־ציילט, וואָס ער הערט אַרויס פֿון די קנייטשן פֿון די מצרישע ספֿינקסן, ווי שווער זיי ראַנגלען זיך מיט די צפֿונדיקע קאַלטע ווינטן, וועלכע קענען זיי ניט בײַקומען, ווײַל אין זיי אינעווייניק האָבן זיך טויזנטער יאָרן אָנגע־זאַמלט די פֿלאַמיקע היצן פֿון די מיזרדיקע מידבר־חאַמסינען. שפּעטער האָט ער עס אויסגעזונגען אין זײַן ליד „ספֿינקסן", אָבער שוין דענסטמאָל האָט ער אונדז פֿאַרטרויט „זייער רעטעניש" וועלכע איז אויך אונדזער רעטעניש, און מיר האָבן אַלע גוט פֿאַרשטאַנען דעם פֿאַרפֿליכטנדיקן מיין.

אין ארץ־ישׂראל איז דוד שמעונאָוויטש דענסטמאָל געבליבן עפּעס מער ווי אַ יאָר. געוווינט אַ וועכטער אין ווײַנגערטנער פֿון רחובות און אַן אַרבעטער אין פּרדסים פֿון פּתח־תּקווה. ער האָט זיך פּערזענלעך דערנענטערט צו זײַן פֿרײַנד, וועמען ער האָט פֿריִער נאָך פֿאַרערט פֿון ווײַטן — צו י. ח. ברענער. דענסטמאָל האָט ער געטראָפֿן די תּימנים, וואָס האָבן זיך באַזעצט לעבן רחו־בות. דענסטמאָל איז אויך „געשלאָסן געוואָרן זײַן בונד" מיט די זומפּ־אַרבעטער. און אין יענעם יאָר איז צײַטיק געוואָרן זײַן ליטעראַריש שאַפֿן. אין יענער צײַט האָט ער צוזאַמענגענומען זײַנע ערשטע צוויי לידער־ביכלעך (ש ט ו ר ע ם און ש ט י ל ק י י ט, און מ ד ב ר). דענסטמאָל האָט זיך באַ־וויזן זײַן אידיליע „ירדנית", און באַלד דערנאָך "ביער בחדרה", און תּיכּף נאָך דעם „מלחמת יהודה והגליל" און ווידער אַ מאָל „כּרמית". אַלץ — אָנ־הייב־קעמערלעך פֿון אַ נײַעם ליטעראַרישן שטייגער וואָס הייבט זיך אָן אויסצופֿורעמען. און די אידיליעס האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג. דער

ריטעם איז נאָך געווען אין גאַנצן אַ רוסישער, און די אויסשפּראַך אַן אַשכּ־נזישע. ד״ה דער קוואַל האָט נאָך געשלאָגן ווײַט „דאָרטן״, און די רייד זענען געווען געווענדט „אַהין״ צו די הערצער, וואָס זענען צעוואָרפן אין דער ווײַטער פרעמד. אָבער די העלדן זענען שוין געווען שפּאָגל נײַע און זייער פאָדערונג איז געווען אַן אויפרייצנדיקע. שוין ניט די פריִערדיקע ברענערי־שע העלדן ווי אוריאל דווידובסקי און חזקוני, מיט זייערע ראַנגלענישן און ווייטאָגן, נאָר דער לאַנדאַרבעטער אלקנה, און דער פלאַנצער בן־ארצי, און זבולון הפּרעותוני, און דער לץ נפתלי, און די יונגע רייצנדיקע אַרבעטאָרין פון גליל און, דער עיקר, דער אַלטער ר׳ פּנחס, דער לוסטיק־לעבעדיקער לערער, וואָס אַרבעט און טאַנצט און מאָנט און פאָדערט. איז די גאַנצע ליטע־ראַרישע אידיליע אויפגענומען געוואָרן ווי אַן אַנזאָג. און ס׳איז טאַקע געשען אַ נס, וואָס האָט דעמאָלט זעלטן פּאַסירט מיט העברעיִשע דערציילונגען: די אידיליעס זענען אַרויס פון די העפטן פון השלח און מולדת און הפּו־על הצעיר, און זענען דערשינען אין דער פאָרעם פון באַזונדערע העפט־לעך, און זענען געוואָרן באַליבט בײַ דער יוגנט און בײַ דערוואַקסענע. און באַלד האָט זיך ווײַט און ברייט צעשפּרייט אַ נײַע שולנעץ פון העברעיִשע מאָ־דערנע שולן, און די אידיליע איז אַרײַן אין אַלע כרעסטאָמאַטיעס און איז געוואָרן געלערנט פון צענדליקער טויזנטער תּלמידים. און אַז דער וועלטקריג האָט זיך פאַרענדיקט און ס׳האָט אַ פלייץ געטאָן די כוואַליע פון דער דריטער עליה, האָבן שוין גאָר אַ סך פון די קומענדיקע חלוצים געהאָט אי „ביער בחדרה״, אי „יובל העגלונים״ סײַ אין זייער רענצל און סײַ אין זייער זכּרון.

און אײדער ס׳איז נאָך דערשינען די פּראָגראַמאַטישע בראָשור פון א.ד. גאָרדאָן, די אַרבעט, און אײדער עס זענען נאָך איבערגעזעצט געוואָרן און אַפילו געשריבן געוואָרן זײַנע בריוו פון ארץ־ישראל, און אַוודאי אַ סך פריִער אײדער ער אַליין איז געפאָרן פון דגניה קיין פּראָג צו זען זיך מיט זיין באַגײַסטערטן עולם, וואָס האָט געוואַרט אויף אים אויף דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון ״התאחדות״, האָט אים שוין לאַנג אַנטדעקט דוד שמעונאָוויטש און האָט אים אויפגעהויבן ווי אַ פאָן איבער די קעפּ פון זײַנע לייענערס, פריִער סקיצנאַרטיק אין ״ביער בחדרה״ און שפּעטער אין זײַן דערציילונג ״התועה בזמן״, וואָס האָט זיך אין המשכים געדרוקט אין השלוח און חדשים־לאַנג געהאַלטן אין שפּאַנונג דעם יונגן זוכנדיקן

יידישן לייענער. דוכט זיך מיר, אַז כ'האָב קיין טעות ניט, אויב כ'וועל זאָגן, אַז נאָך אײדער דער הפועל־הצעיר אַליין האָט גאָרדאָנען אָנערקענט פֿאַר זײַן לערער, האָט שוין דוד שמעונאָוויטש אים אַרויסגעשטעלט אַלס אַ מוס־טער־פֿיגור אין זײַן דיכטונג און פּראָזע. און די השפּעה פֿון אָט דער פֿרײַנד־שאַפֿט האָט אָנגעהאַלטן זייער לאַנג, און גראָד אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן האָט זי זיך באַזונדערס צעבליט.

דוד שמעונאָוויטש איז ניט געווען דער ערשטער וואָס האָט אַרײַנגעפֿירט די אידיליע אין דער נײַ־העברעיִשער ליטעראַטור. פֿאַר אים איז געווען שאול טשערניכאָווסקי. און די ווירקונג פֿון טשערניכאָווסקיס אידיליעס רוט שטאַרק אויף די אידיליעס פֿון דוד שמעונאָוויטש, אַזוי ווי מען קען ניט לייענען די ווינטערלידער פֿון שמעונאָוויטשן ניט געדענקענדיק די ווינטערלידער פֿון ח. נ. ביאַליק, וואָס זענען געשריבן געוואָרן מיט צוויי יאָר פֿריִער. טשער־ניכאָווסקי, ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר אַן אידיליע־שרײַבער, האָט געשילדערט אין זײַן „עלקעס חתונה" און „לאַטקעס", אַ מיליע פֿון אַ פֿאַרגליווערטן נעכטן און אייערנעכטן, וואָס איז שוין געוואָרן אַ ראָמאַנטישע דערינערונג; ווי אַזוי אָבער האָט שמעונאָוויטש באַוויזן צו פֿאַנגען אין זײַן אידילישער נעץ די פֿרימאָרגן־שטראַלן פֿון אַ טאָג, וואָס איז נאָך ניט אויפֿגעגאַנגען? אַ פּנים, אַז די בענקשאַפֿט פֿון דעם חלוצים־דור נאָך פֿעסטער, ממשותדיקער ווירקלעכקייט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ס'איז דעם חלוצים־דיכטער געשען דער נס פֿון קפֿיצת הדרך, און אין זײַן שטרעבן צו פֿאַרווירקלעכונג האָט ער באַטראַכט די שפּראָצונגען פֿון אַ מיליע, ווי אַ פֿעסט געפֿאַרעמטע מיליע, און האָט אין דעם סאַמע דראַמאַטישן באַגינען שוין אַרויסגעשפּירט אַן אויסקריסטאַליזירטע ווירקלעכקייט, וואָס לאָזט זיך שוין אַפֿילו פֿאַרעמען אין אַן אידיליע.

אייגנטלעך איז שמעונאָוויטש געווען אַ באַאָבאַכטער און אַ דענקער. כמעט ווי מען מעג זאָגן, אַ פֿילאָסאָף. ער האָט אַ סך נאָכגעטראַכט וועגן די סודות פֿון נאַטור און געשיכטע, וועגן דער געזעלשאַפֿט און אירע אומגליקן און וועגן מענטש און זײַן באַשטימונג. ער האָט זיך דערוועגט צו מאַכן דעם לאַנגן חשבון פֿון דאָס נײַ, און האָט קיין מורא ניט געהאַט פֿאַר די קאָנסעק־ווענצן. ס'איז געווען אַ גרויסע אויפֿריכטיקייט אין זײַן טראַכטן און אַ סך מוט. ער האָט קיין מאָל ניט אויסגעקליבן קיין וועג דערפֿאַר ווײַל ער איז שוין אַן אויסגעטראָטענער. אָבער ער האָט קיין מאָל ניט אויסגעמיטן קיין

וועג נאָר דערפֿאַר, ווײַל איז שוין געווען אַן אויסגעטראָטענער. און ביסלעכ־ווייז האָט ער פֿון זײַנע טראַכטונגען אָנגעהויבן בויען אַ שיטה. פֿון גרויס באַשיידנקייט האָט ער עס פֿאַרצייכנט אין אַ מין פֿילאָסאָפֿישן טאָגבוך, וואָס ער האָט גערופֿן ב ח ש א י (שטילערהייט). און ער האָט ניט אויפֿגעהערט שרײַבן עס אויך נאָך דעם, ווי ער האָט זיך איבערגעצײַגט, אַז דער געוויינט־לעכער לייענער נעמט עס גאָר ניט אויף מיט אָט דער באַגײַסטערונג, מיט וועלכער ער פֿלעגט אויפֿנעמען אַמאָל זײַנע אידיליעס און, אין די לעצטע יאָרן, זײַנע הומאָרפֿולע יוגנט־זכרונות, וואָס זענען געשריבן מיט אַזוי פֿיל דיכטערישער האַרציקייט און היסטאָרישן חן.

און באמת זענען פֿאַראַן קאַפּיטלעך אין זײַן ב ח ש א י, וואָס זענען עכ־טע דיכטונג אין פּראָזע און ערלעכע לאָגישע באַטראַכטונגען, מײַסטערהאַפֿט געשליפֿן. און די געדאַנקלעכע יסודות פֿון אָט די קאַפּיטלעך זענען יסודות, אויף וועלכע עס האַלט זיך דער גאַנצער גײַסטיקער און מאָראַלישער בנין פֿון די בעסטע קינדער פֿון דער צווייטער עליה.

און אין שווערע צײַטן האָט דער אומגליק פֿון זײַן דור שטענדיק אַרויס־געשריִען פֿון זײַן מויל. איטלעך מאָל, ווען ס'האָט אַ סכּנה געלויערט אויפֿן פֿאָלק אָדער אויפֿן לאַנד, טויט האָט אַרומגערינגלט דעם דור, און שינאה האָט זיך צעפֿלאַקערט, אַ צרה איז אויסגעבראָכן אָדער אַן אומגערעכטיקייט האָט זיך צעבליט, און בפֿרט נאָך ווען ס'איז געקומען דער גרויסער בראָך, דער אשמדאי האָט זיך צעוועלטיקט און גאַנצע גלותן זענען אומגעבראַכט געוואָרן, — דענסטמאָל האָט זײַן פֿידל קיין רו ניט געפֿונען און האָט אַרויס־געוויינט דעם ווייטאָג פֿון זײַן דור און זײַן פֿאָלק.

דערצו נאָך איז ער אין יסוד געווען — אַ שטראָפֿריידער. אויך דאָ האָט אים זײַן באַשיידנקייט געשטערט צו צעשרײַען זיך ווי ער וואָלט וועלן. האָט ער זײַנע שטראָפֿרייד פֿאַרקליידט אין משלים, און אויך אין דעם איז ער אָפֿט געווען זייער אָריגינעל. אינעם זאָאָלאָגישן גאָרטן, וואָס איז שוין אַזוי פֿיל מאָל אויסגענוצט געוואָרן פֿון דיכטערס און משלים־שרײַבערס, אַלטע און נײַע, האָט ער באַוויזן אַרײַנצופֿירן נײַע מאָטיוון, און דווקא סאָמע אַקטועלע, פֿריש פֿונעם קאַלכאָויוון פֿון מענטשלעכער פֿאַרדאָרבנקייט און נאַרישקייט צוגלײַך. פֿון זײַן אײַנגעהאַלטענער פֿאַרביטערטקייט אויף דער מענטשלעכער פֿאַרווילדונג האָט ער געשעפּט די פֿײַלן פֿון זײַנע סאַטירעס, און געשמיסן האָט ער מעשׂה טאַטע, קלוג און דערציִעריש.

אין די לעצטע יאָרן, ווען קהל האָט געזוכט אַן אָביעקטיוו געוועכטן, וואָס זאָל עפּנטלעך זיך איינשטעלן פאַר אמת און גערעכטיקייט, האָט אים זיין אויפגאַבע, אַלס פאַרזיצער פון דער שרייבער־משפחה, אָוועקגעשטעלט אויף דער גרויסער טריבונע, עפענען שרייבער־צוזאַמענפאָרן און אויסטענהן זיך אין דער עפנטלעכקייט. דענסטמאָל איז ער געוואָרן דער אמתער מוכיח, דענסטמאָל האָט פון אים אַרויסגערעדט דאָס געזעלשאַפטלעכע געוויסן. דענסטמאָל האָט זיך פון ס'ניי דערשפירט אין אים די השפעה פון זיין רבין און חבר א. ד. גאָרדאָן.

ס'האָבן ניט געפעלט קיין שיינקייט־סטרונעס אין זיין דיכטערישער פידל. סיי אין דער יוגנט און סיי שפּעטער איז ער געווען געטראָגן פון אַ בענקשאַפט נאָך שיינקייט, און זיין גייסט האָט מיטגעלעבט מיט דער פּראַכט און געהיימעניש פון ים און מידבר, פרימאָרגן און זון־אונטערגאַנג, האַרבסט און ווייסע שוואַנען אין דער שטילער סאַזשלקע. אָבער דער איינדרוק איז געווען, אַז אָט די אַלע מאָטיוון צעשפּילן זיך אָפּט ווי פון זיך אַליין אויף די סטרונעס פון זיין פידל. באַוווּסט און קאָנצענטרירט איז זיין פידל שטענדיק געווען אַ כנור־ציון, ווייל ער האָט געדינט זינגענדיק.

אַמאָל פלעגט זיך דוכטן, אַז ער צעוואָרפט זיך אויף זיבן ימים. שרייבט ליריק און פּאָעמעס, באַלאַדעס און אידיליעס, פאָלקסלידלעך און חיות־מעשהלעך, פילאָסאָפישע נאָטיצן און זכרונות. לייענט מען אָבער איצטער אַלץ צוזאַמען, זעט מען אַז די אַלע ליטעראַרישע פאָרמען שאַפן ביי אים איין גאַנצקייט פון אַ שרייבער, ביי וועמען זיין ליטעראַטור איז זיין שליחות. ער זינגט ווייל ער דינט און באַדינען טוט ער דאָס גוטע, דאָס גערעכטע, דאָס געזונטע און שיינע. אין דעם זינען איז דוד שמעוני אַ כשר קינד פון ביאַליקס ליטעראַרישער משפחה.

אָבער ד י כ ט ו נ ג וואָס ד י נ ט איז ניט אַלע מאָל צום האַרצן פון דעם נייעם דיכטערישן דור. עס שמעקט מיט טענדענץ. און אַזאַ חשש אַליין איז שוין גענוג עס זאָל אויפקומען אַ מחיצה צווישן אים און זיינע יונגע תלמידים בשעת זיי האָבן אָנגעהויבן אַליין צו ווערן דיכטערס.

דערצו נאָך איז אים גראָד אויסגעקומען צו זיין יאָרן לאַנג אַ לערער פון דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור אין יפוער גימנאַזיע. און אַ דיכטער, אַז ער ווערט אַ לערער, מוז ער צאָלן אַ הויכן פּרייז פאַר זיין פּעדאַגאָגישער אַרבעט. ער באַצאָלט מיט זיין דיכטערישער רענאָמע. איך ווייס ניט ווי

ווײַט עס געראָט אים באַליבט צו מאַכן דיכטונג בכלל. זיין אייגענע דיכטונג וועט שוין אָבער קיין מוסטער פֿאַר זײַנע תּלמידים ניט זײַן. פֿאַרקערט, איז באַשערט זײַנעם אַ תּלמיד אַלײַן אָנצוהויבן ווערן אַ דיכטער, וועט זײַן ערשטער טראָט זײַן צו דיסטאַנסירן זיך פֿון זײַן לערער. דאָס איז זײַן ערשטער טראָט צו ליטעראַרישער זעלבשטענדיקייט. אַזוי איז געשען מיט דעם דערציילער א. א. קאַבאַק, וואָס איז געווען אַ לערער פֿון ליטעראַטור אין דער גימנאַזיע פֿון ירושלים, און אַזוי אויך מיטן דיכטער דוד שמעוני וואָס איז געווען לערער פֿון ליטעראַטור אין דער גימנאַזיע פֿון יפֿו־תל־אביב.

דערצו נאָך האָבן זיך פֿונאַנדערגעבלאָזן נײַע ווינטן אין דער וועלט־ליטעראַטור. פֿונאַנדערגעבלאָזן און איינגעשטילט זיך. און די אַלע שטורעם־ווינטן האָבן ניט מיט דער גלײַכער מאָס אָוועקגעטראָגן אי דעם לערער, אי דעם שילער. איז ממילא די וואָנט אויסגעוואַקסן נאָך העכער צווישן זיי, און אָפּט מאָל האָט עס פֿאַרשאָפֿט עגמת־נפֿש. אָבער די איינזאַמקייט האָט שמעונין קיין מאָל ניט געשראָקן. נאָך יונגערהייט האָט ער געשריבן: ״פֿון יונגוויײַז אָן איז פֿאַרמישפּט צו איינזאַמקייט דער וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו זײַן אַ ייִדישער דיכטער״. און זײַן נאָבלקייט האָט אים געראָטעוועט פֿון פֿאַרביטערטקייט. איז אַרום אים די לופֿט שטענדיק געווען ריין און אַלע מאָל קלאָר און מענטשלעך פֿרײַנדלעך, און פֿול מיט דרך־ארץ.

און אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך, אַ באַלערנדיקער און זייער אַ פֿײַן דורכגעלעב־טער איז געווען דער אופֿן ווי אַזוי ער האָט זיך איבערגעבעטן מיטן טראַדיציאָ־נעלן לעבנס־שטייגער. יאָרן לאַנג איז ער געגאַנגען אין שפּאַן צוזאַמען מיט אַלע זײַנע חברים פֿון דער השכלה־תּקופֿה און פֿון ציוניזם. אָבער אויך דענסט־מאָל פֿלעגט זײַן האַרץ קלאַפּן מיט אַ באַזונדער וואַרעמקייט, ווען ער פֿלעגט שילדערן דעם גײַסטיקן שטייגער פֿון ייִדן, וואָס לעבן בשלום מיטן רבונו־של־עולם. די ״צפֿתער לעגענדעס״ האָט ער געשריבן גאָר אַנדערש, ווי עס וואָלטן זיי געשריבן די דיכטערס פֿון דער השׂכּלה־צײַט. און בײַ אים אין אַ ליד וויינט זיך אויס די אַלטע אסנת בײַם כּותל־מערבי אַזוי ווי ס׳האָט אַ פֿרוי זעלטן ווען געוויינט צו גאָט אין דער נײַער העברעיִשער ליטעראַטור. און די תּימנים, וואָס ער האָט אַנטדעקט אין ברכיאל און אין חצרות (דוכט זיך, ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אַרויסגעפֿירט די תּימנים אין דער נײַער ליטעראַטור) שטראַלן בײַ אים אין זייער פֿרומער האַרציקייט אין פּשוט־קייט. אָבער די לעצטע יאָרן האָט זיך דוד שמעוני שוין מער ניט באַנוגנט

מיט ליטעראַרישער באַוואונדערונג. ער האָט אין פּשטות און בפּועל ממש אָנ־געהויבן אויפֿפֿירן זיך ווי ס׳האָבן זיך אויפֿגעפֿירט אונדזערע טאַטעס און זיידעס. און, דער עיקר, ער האָט עס געטאָן שטיל, אָן קיין שום תשובה־דעקלאַראַציעס, און אָן קיין אויסטענהן זיך מיט אַנדערע. ער האָט עס, חלילה, ניט באַהאַלטן פֿון קיינעם, אָבער ער האָט עס אויך ניט אויסגעשטעלט נאָ פּאַקאַז. אַזוי ווי ער וואָלט פּשוט דערפֿילט, אַז ער איז עפּעס אַרויסגעוואַקסן פֿון די אַפּיקורסישע קלײדער; זענען זיי ווי פֿון זיך אַראָפּגעפֿאַלן פֿון זײַנע אַקסלען און ס׳האָבן זיך צו אים צוריקגעקערט די שבת־יום־טובדיקע בגדים פֿון פֿאַר דער "קריגסצייט" מיט דעם אייבערשטן. האָט ער אויפֿגעהערט אויפֿפֿירן זיך ווי אַלע זײַנע חברים און האָט אָנגעהויבן זיך נוהג זײַן ווי אַמאָליקע ייִדן פֿון אַ גאַנץ יאָר.

און אויב אין זײַנע משלים און רעדעס פֿלעגן מיר אָפֿט דערשפּירן די השפּעה פֿון א.ד. גאָרדאָן, דוכט זיך, אַז אין אָט דער שטילער ווענדונג זײַנער צום גאָט פֿון די אבות האָט זיך שטאַרק דערפֿילט די השפּעה פֿון יענעם זעלטענעם זקן.

יעדן פֿאַלס, איינער פֿון די ווייניקע איז געווען דוד שמעוני, אין וועמען עס האָט זיך אָנגעהויבן באַוויזן די געשטאַלט פֿון אַ העברעיִשן שריפֿט־שטעלער אין זײַן אייגן לאַנד.

אי דבורה באַראָן, אי דוד שמעוני זענען געווען די גרונטשטיין־לייגערס פֿון דער נײַער העברעיִשער ליטעראַטור אין ארץ־ישׂראל, וואָס זי איז פֿריִער געווען אַן אַרבעטער־ליטעראַטור און געוואָרן די ליטעראַטור פֿון פֿאָלק. דוד שמעוני האָט די ליטעראַטור געפּאָרעמט מיט זײַן ליד און דבורה באַראָן — מיט איר דערציילונג און פֿריִער מיט איר רעדאַקטאָרישן געשמאַק. ביידע האָבן באַשטימט די הייך פֿון אָט דער ליטעראַטור און אַרויפֿגעלייגט אויף איר זייער שטעמפּל. ביידע האָבן אָנגעהויבן מיט אירע ערשטע און האָבן ממשיך געווען מיט אירע שפּעטערדיקע. און ביידע האָבן זיי אויסגעהאָדעוועט קינדער און קינדסקינדער, געטרײַע און ווידערשפּעניקע. און ביידע זענען זיי צום סוף געבליבן ווי פֿאַראייניזאַמטע אויף זייער ווײַטער הויכקייט, און פֿון ביידנס שאָפֿן טראָגט זיך אַ שטילע ריינקייט איבערן גאַנצן דור.

און ס׳האָבן ביידע, אי דוד שמעוני, אי דבורה באַראָן, כּמעט אין איין צײַט פֿאַרענדיקט איצט זייער חשבון מיט אונדזער לעבן.

האָט אונדזער לעבן אויך פֿאַרענדיקט זיין חשבון מיט זיי?

ד ו ד   ש מ ע ו נ י

**דורות וועלן נאָך פֿאַרגיין, און יונגע און דאַרשטיקע וועלן נאָך זוכן און געפֿינען אַ וועג צו זייער ברונעם, וואָס איז ריין און רייניקט.**

**אַלס דיכטער פֿון עליה איז אויפֿגעשטיגן דוד שמעוני. און אַלס דיכטער פֿון אויפֿשטײַג האָט ער געדינט זײַן דור און וועט דינען די דורות.**

ירושלים, כ׳ טבא תשי״ז

# יעקב קלאַצקין

אין דער פּרעמד, אין אַ ווײַט און רויִק שווייצאַריש שטעטל, אין וועווע, וואָס לעבן לאָזאַן, ווײַט פֿון דעם גערויש פֿון ייִדן און פֿונעם טומל פֿון ייִדישע ליטעראַטור־לײַט, האָט ד״ר יעקב קלאַצקין געלעבט דאָס לעצטע יאָר פֿון זײַן לעבן און דאָס יאָר איז פֿאַר אים געווען אַ יאָר פֿון גרויסע וועלט־אומפּאַסנדיקע ליטעראַרישע פּלענער. ער האָט נאָר וואָס געהאַט פֿאַרענדיקט זײַן גרויס פּילאָסאָפֿיש בוך אין ענגליש, אין וועלכן ער האָט געזען די באַגרינדונג פֿון זײַן וועלט־אַנשויונג וועגן לעבנס־אינסטינקט בײַ מענטשן און בײַ דער מענטשהייט, און ער האָט געהאַלטן אין אָנשרײַבן פֿון דאָס נײַ דעם תמצית פֿון דעם דאָזיקן בוך אָריגינעל העברעיִש. ער האָט געהאַט פֿאַרטיק פֿאַר זיך אַ גאַנצן אוצר פֿון ליטעראַרישע און פּילאָסאָפֿישע עסייען, געשריבן אין אַ קלאַצקינישן העברעיִש, אייניקע אויף אַלגעמיינע טעמעס, אַנדערע אויף ייִדישע טעמעס, אויף צײַטפֿראַגן, וועגן פּערזאָנען, וועגן באַגעגענישן און וועגן באַגריף־ענינים. צווישן זיי אַזעלכע, וואָס ער איז נאָך נישט געווען גרייט צו פֿאַרעפֿנטלעכן זיי באַזונדער. אַנדערע האָט ער געהאַלטן גרייט פֿאַר אַ צווייטן באַנד פֿון ״זוטות״ (קלייניקייטן); און נאָר אייניקע פֿון די דאָזיקע עסייען האָט ער שוין געהאַט אַוועקגעשיקט פֿאַר דער „תקופה״ אין אַמעריקע, פֿאַרן „קיום״ אין פּאַריז און פֿאַר טשער־נאָוויצעס „בצרון״. איין עסיי, דעם לעצטן — אַ פּילאָסאָפֿיש־פּעסימיסטישער עסיי וועגן די קריזיסן אין דער וועלט־קולטור און וועגן דער ״אייביקייט״ פֿון דער נאַצישער פֿאַרדאַרבנקייט און רשעות — האָט ער נאָך באַוויזן אַוועקצושיקן צום יאָרבוך פֿונעם ״דבר״ (תש״ז). ער האָט נאָר וואָס געהאַט פֿאַרענדיקט צוגרייטן צום דרוק אַ צווייטע פֿראַגמענטן־זאַמלונג פֿון געדאַנ־קען און דיכטונגען פֿון אויסדערוויילטע שעפֿער־פּערזענלעכקייטן פֿונעם לעצטן יאָרהונדערט, מיטן נאָמען ״משנת אחרונים״, ענלעך צו זײַן באַרימ־טער אַנטאָלאָגיע פֿון די גריכישע קלאַסיקערס מיטן נאָמען „משנת ראשו־

נים". די דאָזיקע זאַמלונג האָט אַנטהאַלטן אַן אויסשעפּנדיקן און אייפּערדיק־אויספּירלעכן אָפּקלײַב פֿון פֿײַן געשניצטע און קונציק אויסגעטאָקטע אויס־געצייכנטע אָפֿאָריזמען — דאָס בעסטע פֿונעם גײַסטקן פֿאַרמעגן פֿון דער מענטשהייט אין די לעצטע דורות, אָנהייבנדיק פֿון מאָנטעניען ביז טאָמאָס מאַן, מיט פֿראַגמענטן פֿון געטע און ניטשע, פֿון טאָלסטאָי און לאַסאַל, פֿון פּרוסט און פֿרויד און בערנאַרד שאָו — אַ הונדערט דיכטערס און פֿילאָסאָפֿן און דענקערס פֿון די לעצטע דורות. אין כאַראַקטעריסטישע און תמציתדיקע פּסוקים האָט ער אָנגעזאַמלט דאָרט פֿון דאָס שענסטע און בעסטע בײַ די פֿעלקער און האָט עס איבערגעשאָפֿן אין זײַן קרישטאָל געשליפֿענעם נײַעם העברעיִש. ער האָט נאָר געוואָלט איבערגיין נאָך איין מאָל מיט דער פֿעדער איבערן מאַנוסקריפּט און פֿאַרענדיקן דאָס שלײַפֿן פֿאַרן איבערגעבן עס צום דרוק. ער האָט אויך געפּלאַנט וועגן אַ נײַער און אויסגעבעסערטער אויפֿלאַגע פֿון זײַן גרויסן בוך "אוצר המונחים הפילוסופיים". אַן דעם, איז ער געווען זיכער, קען מען בכלל ניט צוטרעטן צו לערנען אין העברעיִש די נײַע פֿילאָסאָפֿיע. און ער האָט געהאָט אַן אַ צאָל ראיות און באַווײַזן ווי ווײַט דאָס פֿעלן פֿון אַ ריכטיקער און פּינקטלעכער דעפֿיניציע פֿירט צו פֿאַרמישן און פֿאַרווישן די באַגריף און איז גורם צו אַראָפּנידערן דעם גײַסטיקן ניוואָ פֿון דעם יִדישן געדאַנק אין אונדזער דור און ווי ווײַט דאָס ווערטערלעכע באַכמאַכן, און הייס האָט ער גערעדט וועגן דעם, און די טאַנדעט־איבער־זעצונגען, וואָס ווייסן ניט ווי צו שעפּן פֿון אָנגעזאַמלטע אוצרות אין די העברעיִשע מקורות, פֿאַרקריפּלען און פֿאַראַרעמען די שפּראַך מיטן געדאַנק צוזאַמען.

און קלאַצקין איז ניט געווען קיין ליטעראַט אינעם אָנגענומענעם זין פֿון וואָרט און ניט נאָר אַ פֿילאָסאָף, וואָס האָט אָנגעשריבן זײַנע העברעיִשע ביכער וועגן שפּינאָזאַ און הערמאַן קאָהען, זײַן דײַטש בוך וועגן אינסטינקט פֿון באַוווסטזײַן און זײַן ענגליש בוך וועגן זײַן שיטה און האָט געלייענט לעקציעס וועגן פֿילאָסאָפֿיע אין טשיקאַגער אוניווערסיטעט. אַ גרויסער גענױסער איז ער געווען פֿון דער וועלט־קולטור און האָט מהנה געווען דעם העברעיִשן לייענער פֿון איר רײַכקייט און איז שטענדיק געווען דער מענטש פֿון זײַן צײַט. ער האָט אַרויסגעזאָגט מיינונגען וועגן ענינים פֿונעם דור און האָט געפּסקנט שאלות פֿאַר די וועגזוכערס צווישן די באַנײַערס פֿונעם דור. זײַנע אָפּהאַנדלונגען אין העברעיִש און דײַטש וועגן

ציוניזם האָבן אויפֿגעבויט אַ גרונט־שיטה, די עקסטרעמע פֿאַרניינונג פֿונעם גלות, די פֿונדאַמענטירונג פֿון דער אומפֿאַרמײַדלעכקייט אין דער אַסימי־לאַציע אין גלות און זיי האָבן דערצויגן אַ דור צום פֿאַרווירקלעכנדיקן ציו־ניזם; ער האָט אויך אויסגעטראָטן וועגן אינעם ציוניזם גופֿא. ער איז געווען אַ רעדנער פֿון גרויס אײַנפֿלוס און וואַגיקער גערדאַנקלעכער פֿאַרטיפֿט־קייט. ניט נאָר ווען ער איז געווען אַ יונגערמאַן און רעדאַקטאָר פֿון דער „וועלט״, נאָר אויך נאָך דעם סוף פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען ער צוזאַמען מיט נ ח ו ם ג אָ ל ד מ אַ ן האָבן אַרויסגעגעבן אין היידעלבערג די חודש־שריפֿט ״פֿרײַע ציוניסטישע בלעטער״, דורך וועלכע זיי האָבן געקעמפֿט פֿאַרן פּאָליטישן ציוניזם און פֿאַר דער וויכטיקייט פֿון דער אַראַבישער פֿראַגע. ער איז געווען איינער פֿון די ערשטע וואָס האָט אונטער־גענומען אַ פֿאַרצווייפֿלטן קאַמף קעגן די אילוזיעס פֿון ציוניסטן בנוגע די כוונות פֿונעם ״בריטישן אַלביאָן״. עס איז ניט צו פֿאַרגעסן די וואָרענונגס־רעדע קעגן ענגלאַנד וואָס ער האָט געהאַלטן אין יאָר 1920 אויף דער קאָנ־פֿערענץ פֿון די דײַטשע ציוניסטן אין בערלין – ניט לאַנג נאָך דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע און עס געדענקט זיך גוט אויך זײַן שאַרפֿע קריטיק, פֿון דערוויַיטנס, נאָך דעם שוין ווי ער איז אַוועק פֿון דעם ברייטן שליאַך פֿון געזעלשאַפֿטלעכן קאַמף און האָט זיך אָפּגעזונדערט מיט זײַנע ביכער און עסייען.

קלאַצקין איז געווען אַ ליטעראַרישער בוימײַסטער פֿון ברייטן פֿאַרנעם און האָט ליב געהאַט די ליטעראַרישע אַרכיטעקטור. אַלס רעדאַקטאָר פֿון דער ענציקלאָפּעדיע „אשכול״ האָט ער אַרויסגעוויזן גרויסע פֿעיִקייטן און פֿיל ווילן פֿון אַן אַרכיטעקט. ער האָט אָנגעזאַמלט ידיעות, אוצרות גאַנצע, און האָט זיי איינגעשטעלט אין אײַנגעריכטע פֿורעמס. די דאָזיקע אייגנשאַפֿט האָט ער אַרויסגעוויזן אין זײַן געדרוקטן בוך ״משנת ראשונים״ און אין ״משנת אחרונים״ וואָס ער האָט געלאָזט אין כתב־יד * און אינעם ״אוצר המונחים הפֿילוסופֿים״ (דער אוצר פֿון פֿילאָסאָפֿישע טערמינען) און אין די לעקציעס וואָס ער האָט פּראָגראַמירט און פֿאַרגעטראָגן זיי און וועגן וועלכע ער פֿלעגט רעדן אין זײַנע ברויזנדיקע און באַרוישנדיקע שמועסן.

*שפּעטער איז דערשינען אויך דאָס דאָזיקע בוך, רעדאַקטירט פֿון א. קריב און אַרויסגעגעבן פֿון „עם עובד״.

מײַן לעצטן שמועס מיט אים האָב איך געהאַט אין לאָזאַן, עטלעכע חדשים פֿאַר זײַן טויט, סוף 1947. זײַן פֿרײַנד, ה. ל י ג ו ס, װעלכער איז געקומען פֿון װעװע קיין זשענעװ, בעת דער סעסיע פֿונעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, האָט מיר געזאָגט, אַז קלאַצקין װיל מיך זען בעת מײַן רײַזע צוריק קיין ארץ־ישראל. מיר האָבן זיך געקענט פֿון דער צײַט װען מיר האָבן ביידע געװױנט אין בערלין, בעת ער האָט רעדאַקטירט די ענציקלאָפּעדיע "אשכול". איך האָב זיך גלײַך פֿאַרבונדן מיט אים און מיר האָבן באַשטימט זיך צו טרעפֿן אין לאָזאַן. שעהן לאַנגע האָט געשטראָמט דער שמועס. ער האָט געבראַכט מיט זיך די מאַנוסקריפּטן פֿון זײַנע עסייען און פֿון די "משנת אחרונים" און בלעטערנדיק די מאַנוסקריפּטן װאָס ער האָט געהאַלטן מיט זיך, איז זײַן שמועס אַנגעגאַנגען קװעליק און לאַנג װי אין די ערשטע צײַטן בעת אונדזערע טרעפֿונגען אין בערלין, ביים שלוס פֿון דער ערשטער װעלט־מלחמה. די זעלביקע שפּרודלדיקע לעבהאַפּטיקייט פֿונעם שמועס פֿון אַ געלייטערטן תלמיד־חכם. די זעלביקע גענויקייט אין דער פֿאָרמולירונג, די זעלביקע שאַרפֿע שפּראַך, די זעלביקע עקבערנדיקע קריטיק, די זעלביקע ליבע צו ציון און צו די בויערס פֿון ציון, און דער זעלביקער טרעפֿלעכער אַנאַליז װאָס אייגנטלעך עס אונטערשיידט פּ ס ו ל ת פֿון ס ו ל ת — נאָר גרױלעך זענען געװאָרן די האָר־קרײַזלען אַרום קאָפּ און זײַן קערפּער, װאָס האָט אָנגעהױבן רונד װערן און זײַן גרױסער קאָפּ — האָבן אָנגעהױבן װערן מער ענלעך צו ה ע ר מ אַ ן ק אָ ה ע ן, זײַן רבין.

צו יענעם שמועס האָט ער געבראַכט מיט זיך אַ פּעקל פֿון זײַנע פֿיל צעטלעך, צונױפֿגעהעפֿטע קעמערלעך, די פּערל פֿונעם אייראָפּעיִשן געדאַנק און שאַפֿן אין אַלע לעצטע דורות. איך בין איבערראַשט געװאָרן פֿון דעם געלונגענעם אָפּקלײַב און פֿון דעם אַנטשידנדיקן כוח און געשמאַק זײַנעם, און נאָך מער פֿון דער שײנקייט פֿון דער קרישטאָל געשליפֿענער העברעיִשער שפּראַך, אין װעלכער ער האָט אַרײַנגעגאָסן, אַזױ צו זאָגן, דעם דאָזיקן אויס־דערװיילטן יין־משומר. אין תמציתדיקע אָפֿאָריזמען האָט ער װי צונױפֿ־געזאַמלט די גאַנצע אייראָפּעיִשע קלוגשאַפֿט און אין אַ לעבעדיקן עברית, אַ שײנעם און פּינקטלעכן, האָט ער פֿאַר דעם אויסגעפֿורעמט אַ פּאַראַלעל אַנטשפּרעכנדיקן אַפֿאָריזם װאָס באַנעמט אים, הילט אים אײַן, און שעפּט אויס אין דער פֿולער פּינקטלעכקייט זײַן גאַנצן אינהאַלט, און, בײַ דעם, װערט אויך אָפּגעהיט דער גאַנצער אייגנאַרט פֿון זײַן העברעיִשן פּסוק. די "משנת

אחרונים" איז אַרויפֿגעבראַכט געוואָרן צו דעם שטאַפּל פֿון "ראשונים" און האָט געגלאַנצט מיט די פֿאַרבן פֿון אירע נײַקייטן. איך האָב ניט אײַנגעהאַלטן מײַן התפּעלות און האָב אים שטאַרק צוגערעדט צונויפֿצוזאַמלען די פֿראַגמענטן און באַרײַכערן מיט זיי אונדזער ליטעראַטור. פֿון די אָפּקלאַנגען פֿון אונדזער שמועס האָב איך געהערט און געפֿילט ווי שווער עס איז די איינזאַמקייט פֿון אַ העברעיִשן שרײַבער אין אַ ניט־ייִדישער פֿרעמדער שטאָט, און ווי גרויס איז זײַן באַדערפֿעניש זיך צו טרעפֿן מיט זײַנע לייענערס.

אַ צײַט שפּעטער. ווען "עם עובד" האָט דערהאַלטן פֿון אים דאָס בוך צום דרוקן — און ער האָט אים שוין מער ניט געזען — בין איך טיף איבערראַשט געוואָרן, לייענענדיק אין דער ווידמונג, אַז ער האָט האַרציק אָפּגעהיט דעם זכרון פֿון דער דאָזיקער לעצטער טרעפֿונג אונדזערער.

און צווישן זײַנע נײַע עסייען איז געווען איין עסיי. וואָס ער האָט מיר דאָן זייער פֿיל אויסגעלויבט — און, קענטיק, אַז ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט, אַז מיר זאָלן גוט פֿאַרשטיין וואָס אין אים ווערט געזאָגט. דאָס איז געווען דער עסיי וועגן זײַן פֿאָטער, דעם גרויסן לובלינער רב רבי אליהו קלאַצקין זכר צדק לברכה — וואָס ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין "העולם", נאָכן טויט פֿון זײַן פֿאָטער אין ירושלים. דער דאָזיקער אויסגעצייכנטער עסיי, אין וועלכן דער זון, דער עילוי, אַנאַליזירט דעם וועזן און גײַסט פֿון זײַן פֿאָטער, דעם גאון, איז אויך אַ שליסל־עסיי צו פֿאַרשטיין דעם אינעווייניקסטן רינגל, וואָס פֿאַרבינדט און פֿאַראייניקט די דורות.

די פֿאַרטיפֿטע געדאַנקלעכע עסייאיסטיק פֿונעם דור האָט פֿאַרלאָרן אין אים איינעם פֿון זײַנע באַגאַבטסטע פֿורעמער און די נײַע העברעיִשע שפּראַך, די שפּראַך פֿון געדאַנק־אויסדרוק און אינטעלעקט־דיכטונג, וועט אים געדענקען און דערמאָנען ווי איינעם פֿון אירע באַזונדער אָריגינעלע שעפֿער, וואָס איז איר אויפֿגעקומען צווישן אַלע אירע אַרכיטעקטן.

א' אייר תש"ה

# לודוויג אריה שטראַוס

פֿונעם צעדער פֿון לבנון, וואָס הײַנריך הײַנע האָט מיט אַ וועלכע 150 יאָר צוריק פֿאַרפֿלאַנצט אינעם טעווטאָנישן וואַלד, און וועמען דער צעבו־שעוועטער שטורעם האָט איצט אויסגעריסן מיט די וואָרצלען, זענען לעצטנס, דאָ פֿאַר אונדזערע אויגן, אָפּגעפֿאַלן די לעצטע גרינע צווײַגן: מיט צען יאָר צוריק איז אין ירושלים שפּיטאָל אין ירושלים געשטאָרבן די ווונדערלעכע דיכטערין, עלזע לאַסקער־שילער, וואָס האָט געדיכטעט העברעיִש אין דער דײַטשישער שפּראַך; און איצט האָט צוגעמאַכט זײַנע טרוימערישע אויגן מײַן צאַרטער פֿרײַנד, דער דיכטער לודוויג אריה שטראַוס.

פֿריִער נאָך, פֿאַרן אויסברוך פֿונעם שטורעם, ווען עס האָט אין דײַטש־לאַנד נאָך געהערשט די זאַטע זיכערע רויִקייט, איז עלזע לאַסקער־שילער אַרומגעגאַנגען איבער דער דײַטשישער ערד ווי אַ טרוימערישע אַמבאַסאַ־דאָרין, אַ געשיקטע פֿון אַ לעגענדאַרן קעניגרײַך, ווי אַ צווײַג פֿון פֿאַר־צײַטיקן מזרח־שטאַם, וואָס האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אויף אַן אומפֿאַרשטענד־לעכן וועג אינעם אייראָפּעער כרך. „דער פֿירשט פֿון טעבען" האָט זי זיך אַליין באַצייכנט, באַהערשט פֿון געמיט און שטימונג עקסטאַז. און אַ העב־רעיִשער דיכטער, וואָס האָט זיך געטראָפֿן מיט איר אין דער דײַטשישער הויפּטשטאָט, האָט געזונגען וועגן איר, ווי וועגן „דבורה אין געפֿענגעניש", און זי, אַ זייער אָנערקענטע און געליבטע, האָט געדיכטעט אין אויסגע־צייכנט דײַטש ווייך פֿאַרטונקלטע, פֿײַן פֿאַרנעפּלטע און זייער־זייער געצער־טלטע פֿערזן פֿון איר צעשטורעמטער פֿאַנטאַזיע, פֿול מיט וויזיעס און וואָגיק אין סימבאָלן. „די העברעיִשע באַלאַדן" און דער „רבי פֿון באַרצעלאָנאַ" — זענען פּאָעטישע אויסגעשרייען פֿון אַ ייִדישער נשמה וואָס איז פֿאַרזונקען אין רײַכער פֿרעמדקייט און גאַרט צוריק צו איר אָפּשטאַם־קוואַל. דורך זיבן שלייערן רײַסט איר געשריי צו איר פֿאַרגעסענער זעלבסטשטענדיקייט. זי

פֿלעגט אַרומוואַנדלען דאָרטן ווי נישט אויף איר ערד, צווישן אַלע אירע פֿאַרערערס און תּלמידים, לייענערס און נאָכמאַכערס.

און ווי ניט אויף איר וועלט האָט זי אַרומגעבלאָנקעט, אַן עלנטע און הילפֿלאָזע, דעם רעשט פֿון איר לעבן, אויך דאָ אין לאַנד, וווּ אירע פֿריינד און באַקאַנטע זענען געווען אַזוי ווינציק. איר איינזאַמקייט איז זיך דאָ נאָך מער צעוואַקסן. וויליק און אומוויליק. דאָס קאָנקרעטע לעבן האָט זיך פֿאַר איר דאָ נאָך מער פֿאַרשטעלט ווי פֿון פֿאַרצײַטנס און די אַקאָרדן פֿון איר דיכטונג זענען דאָ געוואָרן נאָך מער צו ניט דערגרייכבאַרע ווײַטקייטן. „מיין בלויער קלאַוויר" איז איר לעצט בוך לידער, אין דײַטש, דערשינען אין ירושלים און ער איז אַ מין אָפּשיידבוך פֿון אירע פֿרײַנד, אַ מין הייראַטבוך מיט דער אייביקייט פֿון דער אומעקזיסטענץ.

מיין פֿרײַנד און חבר אריה לודוויג שטראַוס איז געווען אַ נאָך יינגערער צווײַג פֿון יענעם ווונדערלעכן אויסגעריסענעם דייטש-ייִדישן לבנון-צעדער. אַזוי ווי זי, האָט אויך ער געזונגען אין אַ דײַטש פֿון שטאַרקע אויסדרוקן און אָקצענטירטן דײַטשישן קלאַנג. אָבער ער האָט ניט געוואַרט ביז ער וועט אויסגעריסן ווערן דורך דעם שטורעם, ער האָט זיך פֿריִער אייגנוויליק אַליין אַריבערגעפֿלאַנצט אינעם ליטעראַטור-גאָרטן אין ארץ-ישראל. און דאָס פֿאַרפֿלאַנצן האָט זיך אַנגעגנומען. אים האָט געטראָפֿן דער ווונדערבאַרער זעלטענער נס, אַז אויך אין דער נײַער העברעיִשער שפּראַך האָט זײַן פּאָעטיקע זוכה געווען צו איר באַנײַטן אויפֿבלי.

ווי זײַנע חברים, די דײַטשישע עולים וואָס זענען איינצײַטיק מיט אים אָדער פֿאַר אים מצליח געווען אויף דעם געביט פֿון געדאַנק, וויסנשאַפֿט, עקאָנאָמיע און געזעלשאַפֿטלעכקייט אין ארץ-ישראל, אַזוי האָט ער זוכה געווען צו דעם, וואָס קיין נײַער דײַטשישער עולה פֿאַר אים האָט ניט זוכה געווען. ער האָט אויפֿגעבליט ווי אַ יונג-זאַפֿטיקע צווײַג אין דער העברעיִשער ליריק און איז געוואָרן דער ערשטער העברעיִשער דיכטער צווישן די שבֿי-ציון פֿון דײַטשלאַנד אין אונדזער דור.

שוין דאַן, בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען דער טרוים פֿון דעם חלוצישן און אַרבעטנדיקן ציון האָט צונויפֿגעזאַמלט דעם ערשטן הויפֿן פֿון זײַנע געטרײַע-ליבנדיקע, איז לודוויג געווען דער דיכטער אין אונדזער קליינעם קרײַז. און אַז מיר האָבן אויפֿגעשטעלט אינערהאַלב די „עולי-ציון" דעם צוגעקליבענעם קרײַז, דער מער אינטימען, וואָס האָט געפֿאָדערט פֿון

זײַנע מיטגלידער אַ נדר צוווידמען זייער לעבן כדי אַרײַנצוטראָגן די בשׂורה פֿון חלוציש־סאָציאַליסטישן ציוניזם אין האַרץ פֿון דער ציוניסטישער אינטע־ליגענץ און באַלד ווי די מלחמה וועט זיך ענדיקן, אַליין עולה צו זײַן קיין ארץ־ישׂראל און דאָרט פֿאַרזעצן דאָס ווערק פֿון דער צווייטער עליה, און מאַרטין בובער האָט פֿאָרגעשלאָגן צו גרינדן דעם קרײַז ווי אַ געהיימען אָרדן, איז לודוויג געווען איינער פֿון דעם דאָזיקן אינערלעכן געהיימען קרײַז. וויפֿל האָפֿענונגען האָבן אונדז אויפֿגעבליט אין יענעם קרײַז, ווען אין אַ געהויבענער שטימונג, זאַלבע צען, אין דער וווינונג פֿון אונדזער חבר מאַקס מאיר אויף דיסעלדאָרף־גאַס, אין בערלין, אויפֿן שוועל פֿון דער ערשטער רעוואָלוציע פֿון 1917, האָבן מיר אין גרויס באַגײַסטערונג געפֿונען אַ סימבאָלישן נאָמען פֿאַר אונדזער קרײַז און דעם געהיימען נאָמען האָבן מיר געדרשנט לויט אַלע כּללים פֿון פּרדס, אַרויסלייענענדיק אין אים דעם יִדישן נביאישן פּסוק: „ציון במשפּט תּפדה"; מיר האָבן געזען אין אָרדן אַן אינסטרומענט, „די ערשטע צאַנגע", אַזוי צו זאָגן, פֿאַר דער גאַנצער צוקונפֿטיקער שאַפֿונג פֿון דער נײַער געזעלשאַפֿט אינעם יִדישן לאַנד בײַם סוף פֿון דער מלחמה, ווי מיט דער ערשטער צוואַנג, וועלכע איז כּידוע, געשאַפֿן געוואָרן ערב שבת, בין השמשות, און די צוואַנג גופֿא, הגם זי איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן פֿון צוויי פֿאַרשיידענע קלינגען, איז דאָך אַ צוזאַ־מענגעשלאָסענע אינעווייניק, ווי איין גאַנצע און איז באַהעפֿט ווי אַן איינס מיטן סוד פֿון איר טאָפּלטקייט. ווי באַנײַטע זענען מיר געווען אין אונדזערע אויגן, ווען דער סימבאָל איז אונדז אײַנגעפֿאַלן, און ער האָט אונדז אַלעמען אײַנשטימיק ווי איינגעקרײַזט אין זײַן ברכה. און צווישן אונדז זענען געווען אויך וועטעראַנען פֿון דער באַוועגונג, ווי ד"ר מאַרטין בובער, דער אייגנט־לעכער רבי פֿון דער גאַנצער גרופּע און דאַן רעדאַקטאָר פֿון אונדזער חודש־זשורנאַל „דער יודע", ווי ד"ר וויקטאָר יאַקאָבסאָן, מיטגליד פֿו־נעם ענגן אַקציאָנס־קאָמיטעט און דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿאַר דער פּאָ־ליטישער אַרבעט פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג, ווי לעאָ הערמאַן, גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג, ווי מאַקס מאיר, רעדאַקטאָר פֿון דער „יודישער רונדשאַו" און ווי יוליוס בערגער, דער זייער טעטיקער אָנפֿירער פֿון דעם קרן־היסוד און מיר, דאָס הײַפֿל יונגע בחורים און מיידלעך, דורכגענומענע פֿון דער זיכערקייט, רויִקייט און געוויסנהייט וואָס באַגלייט תּמיד דעם פּלאַן פֿונעם נעמען אויף זיך אַ נדר.

יענער טאָג אין בערלין, ווען מיר האָבן אויפֿגעשטעלט דאָס דאַזיקע גע־היימע און באַגרענעצטע קרײַזל, אין וועלכן איך האָב אַרײַנגעטאָן די גאַנצע גײַסטיקע ירושה וואָס איך האָב געבראַכט פֿון דער באַוועגונג פּועלי־ציון אין רוסלאַנד און פֿון מײַן קורצער דערפֿאַרונג אַלס אַרבעטער אין ארץ־ישׂראל — איז געווען פֿאַר מיר גלײַך ווי יענער שפּעטערער טאָג, ווען איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין ארץ־ישׂראל אין די רײען פֿון דער „הגנה". און זאָל עס גע־זאָגט ווערן, צווישן די יונגע, וואָס צווישן אונדזער דעמאָלטדיקן קרײַז, איז ניט געווען קיין איינער וואָס האָט ניט געהאַלטן וואָרט. אַלע זענען איינ־ציקווײַז עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל, אין די סאַמע ערשטע יאָרן, נאָך דעם ווי די מלחמה האָט זיך פֿאַרענדיקט. און מיט אונדז אין יענעם קרײַז איז געווען לודוויג.

פֿון יענעם קרײַז, נאָך דעם ווי ער האָט געגרינדעט אַרום זיך דעם ברייטן און מער אָפֿענעם צירקל פֿון „עולי־ציון", האָט שפּעטער אַרויסגעשפּראָצט דער דײַטשישער „החלוץ", דער פֿאָטער פֿון דער עליה־באַוועגונג בלוי־ווײַס און פֿון י.וו.ב., און פֿון דעם דאָזיקן קרײַז זענען דערנאָך אויפֿגעבויט געוואָרן די צוויי אַרבעטער־פּאַרטייען אין דעם דײַטשישן ציוניזם — די „פּועלי־ציון" און דער „הפּועל־הצעיר".

לודוויג האָט שוין דאָן זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז ווי אַ משורר. ער האָט געהאַט מיט זיך אין זײַן טעקע אַ בינטל לירישע לידער, וואָס זענען דערשינען שפּעטער אין פֿאַרלאַג „אינדזל" („אומוואַנדלונג און באַטשאַפֿט", לײַפּציג 1918). מיר האָבן שוין דאָן גענאָסן פֿון זײַנע צאַרטע לידער וועלכע פֿלעגן באַרײַכערן אונדזערע שטילע אָוונטן. ער האָט דאָן אויך ווײַט זיך באַשעפֿטיקט מיט פֿילאָסאָפֿיע און ליטעראַטור־געשיכטע און ווען דער קרײַז האָט אָנגע־הויבן זײַנע וואָך־מסיבות, איז די צווייטע מסיבה געווען געווידמעט צום הערן זײַן שייגעם, טיפֿן און זייער קריטישן פֿאַרטראָג וועגן באַגריף „סאָצ־יאַלע גערעכטיקייט". שפּעטער, נאָך דעם ווי אינעם קרײַז איז געפֿירט געוואָרן אַ לאַנגע דיסקוסיע וועגן דעם פֿאַרטראָג, עטלעכע אָוונטן נאָך אַנאַנד, האָט ער אים פֿון ס'נײַ איבערגעאַרבעט אין אַן אומפֿאָסנדיקן פֿילאָסאָפֿישן עסיי.

און איינער פֿון די ערשטע אין דעם קרײַז וואָס איז גלײַך צוגעטראָטן לערנען עברית „מיטן גאַנצן ערנסט" און התמדה איז געווען לודוויג.

ווען אַרלאָזאָראָוו האָט געגרינדעט אין דײַטשלאַנד די פּאַרטיי „הפּועל

הצעיר", צום סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער אים אויסגע־וויילט אַלס חבר צום רעדאַגירן דעם אָרגאַן פֿון דער יונגער פּאַרטיי „די אַר־בייט", אויפֿן נאָמען פֿון א. ד. גאָרדאָנס פּראָגראַמאַטישן העפֿט, וואָס מיר האָבן דאַן איבערגעזעצט אין דײַטש און פֿאַרעפֿנטלעכט אין „דער יודע" (1916); עס האָט ניט געדויערט לאַנג און ער האָט אים איבערגעגעבן אין גאַנצן די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿונעם רעדאַקטירן.

און מיט וואַסער האַרץ־קלאַפּעניש איז לודוויג דאַן אַרויסגעפֿאָרן קיין פּראַג צו דער קאָנפֿערענץ פֿון דער התאחדות, טרעפֿן זיך דאָרט מיטן וווּנ־דערלעכן זקן, וואָס איז געפֿאָרן פֿון דגניה קיין אייראָפּע, כדי צו פֿאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פֿון „הפּועל הצעיר". בײַ אַ גוטמוטיקער שטימונג בעת די מסי־בות פֿון „פֿאַלקסהיים" אין בערלין, וואָס זיגפֿריד לעהמאַן און גערטרוד וועל־קאַנאָץ פֿלעגן אַזוי שיין־גײַסטיק אָרגאַניזירן, פֿלעגן מיר אויספֿירלעך דער־ציילן וועגן אַ שפּאַסיקער און פֿאַרדריסלעכער מיספֿאַרשטענדעניש, וואָס איז אויסגעפֿאַלן, דאַן, אין פּראַג צווישן דעם אַלטן רבין דעם מחמיר, א. ד. גאָרדאָן און דעם יונגן חסיד זײַנעם, לודוויג שטראַוס.

דער תלמיד האָט דערציילט דעם רבין מיט שעמעוודיקער זעלישער פּלאָ־טערניש, אַז ער האַלט בײַ עולה זײַן. האָט אים דער רבי געפֿרעגט:

— און וואָס דענקסטו צו טאָן אין ארץ־ישׂראל?

האָט לודוויג אים מגלה געווען זײַן אינטימען סוד, מיט זײַן פֿולער האַר־ציקער נאַיִוויטעט און אין זײַן בעסטן דײַטש:

— איך וויל זײַן „אַ שעפֿער".

, גאָרדאָן האָט פֿאַרביטן דאָס דײַטשישע וואָרט „שעפֿער" — אַ פּאַסטעך אויף אַ מער צוגענגלעכן און פֿאַרשטענדלעכערן פֿאַר אים טײַטש, אַ שעפֿער (אין דעם זין פֿון שאַפֿן ווערק) און אַזוי ווי ער האָט געהערט, אַז שטראַוס אין פֿאַרטאָן אין דיכטן לידער, האָט ער אים חושד געווען, אַז ער גרייט זיך צו זײַן אויך אין ארץ־ישׂראל אַ שרײַבער און מאַכן פּאָעזיע פֿאַר זײַן פֿאַך. האָט זיך גאָרדאָן אַרויסגעוואָרפֿן מיט גרימצאָרן אויף די שרײַבערס, די אָפּ־געריסענע פֿון זייער באָדן, וואָס דענקען צו ציען יניקה פֿאַר זייער שאַפֿונג פֿון דער לופֿט אין קאַפֿעהויז און אַז ער זוכט מענער וואָס זאָלן וועלן אַרבעטן פּ י ז י ש ע אַרבעטן ממש, אויף דער נאַטור־לאַנדשאַפֿט און שאַפֿן זייער ווערק, א י נ ע ר ה אַ ל ב זייער פֿיזישער אַרבעט.

דער אָנגעשרײַענער תלמיד האָט ניט פֿאַרשטאַנען ריכטיק דעם צאָרן

פון דעם פֿאַרערטן רבין; ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין מוט אָפּצוּענטפֿערן אים און ער האָט ניט געגלייבט, אַז מיט זײַן דײַטשישער שפּראַך וועט ער קענען אויפֿקלערן זײַן רבין דעם טעות, וואָס ער האָט געמאַכט, איז ער אַוועק פֿון אים מיט אַ צעווייטיקט האַרץ. ערשט שפּעטער האָט זײַנער אַ פֿרײַנד אויפֿגעקלערט א. ד. גאָרדאָנען די מעשה און ער איז געקומען בעטן ער זאָל אים מוחל זײַן.

נאָכן צוריקקומען פֿון פּראָג האָט זיך לודוויג נאָך מער איבערגעגעבן דעם לערנען עברית. און ער האָט באַשלאָסן אָפּצולייגן זײַן נסיעה קיין ארץ־ישראל ביז ער וועט גובר זײַן די שווערע שפּראַך־מחיצה וואָס צעשיידט און שרעקט.

אין צווישן איז זײַן דיכטונג אויך רײַכער געוואָרן, אַ געלײַטערטע ליריק, פֿול מיט געפֿיל און פייזאַזש־בילדער, אין אַ דערהויבענער שפּראַך וואָס דער געזאַנג פֿון אירע סטראָפֿן און דער קלאַנג פֿון אירע שורות פֿאַרמעסטן זיך מיט דער וואָרעמער עמאָציע פֿון זײַנע געפֿילן און הילט זיי אײַן.

און די לידער זאַמלען זיך אָן אין ביכער, און די ביכער ווערן פֿאַרעפֿנט־לעכט אין יידישע פֿאַרלאַגן און אין אַלגעמיינע, אינדזל־פֿאַרלאַג, וועלט־פֿאַר־לאַג, בוך־קלוב אין האַמבורג און אַ דערציילונג אין פֿאַרלאַג ריטען וועליבינג און, פֿאַרשטייט זיך, — אין שאָקען־פֿאַרלאַג, — און די עליה ווערט אַלץ אָפּגעלייגט.

געפֿינט ער וועגן ווי צו צאָלן זײַן חוב צו דער קולטור פֿון זײַן פֿאָלק אין דער דײַטשישער שפּראַך, אין וועלכער ער ווערט אַ הערשער.

געהאַט האָט ער אַ פֿרײַנד, אַ לערער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן זײַן שוואָגער, פֿריץ קויפֿמאַן. קענער געדענקען גוט די באַדײַטונג פֿון זײַן צײַט־שריפֿט „פֿרײַשטאַט", וואָס ער האָט געגרינדעט און רעדאַקטירט געציילטע יאָרן פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איידער נאָך עס איז פֿאָרגעקומען די גרויסע באַגעגעניש צווישן דעם דײַטשישן יידנטום און דעם פּוילישן און ליט־ווישן. אַ סך פֿריִער ווי די דאָזיקע געגנטן זענען דעראָבערט געוואָרן דורך די דײַטשישע אַרמייען — האָט שוין פֿ. מ. קויפֿמאַן גערופֿן די יידישע אינטעלי־גענץ פֿון מערב וואָס ווערט אויסגעליידיקט פֿון איר זעלבשטענדיקייט צו דערנענטערן זיך צום מזרח און דאָרטן שעפּן פֿון די לעבעדיקע קוואַלן, וואָס פֿליסן מיט אַ זאַפֿטיקער פֿאָלקסטימלעכקייט אין יידיש. אין דער דאָזיקער פֿאַרטיזאַנישער חודש־שריפֿט זײַנער, אין וועלכער ער האָט איינזאַם אויפֿ־

געהויבן די פּאַן פון דעם „אַל־יודענטום", וואָס נתן בירנבוים איז אַ געוויסע צײַט געווען זײַן וואָרטזאָגער, האָט ער צום ערשטן מאָל געבראַכט אין דײַטש־לאַנד די מאמרים פון ב. באָראָכאָוו, חיים זשיטלאָווסקי, יעקב לעשטשינסקי און אַנדערע און ער האָט געווידמעט פיל פלאַץ דער ייִדישער פאָלקס־פּאָעזיע וואָס ער האָט אַליין געזאַמלט און אַליין אי־בערגעזעצט. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער דאָזיקער טײַערער מענטש פאַרסמט געוואָרן מיט גאַז אויפן פראָנט. מיר אַלע האָבן לאַנג געטרויערט אויף זײַן טויט אין בליענדיקן עלטער. לודוויג, זײַן יונגער פרײַנד און שפּעטער דער מאַן פון זײַן שיינער שוועסטער, אַ געטרײַע מיטגלידערן פון אונדזער קרײַז, האָט, אויף זײַן שטייגער, געוואָלט פאָרזעצן זײַן שוואָ־גערס ווערק. ער האָט זיך אויסגעלערנט צו לייענען ייִדיש און האָט פאַר־עפנטלעכט אינעם שאָקען־פאַרלאַג אַ זייער שיינע זאַמלונג, אַן אָפּקלײַב פאָלקס־לידער, איבערגעזעצט פון ייִדיש אויף דײַטש. מיט אַלע זײַנע פּאָע־טישע חושים און מיט דער גאַנצער טיפקייט פון זײַן ציוניסטישער פאָלקס־ליבע האָט ער אינטים אָפּגעפּילט די קלאַנגען פון דער דאָזיקער פּאָעזיע, וועלכע איז געווען פאַר אים אי עקזאָטיש, אי באַקאַנט און טײַער, ווי לויט דער ייִדישקייט פון איר גײַסט, אַזוי לויט דעם דײַטשישן וואָס איז אַרײַנגעטאָן אין איר שפּראַך און ער האָט זיך געקליגט און געפונען פאַר איר אַ פולפאַסנ־דיקן עקוויוואַלענט אין ליטעראַרישן הויכדײַטש. מיט אָט די איבערזעצונגען זײַנע האָט ער איבערגעשטיגן אויף דעם געביט אַלע זײַנע ריוואַלן אין יענער צײַט — מיט זייער פּינקטלעכקייט און מיט דער טרײַשאַפט צו זייער גײַסט. דאָס איז געווען אַ שיינע פאַרזעצונג פונעם ווערק פון בערטאָלד פײַוול, וועל־כער האָט אָנגעהויבן מיט אַ האַלבן דור פריִער.

אַז ס'איז אָנגעקומען די קאַטאַסטראָפע־אימה, אויפן שוועל פונעם אויס־לאַז, ווען דאָס דײַטשישע ייִדנטום איז אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין די גרענעצן פונעם באַנײַטן געטאָ, און אַלט און יונג האָבן אָנגעהויבן, אין זייער יאוש, זיך גריבלען, כדי צו אַנטפּלעקן פאַר זיך אַליין די קוואַלן פון זייער גײַסט, כדי צו וויסן, לכל־הפּחות, פאַר וואָס און פאַר ווען איז געקומען אויף זיי דער דאָזיקער איבעראַשנדיקער און אומפאַרשטענדלעכער פאַרוויסטונג־שטורעם, און אויך צו זוכן אין די אוצרות פון די עלטערן אַ מער זיכערן אָנשפּאַר צו טראָגן מיט מער שטאָלץ און זעלבסטווירדע דאָס לעבן פון דער דערנידערונג און פון לײַדן, דענסטמאָל איז זיי אונטערגעטראָגן געוואָרן ווי אַ רעטונגס־

טרייסט דאָס בוך פֿון לודוויג שטראַוס און נחום גלאַצער: „מיסיע און שיק־זאַל" (שליחות וגורל), וואָס איז דערשינען פֿאַרן סאַמע סוף אין שאָקענס גרויסן פֿאַרלאַג. פֿון דאָס בעסטע פֿון די שאַפֿונגען פֿון די מדרשים און פֿונעם תּלמוד, פֿונעם זוהר און פֿון די היסטאָרישע כראָניקעס, פֿון די חסידי אשכּנז און די משוררים פֿון שפּאַניע, פֿון דער קבלה־ליטעראַטור און דער מאַרטיראָלאָגיע, פּיוטים פֿון דער חסידישער און פֿון דער נײַער ליטעראַטור, האָבן די געטרײַע אָפּקלייבערס אָנגעזאַמלט מיט ערודיציע און פֿײַנעם געשמאַק, און אין אַ באַשיינטער דײַטשישער שפּראַך איז די דאָזיקע פּערלדיקע זאַמלונג אונטערגעטראָגן געוואָרן צו די בלאָנדזשענדיקע קינדער פֿון דעם טראַגישן דור. ווי די איבערזעצונג פֿונעם תּנ"ך, געמאַכט פֿון מ. בובער און פֿראַנץ ראָזענצווײַג, זייערע לערערס און פֿרײַנד, אַזוי איז געווען דאָס דאָזיקע בוך, וואָס גלאַצער האָט צו אים בײַגעשטייערט פֿון זײַן גרויסער ערודיציע און לודוויג האָט אין אים אַרײַנגעבלאָזן דעם רייץ פֿון זײַן ליטעראַרישן טאַלאַנט. דאָס בוך איז אויפֿגענומען געוואָרן ווי אַ זייער נייטיקער געשאַנק, וואָס איז דעם דײַטשישן ייִדנטום צוגעטראָגן געוואָרן אין דער צײַט פֿון לײַדן און הכרעה.

ווען לודוויג איז עולה געווען און האָט זיך באַזעצט אינעם לאַנד, האָט ער אַ געוויסע צײַט געאַרבעט אַלס אַרבעטער, דערנאָך אַלס לערער, פֿריִער פֿאַר קליינע קינדער און שפּעטער אַלס לערער פֿון אַלגעמיינער ליטעראַטור פֿאַר דערוואַקסענע, און זײַנע תּלמידים האָבן אים ליב באַקומען, פֿריִער אין בן־שמן און דערנאָך אין העברעיִשן אוניווערסיטעט און אין „בית מדרש למורים" (סעמינאַר פֿאַר פֿאָלקס־לערער), און צוזאַמען מיט זײַן אײַנוואָרצלען זיך אין זײַנע קעגנשטאַנדן האָט זיך פֿאַר אים געעפֿנט דער פּייזאַזש פֿון ארץ־ישראל. מיט אַלע זײַנע פֿאַרבאַרגענישן און סימבאָלן. דעמאָלט האָט זײַן באַרוישונג־באַגײַסטערונג מיטן נײַעם פֿאָטערלאַנד געזוכט, ווי זײַן שטייגער איז געווען, אַ פּאָעטישן אויסדרוק. האָט נאָך זײַן דײַטש אים די ערשטע יאָרן אויך דאָ געדינט אַלס אונטערפֿירער.

זײַן לידער־ביכל „ארץ־ישראל" וואָס איז דערשינען אין שאָקען־פֿאַרלאַג נאָך אין 1935, איז אַ באַגלייבטער עדות ווי אַזוי אַ פֿאַרגעסן פֿאָטערלאַנד ווערט בהדרגה אויפֿגענומען פֿון זײַן באַגאַבטן זון, וועלכער באַאָבאַכט עס מיט אַ גאַרנדיק־בענקנדיק אויג און מיט אַ צעזונגען האַרץ, ווען ער קומט צוריק צו איר פֿון ווײַטע ווײַטענישן, כּדי צו לײַזעליקן אירע

לאַנדשאַפֿטן. די בערג און דאָס פֿלאַכלאַנד, די פֿעלדזן און די זאַמדן, דער ים און דער תבור, סדום און יריחו, דער מאָרגנשטערן און דער אָוונט, דער חמסין און דער רעגן, דער אַרבעטער, דער פּויער און דאָס קינד, דער אַראַבער און ווידער אַ מאָל דער אַראַבער — אַלע זיי האָבן זיך געקערט צו אים כּדי צו פֿאַרטרויען אים זייער סוד. און ער האָט געמיינט צו אַנטפּלעקן זיי אַלעמען זײַן באַהאַלטענעם סוד. מיר האָבן באַוווּנדערט די דאַזיקע באַנײַטע ציון־ליבע פֿון אַ דיכטער, אין וועמענס פּאָעזיע ס'איז ניטאָ גאָרניט פֿון ירושה־מליצה און וואָס אָטעמט אין גאַנצן מיט זײַן אורשפּרינגלעכקייט. אויך די דאָזיקע לידער, וואָס ער האָט דאָן געזונגען אין ארץ־ישׂראל און וועגן ארץ־ישׂראל זענען דענסטמאָל געווען פֿאַר די איבערגעבליבענע ברידער אין דײַטשלאַנד — וואָס זייער גורל האָט זיי גערופֿן עולה צו זײַן, — אַ באַלזאַם פֿאַר זייערע גײַסטיקע ווייטיקן און אַן אָנשפּאַר אין זייער בהלהדיקער עליה.

אָבער מיט זיך אַליין האָט ער שוין דעמאָלט געהאַט אָנגעהויבן צו רעדן עברית אָדער אויך עברית. זײַן האַרץ אין אים האָט אָפּגעקלונגען צום העב־רעיִשן קלאַנג, וואָס האָט אָנגעהויבן זיך דערטראָגן צו אים פֿון געדיכטע־ניש פֿון די דורות. און ער האָט ליב באַקומען דעם ווונדער פֿון דער אַנטפּלע־קונג פֿון דעם זיך פֿאַרנדיקן פֿערז. און ער האָט זיך געפֿרייט מיטן יום־טוב פֿון נײַעם קנס־מאָל צווישן דעם בילד און דעם אויסדרוק, וואָס האָט אָנגעהויבן אָנשלאָגן זיך אין זײַן וועזן און אין זײַן ליד.

זײַן צניעותדיקער בליק האָט געשײַנט בעת ער האָט מיר געבראַכט אין דער רעדאַקציע פֿונעם „דבר" צום דרוק דאָס ערשטע קליינע בינטל העב־רעיִשע לידער. לויט זײַן באַרמהאַרציקער שטימע, בעת ער האָט מיר טעלע־פֿאָנירט וועגן אָט דעם באַזוך, האָב איך שוין געקענט זיך אָנשטויסן, אַז ער האָט מיר צו ברענגען אַ גרויסע בשׂורה. און אַז ער האָט מיר געבראַכט די לידער, איז אויף זײַן פּנים געווען אויסגעגאָסן אַ געצוימט־איינגעהאַלטענע אָבער לײַכטנדיקע פֿײַערלעכקייט. און מיט פֿיל באַטאָנונג האָט ער מיר פֿאַר־געלייענט די קורציקע שורות, געבויטע ווי פֿײַן געשליפֿענע מירמל־שטיינער, וואָס יעדעס וואָרט האָט זײַן גרויס געוויכט און אַלטערטימלעכן שײַן, און דער פֿײַנער גומען פֿילט אין די פֿערזן דעם פֿרישן טעם פֿון ביכּורים־פּרוכט. מיר ביידע זענען געווען באַרוישט. און אַז די לידער זענען דערנאָך אָפּ־געדרוקט געוואָרן אין דער שבת־בײַלאַגע פֿון „דבר", האָבן די בעסערע צווישן די זיך אײַנהערנדיקע צום כאָר פֿון אונדזער פּאָעזיע געשפּירט, אַז

איינער אַ נײַער און זייער צוזאַגנדיקער האָט זיך באַוויזן אויף דער בימה פֿון אונדזער דיכטונג.

זינט דאַן האָבן זיך די שירים געמערט און זיי זענען אָנגעזאַמלט געוואָרן אין אַ העברעיִשן בוך — דאָס בוך „שעות ודור", אַרויסגעגעבן פֿונעם „מוסד ביאַליק". צו דער קייט פֿון אויסדערוויילטע ייִדישע דיכטערס איז צוגעקומען נאָך אַ רינג, אַ זיכערע, אַ זעלבסטשטענדיקע און אַ באַגלייבטע, וואָס וועט פֿאַרבלײַבן ווי אַ באַזונדער אָריגינעל וועזן צווישן די דיכטערס פֿון אונדזער דור.

צו די לאַנדשאַפֿט־בילדער — דער פֿליסטער פֿונעם ווינט, און די בלייכ־קייט פֿונעם פֿרימאָרגן, דאָס צוויטשערן פֿונעם פֿויגל בײַם אויפֿגיין פֿונעם מאָרגנשטערן און די שטאָלצע אײַנזאַמקייט פֿון דעם פֿאַרבליבענעם וואַסער־ראָר — קומען צו די „שירי־חזון" און "שירי תפילה" און די דיכטונג איז געשריבן ניט נאָר מיט גרויס באַאַבאַכט־קראַפֿט, נאָר אויך מיט אַ באַזונדער אויער וואָס הערט זיך ווונדערבאַר אײַן, און איבער אַלעמען, מיט אַ טיף רעליגיעזן געפֿיל, וואָס לעבט אויף די בילדער און די סימבאָלן.

און זיין העברעיִש איז גלײַכצײַטיק אי צוגענגלעך און איינדײַטיק, אי לויטער קלאָר. זײַן העברעיִש איז ווי אין גאַנצן באַפֿרײַט פֿונעם לאַסט פֿון עשירות וואָס דריקט אויף אים אָפֿט מאָל. ניט קיין פּסוקים פֿון תנ״ך און ניט קיין ירושה פֿון אונדזער נײַער פּאָעזיע. גלײַך ווי אַ נײַער מענטש וואָלט אַרײַנגעקומען און אָנגעהויבן פֿון ס'נײַ זײַן וועג. נאָר שטעגן פֿאַר־באָרגענע פֿאַרן אויג שטראַלן אַרויס פֿון אים צו די בעסטע מוסטערן פֿון דער שפּאַניש־העברעיִשער שירה און צו די פּייטנים פֿון מיטל־עלטער. איז עס צומאָל ניט געווען קיין רעזולטאַט פֿון זײַן באַשעפֿטיקן זיך מיט זיי בעת ער האָט צוזאַמען מיט זײַן פֿרײַנד גלאַצער צוגעגרייט זײַן גרויסע אַנטאָלאָג־יע ? ווי ס'זאָל ניט זײַן האָבן מיר פֿאַר זיך אַ ליריש־קינסטלערישן בויגן, וואָס ציט זיך פֿון אַ פֿילנדיקן האַרצן פֿון אַ יונגן מאָדערנעם דיכטער־דענקער און טראָגט זיך איבער דורות אָפּגרונטן ביז ר׳ שלמה איבן גבירול און אבן עזרא פֿון איין זײַט, און רילקע און סטעפֿאַן געאָרגע, פֿון דער אַנדערער זײַט.

ער, מײַן פֿרײַנד, האָט ניט זוכה געווען צו זען זײַן בוך לידער אין העברעיִש, וואָס ער האָט אַזוי געגלוסט נאָך אים אין דער פֿרעמד און אין ארץ־ישׂראל. אין דעם טאָג פֿון זײַן זעכציק־יאָריקן יובילייִ, ווען דאָס בוך

איז שוין געווען פאַרטיק צום דרוק און די דיכטערין־קריטיקערין לאה גאָלד־בערג האָט געהאַלטן אַ פאַרטראַג וועגן זײַן פּאָעטישער אייגנאַרט, איז שוין פאַרבאָטן געווען פאַר זײַנע פרײַנד צוצוגיין צו אים און באַגריסן אים פער־זענלעך. די דאָקטוירים האָבן שטרענג פאַרזאָרגט מען זאָל וואָכן איבער דער רויִקייט פון זײַן מיד האַרץ.

קיין סך צײַט האָט אויך ניט געהאָלפן די בעסטע רו. עס האָט ניט גע־נומען קיין סך טעג, פון דער יובילײ־פײַערונג ביז צום טאָג פון אבלות נאָך אים. אויך דאָס בוך זײַנס וואָס האָט געגלאַנצט אין דער ביכער־שאָפע, איז ניט געווען אימשטאַנד אָפּצושוואַכן די ביטערקייט פונעם שווערן טרויער.

ניט נאָר איין לעצטער צווײַג פונעם אָרויסגעריסענעם לבנון־צעדער, וואָס ה ײַ נ ר י ך ה ײַ נ ע האָט פאַרפלאַנצט איז אַוועק. ער האָט פאַרלאָזט די וועלט ווי אַ יונגער בוים, וואָס איז אויפסנײַ פאַרפלאַנצט געוואָרן אינעם לעבעדיקן גאָרטן פון ר׳ י ה ו ד ה ה ל ו י.

תשט״ו

# אברהם וואַלט ליעסין

ווער וועט אונדז קענען דערקלערן די דאָזיקע ליטעראַרישע דערשײַנונג, וואָס אפילו אין די טרוקן־פּרוכטלאָזע יאָרן פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, נאָענט צום סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט, ווען די ליטעראַטור איז דאָרטן געווען בעיקר נאָר אַ זשורנאַליסטישע און אינעם צײַטונגס־וועזן האָבן געהערשט ניט קיין „קאַרפּנקעפּ" און אין איר גאַנצן מהות איז זי געווען סך־הכל ווי אַ יונגע קאָלאָניע אויף קעסט בײַ דער מעטראָפּאָליע פון רוסלאַנד און פוילן, און די בעסטע פאַרשטייערס וואָס זי האָט פאַרמאָגט זענען געווען בבחינת געסט געקומענע פון יענער זײַט ים משפּיע צו זײַן גײַסטיק אויף די ברייט פאַרוואָגלטע מאַסן, ווי אַזוי איז עס געשען וואָס, אויך דאָ, איז דער איינציקער ליטעראַרישער צווײַג, וואָס האָט געגרינט און געבליט און געשפּײַזט מיט זײַנע פּרוכט אפילו די מעטראָפּאָליע אַליין, געווען דווקא די פּאָעזיע? און מיט וואָס קען מען דערקלערן דאָס וואָס אויך אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע וואָס האָט דאָ נאָך זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין גײַסטיקער רײַכקייט, האָט געבליט די דיכטונג מער ווי די אַנדערע ליטעראַרישע פאָרמען און זי איז געווען גאָר אַנדערש אין איר גײַסט און העכער אין איר ניוואָ פון דער גאַנצער סביבה און האָט באַשײַנט און דערנערט די גאַנצע הוילקייט אַרום?

פּלעגט דען די ייִדישע יוגנט ניט זינגען מיט דבקות מאָריס ראָזענ־פעלדס לידער אין אַלע גלותן ווו מ׳רעדט ייִדיש? און צי האָט מען דען ניט איבערגעזעצט דאָ „איך האָב אַ קליין ייִנגעלע" אויך אויף דײַטש, און ענגליש, און רוסיש, און פּויליש, און איטאַליעניש, כמעט ווי שפּעטער ביאַ־ליקס שירים און ווי רחלס שירים הײַנט? און באָווּשאָווער, עדעלשטאַט און ווינטשעווסקי, פאַר מאָריס ראָזענפעלדן; און יהואש און משה לייב האַל־פּערין און מאַני לייב נאָך ראָזענפעלדן; און די גרופּע גרויסע דיכטערס

שפּעטער — זענען דענסטמאָל ניט געווען צענטראַלע, אַזוי צו זאָגן, מעט־ראַפּאַלישע, לויט זייער מהות און אײַנפֿלוס? און אין דעם העברעיִשן אינדזל אין אַמעריקע איז דען ניט געווען די גרופּע דיכטערס, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר מקורותדיקייט, רײַפֿקייט און באַשטענדיקייט?

עפּעס פֿונעם סוד פֿון דעם אײַנזאַמען דעמב וואָס וואַקסט בײַ אונדז אין לאַנד הויך, אין מיטן וועג, און אין זײַן צעצווײַגטקייט פֿאַרשפּרייט ער דעם שאָטן ווײַט־ווײַט און דערשײַנט ווי אַן איינציקער הערשער איבערן גאַנצן פֿאַרגעלבטן שטח, וואָס ציט זיך אַרום — איז באַהאַלטן אין אָט דער איינזאַמער, שטאָלצער און שטראַלנדיקער ייִדישער דיכטונג.

האָט אברהם אבינו אַ מאָל פֿאַרפֿלאַנצט אַן אשל־בוים אין דער וויסטעניש פֿון חברון — קענען אים ניט בייקומען ניט די וויסטענישן פֿון זאַמד און ניט די לעגיאָנען פֿון יאָרן.

און דעם אויבן אַן אין דעם אַ אַפּגעזונדערטן און גרינענדיקן דיכטערישן אינדזל אין אַמעריקע האָט פֿאַרנומען אַרום פֿערציק יאָר נאָך אַנאַנד אברהם ליעסין, רעדאַקטאָר פֿון „די צוקונפֿט" און דיכטער פֿון דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע און ייִדישער גבורה, דער פֿאַרצײַטיקער ווי פֿון דער נײַער, דער רעוואָלוציאָנער־ייִדישער.

ווען אברהם וואַלט־ליעסין איז אַרויס פֿון זײַן שטאָט מינסק און האָט איינגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, איז עס געווען נאָך פֿאַר הערצלס רוף צו ייִדן און אויך איידער דער „בונד" אין זײַן אָרגאַניזירטער סטאַדיע איז אויפֿגעקומען. ליעסין האָט בבן אין דער היים נאָך גאָר ניט געוווּסט וועגן דער מוראדיק שטאַרקער שׂנאה, וואָס האָט געגומען אויסוואַקסן צווישן דער ייִדיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אינעם בונד, און דער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויפֿלעב־באַוועגונג פֿונעם ציוניזם; ער האָט ניט געוווּסט פֿון דעם און ער איז צו איר קיין מאָל קיין שותף ניט געווען. ער איז געווען אַ סאָציאַליסט און אַ ייִדישער סאָציאַליסט, אַן איינגעוואָרצלטער אין דער גײַסטיקייט פֿון זײַן פֿאָלק. אין „בלומקעס קלויז" אין מינסק איז ער געוואַקסן און אין דער מינסקער "שואבי־מים"־שול איז ער רײַף געוואָרן. זײַן ערשטער אַרויספֿאָר אין דער גרויסער וועלט איז געווען זײַן נסיעה אין דער ישיבה. אָבער ווען די משגיחים פֿון דער וואָלאָזשינער ישיבה האָבן אים געכאַפּט בײַ חילול־שבת באַהאַלטענערהייט און האָבן אים פֿאַרטריבן מיט בזיון און מיט „איסור אכסניא" און ער האָט זיך געווענדט צום השכלה־צענטער

אין ווילנע, האָט ער באַלד באַוויזן צו פֿאַרזוכן דעם טעם פֿון די גרויסע רוסישע שרײַבערס און זײַן האַרץ האָט זיך ברייט געעפֿנט פֿאַרן רוף פֿון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

ניט געקוקט דערויף וואָס ער האָט שטאַרק ליב געהאַט יהודה־לייב גאָרדאָנס שירים און וואָס ער האָט טיף אָפּגעשאַצט ר׳ משה־חיים לוצאַטאָס לידער און מיכה יוסף לעבענזאָנס טרויעריקע און צאַרטע פּאָעזיע — האָט אים זײַן האַרץ ניט געצויגן צו די עסקנים פֿון חיבת־ציון, וואָס ער האָט געקענט אין זײַן שטאָט מינסק, געזען אין גע־שטאַלט פֿונעם אָפֿיציעלן „קאַזיאָנע" ראַבינער אָדער פֿונעם גבירס בוכ־האַלטער. אים האָט באַצויבערט דאָס „גיין אין פֿאָלק" פֿון די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן און גאָר גיך איז וואַלטס נאָמען באַרימט געוואָרן צו לויב און ליבע אין אַלע קרײַזלעך פֿון דער סאָציאַליסטישער יוגנט אין ליטע. כמעט פֿון זיך אַליין איז אויפֿגעקומען אַ מין אָרגאַניזירטע גרופּע „וואַל־טאָווצעס", וואָס מיט איר נאַציאָנאַלן אָפּנייג האָט זי אָנגעוואָרפֿן אַ מורא אויף די אָפֿיציעלע מנהיגים פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין יענע שטעט. מען האָט זיך געשראָקן וואַלט זאָל חלילה ניט פֿאַרפֿירן אויף צוריק די גאַנצע באַוועגונג מיטן פּלאַם פֿון נאַציאָנאַלן וואָרט און מיט זײַן דערהוי־בענער גײַסטקייט. דערווײַל, אָבער, האָט זײַן נאָמען אָנגעהויבן ווערן באַרימט ווי אַ דיכטער. דוד פּינסקי איז געווען דער קוואַטער, וואָס האָט אים אַרײַנגעפֿירט אינעם היכל פֿון דיכטונג אין ייִדיש; די פֿירערס פֿון דער באַ־וועגונג האָבן ניט געוואָלט מוותר זײַן אויף אים און זײַן גוטן נאָמען. דאָס עצם שרײַבן ייִדיש איז דאַן געווען אַן אָרגאַנישער טייל פֿון זײַן „נאַציאָנאַלן אָפּנייג".

„ניט אויס קעגנערשאַפֿט צו העברעיִש בין איך דענסטמאָל געוואָרן אַ שרײַבער אין ייִדיש" — זאָגט ער עדות אויף זיך אַליין אַ סך יאָרן שפּעטער — "נײַערט אויס אַבסאָלוטער קעגנערשאַפֿט צו רוסיש, וואָס איז דאַן געווען פֿאַרשפּרייט צווישן אַלע ייִדישע סאָציאַליסטן אַרום מיר". און זײַן פֿאַרבי־טערטער געראַנגל מיט די אַסימילאַטאָרישע ווינטן וואָס האָבן געהערשט אין זײַן פּאַרטיי, האָט ניט אויפֿגעהערט ניט אין די יאָרן, ווען ער האָט געוווינט אין רוסלאַנד און ניט נאָך זײַן אויסוואַנדערן (אָנהייב 1897) אין די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן. אין זײַנע זכרונות זענען פֿאַראַן שפּאַנענדיקע קאַפּיטלעך וועגן די געראַנגלענישן וואָס ער האָט געפֿירט מיט די גדולים אין דער פּאַרטיי

— מיט א ר ק אַ ד י (אַלעקסאַנדער קרעמער) און מיט ט י מ אָ פּ ע י ע ן (ד״ר קאָפּעלזאָן), מיט א י ס אַ י (יודין אייזנשטאַט); און שפּעטער, אין אַמעריקע, מיט אַ ל ג י נ ע ן, מיט אַ ב. ק אַ ה אַ ן און מיט מ י כ א ל ז אַ מ ע ט ק י ן — איבער זײַן אפּיקורסישער „פֿאַרליבטקייט אינעם נאַציאָנ־ליזם״. און ער האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט בעת דעם גרויסן שטרייט וואָס האָט זיך געפֿירט אינעם „בונד״ צווישן די „האַרטע״, ד״ה: די קעגנערס פֿונעם צונויפֿגיסן זיך מיט דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — און די „ווייכע״, וואָס האָבן געשטיצט דעם צונויפֿקום. דער קאַמף האָט זיך געפֿירט מיט געוואַלטיקער אָנשטרענגונג אויף דער זיבעטער קאָנפֿערענץ, דער גרעסטער און שטורמישסטער קאָנפֿערענץ אין דער גאַנצער געשיכטע פֿונעם „בונד״ אין רוסלאַנד.

ליעסין, וועלכער איז געקומען צו דער קאָנפֿערענץ אַלס גאַסט פֿון אַמעריקע, איז דעמאָלט שוין געווען ברייט באַקאַנט און האָט באַוויזן אין דער צווישנצײַט באַליבט צו ווערן בײַ אַלע ייִדיש־לייענערס און ער איז געווען דער עקסטרעמסטער און שטורמישסטער רעדנער צווישן די אָנהענ־גערס פֿון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם; „דער ׳בונד׳ דאַרף זײַן ניט נאָר אַ טייל פֿון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, נײַערט אויך אַ טייל פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק״ — האָט געדונערט זײַן וואָרט. און אַ צווייט מאָל: „ניט די ייִדישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד, פּוילן און ליטע, נײַערט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פֿונעם ייִדישן פֿאָלק אין דער וועלט״. די ווער־טער זענען געוואָרפֿן געוואָרן ווי פֿאַר דער צײַט און זיי זענען ניט אַרײַנגעצ־דרונגען אין די אויערן. די „האַרטע״ אַליין, זײַנע חברים נאָענטע אין קאַמף — ווי א. ל י ט וו אַ ק (חיים יאַנקל העלפֿאַנד), וועלכער איז געווען אין גאַנצן אַ ייִדישער פֿאָלקס־מענטש און אויך א ס ת ר פֿ ר ו מ ק י ן פֿון איין שטאָט מיט ליעסינען און זײַנע אַ תלמידה און פֿאַרערערין פֿון איר יוגנט אָן — האָבן זיך דערשראָקן פֿאַר דעם „ציוניזם״, וואָס קלינגט פֿון זײַנע רע־דעס, און דערציטערטע, האָבן זיי זיך פֿון אים דערווײַטערט. און אַז ער איז צוריקגעקומען פֿון יענער קאָנפֿערענץ, וועלכע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין גאַליציע, קיין ניו־יאָרק, זײַן נײַער היים, איז די מלחמה פֿאַרגעזעצט געוואָרן מיט מער קראַפֿט. די גאַנצע אַטמאָספֿער וואָס האָט געהערשט דענסטמאָל אין „פֿאָרווערטס״ — וועלכער האָט דאַן געוועלטיקט אויף דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן — איז אים געווען דער־

ווידער. דאָס ביליקע און שרײַערישע איזדיעקעווען זיך איבערן „ייִדישן קלעריקאַליזם", וואָס זײַן פֿרײַנד ב. פֿײַגנבוים האָט אָנגעפֿירט, דער־הייבנדיק דעם קאַמף קעגן דער רעליגיע צו דער העכסטער אויפֿגאַבע פֿון זײַן צייטונג, איז געווען פֿאַר ליעסינען אַ פּיינלעך־ווייטיקלעכע איבער־ראַשונג. אַזוי ווײַט, אַז עס איז אויסגעוואַקסן אַ באַרג צווישן אים און א. ב. קאַהאַנען אַליין, וואָס האָט דאַן פּראָטעזשירט אויפֿן ברייטסטן אופֿן די דאָזיקע גאַנצע „פֿאַרגויִשונג". אַלס רעדאַקטאָר האָט אַב. קאַהאַן אפֿילו גע־פּרוווט אַרויפֿצולייגן זײַן האַנט אויף ליעסינס שאַפֿונגען גופֿא. איז ער אַוועק פֿונעם „פֿאָרווערטס". עס איז אים געשען אַ נס, וואָס זײַנע פֿאַרערערס אין דער פֿעדעראַציע האָבן געשאַפֿן טאַקע פֿאַר אים אַליין אַ ליטעראַרישע טריבונע, אויף וועלכער די פּירערס פֿון דעם „פֿאָרווערטס" האָבן ניט געהאַט קיין שליטה, הגם די „פֿאָרווערטס"־געזעלשאַפֿט האָט זי געשטיצט. ער איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פֿונעם זשורנאַל „די צוקונפֿט", דער חשוב־סטער חודש־זשורנאַל פֿאַר ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. און צוזאַמען מיט דעם און אויך אַ דאַנק דעם איז ער געוואָרן איינער פֿון די געציילטע פּערזענלעכקייטן, וואָס די ייִדישע ליטעראַטור פֿון זײַן דור האָט זיך קאָנ־צענטרירט אַרום זיי, און פֿון דער דאָזיקער ייִדיש־סאָציאַליסטישער טריבונע האָט ער, ליעסין, אָנגעהויבן זאָגן זײַן וואָרט אין דעם פֿלאַמענדיקן און אויפֿקלערערישן לייטאַרטיקל און דער עיקר — אין זײַנע גרויסע פּאָעמעס, וואָס זענען געוואָרן אַדעס צו דער ייִדישער העראָיִק פֿון אַלע דורות און האָבן אויפֿגעהאָדעוועט אַ דור.

עטוואָס ענלעכס צו דעם וואָס ביאַליקס דיכטונג איז געווען פֿאַר דער העברעיִשער ליטעראַטור — איז ליעסינס פּאָעזיע געווען פֿאַר די לייענערס פֿון ייִדיש: אַ דיכטונג וואָס האָט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אינעם דור. לכת־חילה איז די פּאָעזיע געווען פֿאַר אים אַ מין פֿאָן, כדי צו זאַמלען ייִדישע יוגנט אַרום דער סאָציאַליסטישער אויפֿשטענדלערישקייט. דער אויסטייטש אָבער וואָס ער אַליין האָט געגעבן פֿאַר זײַנע לידער איז ניט קיין גענוגנדי־קער. זײַן פּאָעטישער גײַסט האָט אָן אָן ערך איבערגעשטיגן זײַן פּראָפּאַ־גאַנדיסטישע מיסיע און האָט זיך באַפֿרײַט פֿון איר, און ווי אַ דיכטער „לשמה" איז ער געווען דער פּאָעטישער העראָלד פֿונעם מהות פֿון דער רע־וואָלוציאָנערער גבורה אינעם ייִדנטום, אין אַלע אירע מאַניפֿעסטאַציעס. ער האָט געוווסט און האָט געלערנט: די ייִדישע מאַרטיראָלאָגיע האָט זיך ניט

אָנגעהויבן מיט די „דונערן אין דרום“ אין די אַכציקער יאָרן און איר אָנ־פאַנג, מיט אַלע ווייטיקן פון אירע ביטערע נסיונות און דער שיינקייט פון איר מסירת־נפש, גרייכט ביז צו די טעג פון חורבן הבית. די געוואָגטע אויפ־שטענדלערישקייט פון דער יידישער גבורה קעגן דער פּויסט וואָס הערשט מיט רשעות און אומדערבאַרמקייט הייבט זיך אָן ניט מיטן „בונד“ און ניט מיט די טעראָריסטן צווישן דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. עס איז אַ לאַנגע גאָלדענע קייט, וואָס איר יחוס־בריוו ציט זיך ביז צו ר׳ עקיבאָן און די עשרת הרוגי מלכות און אין דער אַ קייט זענען פאַרפלאָכטן די קדושים פון מאַגענציע (מיינץ) און די פּרנסים פון וואָרמיזא (וואָרמס), דער מהר״ם פון רוטענבערג און דער פּייטן ר׳ אמנון הקדוש. די אנוסים פון דער אינ־קוויזיציע און די אומגעבראַכטע דורך חמי״ל (באָגדאַן כמעלניצקי) און גאָנטאַ — טאַטעס און זיידעס זענען זיי אַלע פון זייערע קינדס־קינדער היינט: פונעם יידישן שוסטער הירש לעקערט, וואָס האָט גענומען נקמה פונעם ווילנער גובערנאַטאָר פאָן וואַל און איז עקזעקוטירט געוואָרן (דעם 29סטן מאַי 1902), פון העסיע העלפמאַן, די טאָכטער פונעם יידישן פישער פון אַ שטעטל פון מינסקער גובערניע, וואָס האָט זיך באַ־טייליקט אינעם מאָרד פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן (אין יאָר 1881), פון די אויפשטענדלערס אין ווילנע, פון די קעמפּפערס אין דווינסק און פון אַלע גע־פייניקטע פונעם „בונד“ וואָס אין אַלע תּפיסות פון דער צאַרישער רוסלאַנד.
דאָס שטייגן פון זייער העלדנמוט איז, פאַר אים, איינע און די זעלביקע. פון זיי אַלע ווערט זיין דיכטונג דערהויבן. אין זיינע פּאָעמעס איז רייף געוואָרן און זיך געשטאַרקט די יידישע שפּראַך; ביז אים האָט זי קיין מאָל ניט פאַרמאָגט שורות פון אַזאַ קראַפט, ווי פון שטאָל געשמידטע און אָנגע־זאָפּטע מיט נשמהדיקן פלאַטער פאַר דער פּראַכט און יסורים־שיינקייט פון די געפייניקטע. זיינע לידער זענען לויב־מזמורים פאַר די גייסט־העלדן וואָס פאַראַכטן אי די קייטן, אי די וואָס שמידן אין די קייטן. פאַר די רעוואָ־לוציאָנערן פון צווישן דער יידישער יוגנט איז דורך דער דאָזיקער דיכטונג מיט אַ מאָל אויפגעשטיגן אָן אָפּשיי־געפיל פאַר די פאַרגאַנגענע דורות, וואָס זענען ביז דאַן געווען דערנידעריקט ביז גאָר. די פאַראַכטונג צו זיי איז געווען אַ מין אומבאַשטרייטבאַרע אַקסיאָמע. און דערביי איז די עצם־דערשיינונג פונעם יידישן סאָציאַליסטישן אויפשטענדלער אין רוסלאַנד, שטאַרק פאַריידישט געוואָרן און אין ליעסינס דיכטונג איז זי געשטיגן צו

דער שטופּ פֿון מקדשי השם, וואָס ווערן פֿון אייביק אָן פֿאַרערט אין אונדזער אומה.

די געאָגראַפֿישע דיסטאַנץ צווישן דער רעדאַקציע אין ניו־יאָרק און דעם טעטיקייט־פֿעלד פֿון די געפּייניקטע פֿונעם „בונד" אין רוסלאַנד, האָט נאָך מער פֿאַרגרעסערט ביים דיכטער די מעגלעכקייט צו דערהייבן זיי צו אַן ענין פֿאַר זײַן דיכטערישער מוזע. די בונדיסטן־אימיגראַנטן וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אַמעריקע און האָבן זיך צוגעפּאַסט צו דער קליינלעכער וואָלוועלער אָפּפֿרעמדונג אין די סאָציאַליסטישער רייען — זיי האָט ער געהאַסט, קעגן זיי האָט ער געקעמפֿט; די בונדיסטן, אָבער, וואָס אין רוסלאַנד, די ווײַטע פֿון אויג, זיי זענען געוואָרן נאָך מער נאָענט צום האַרצן. זיי האָט ער געזען ווי די טרעגער פֿון דעם דערנער־קראַנץ פֿון פֿאַרצײַטיקע מאַרטירער.

און ווען עס האָט זיך דערטראָגן צו אים די ידיעה וועגן דער קעמפֿערישער העלדישקייט און דער געטרײַער שעפֿערישקייט פֿונעם ייִדישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל, האָט זײַן האַרץ זי אויפֿגענומען מיט ברייטער פֿרייד. זײַן גאַנצער קאַמף פֿאַר ייִדישקייט צווישן זײַנע חברים, די זיך אָפּפֿרעמדנדיקע סאָציאַליסטן, האָט אָנגענומען פֿון איצט אָן מער שטאַרקייט און אַ מער קאָנקרעטע ממשותדיקייט. ווי אַ פֿלאַם אָן אַ קנויט האָט זײַן ברויזנדיקע עמאָציע זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם דאָזיקן נײַעם און אַזוי געגאַרטן לעבנספּאַקט, וואָס האָט זיך ווי אַ בשורה דערטראָגן צו אים פֿון די פֿעלדער פֿון יהודה און גליל. און ער האָט מיט פֿרייד געשטעלט צום דינסט פֿון דער חלוציות סײַ די פּראָזע פֿון זײַן פּובליציסטיק אין "די צוקונפֿט", און סײַ זײַן רײַף־דיכטערישע מוזע. נאָך איידער אין די „געווערקשאַפֿטן" איז געווען וועלכע ניט איז באַוועגונג וועגן דער אַרבעטנדיקער ארץ־ישראל, האָט ער איר אויסגעשטערקט זײַן האַנט און געווידמעט איר זײַן גײַסט. פּונקט ווי עס האָט געצויגן זײַן האַרץ צום ייִדישן רעוואָלוציאָנערן קעמפֿער אין רוסלאַנד, אַזוי האָט עס אים געצויגן צום ייִדישן חלוץ אין ארץ־ישראל. איין ווײַטע שיינקייט האָט אויפֿגעגלאַנצט און האָט זיך מצרף געווען צו אַ צווייטער ווײַטער שיינקייט, און ביידע האָבן זיי גענערט זײַן אינערלעכע קעגנערשאַפֿט צו דער נאָענטער רעאַליטעט אַרום אים.

ווען די באַלפֿור־דעקלאַראַציע איז געקומען, איז ער געווען דער ערשטער צווישן די ניט־ציוניסטישע סאָציאַליסטן אין אַמעריקע וואָס האָט זי באַגעגנט מיט אַ פֿלאַמענדיק־באַגריסנדיקן לייט־אַרטיקל אין „די צוקונפֿט"

(1918) און ער האָט שוין אויך דאַן געפּרוּווט אַנצוּווײַזן אויף די געפֿאַרן וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט איר און אויף די גוואַלדיקע התחייבותן וואָס די דעקלאַראַציע לייגט אַרויף אויף אונדזער ייִדישן דור. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט פֿאַרצולייענען דעם אַרטיקל פֿאַר זײַנע פֿרײַנד. פֿאַרלייענען אים איין מאָל און ווידער אַ מאָל. ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט אים צום ערשטן מאָל (1927) זענען שוין געהאַט אַוועק קרוב צו צען יאָר זינט יענער מאמר איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, און דאָס פּאָליטישע און קאָלאָניזאַטאָרישע בילד אין ארץ־ישׂראל איז שוין דאַן, אין פֿיל הינזיכטן, געווען געענדערט. אָבער מיט וואָס פֿאַר אַ ריינעם און אויפֿריכטיקן שטאָלץ האָט ער מיך אַוועקגעזעצט לעבן זיך, אין זײַן באַשיידענער וווינונג, אין די קאָאָפּעראַטיווע הײַזער, און האָט מיר פֿאַרגעלייענט דעם גאַנצן מאמר יענעם, פֿון אָנהייב ביזן סוף, מיט אַ געפֿילפֿולער באַטאָנונג און מיט יוגנטלעכן ברען.

און פֿאַר דעם, ווען בערל קאַצענעלסאָן איז געקומען קיין ניו־יאָרק, אין דער ערשטער דעלעגאַציע פֿון דער הסתדרות, נאָך דעם ווי די אַרבעטער־באַנק איז געגרינדעט געוואָרן (1921) און ער האָט אָנגעהויבן קלאַפּן איבער די טירן פֿון די ייִדישע אַרבעטער־פֿירערס צו דערוועקן זייער הארץ, האָט ער אין ליעסינס טיר, בכלל, ניט געדאַרפֿט אָנקלאַפּן. ליעסין האָט שוין לאַנג אַרויסגעקוקט אויף אַזאַ דעלעגאַציע; און ער אַליין האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פֿון בערלס האָטעל און האָט אים געפֿרעגט מיט וואָס קען ער אים בײַהילפֿיק זײַן. מיטן גאַנצן הארצן האָט ער ברייט געעפֿנט די טויערן פֿון „די צוקונפֿט" פֿאַר די ווערטער פֿון די חברים פֿון ארץ־ישׂראל און פֿאַר דער אָפּשאַצונג פֿון העברעיִשע ביכער און שרײַבערס. און ער האָט ניט איין מאָל זיך ביטער באַקלאָגט פֿאַר מיר אויף אונדזערע חברים, פֿאַרוואָס זיי באַנוצן זיך ניט פֿיל מער מיט דער „צוקונפֿט"־טריבונע און אויך איבער דעם ווי שווער עס קומט אים אָן צו קריגן אַ ציוניסטישן מאמר אַלס ענטפֿער אויף אַ בונדיסטישן קעגנערישן אַרטיקל, וואָס ער איז געצוווּנגען צו פֿאַרעפֿנט־לעכן.

הגם ער איז געווען זייער באַליבט בײַ זײַנע חברים און פֿאַרערע אין זײַן באַוועגונג, האָט ער פֿון דעסטוועגן זיך געפֿילט ווי אויסער זײַן פּלאַץ. זײַנע לייענערס האָט ער קיין סך ניט געזען און דער אָפּקלאַנג פֿון זײַן וואָרט פֿלעגט זיך דערטראָגן צו אים ניט איבעריק אָפֿט. די סביבה זײַנע איז אויסגעליידיקט געוואָרן פֿון אירע ווערטן און ער האָט געגאַרט מען זאָל

אים הערן, מען זאָל אים פֿאַרגעמען. מיט וואָס פֿאַר אַ פֿאַרגעניגן פֿלעג ער פֿאַרלייענען אויפֿן קול זײַנע מאמרים און לידער פֿאַר זײַנע פֿרײַנד־באַזוכער. קיין איין רײַזע קיין ניו־יאָרק איז ניט אַדורך פֿאַר מיר איך זאָל ניט ווידמען אַן אָוונט פֿאַר אַ באַזוך ביי ליעסינען — דאָס איז געוואָרן אַ זעלבסט־פֿאַרשטענדלעכע זאַך; און עס איז ניט געווען אַ באַזוך ביי ליעסינען, וואָס זאָל זיך ניט ענדיקן מיט פֿאַרלייענען פֿון זײַנע זאַכן פֿאַר מיר. ער האָט פֿאַרגעלייענט מיט באַטאָנונג, מיט שטאַרקן געפֿיל, סײַ זאַכן געדרוקטע מיט יאָרן צוריק און סײַ פֿון אַ מאַנוסקריפּט, אַן ערשט איצט אָנגעשריבענעם ליד אָדער אַרטיקל און איך האָב געוווסט — עס איז כלל ניטאָ וואָס צו חידושן זיך אויף אָט דער באַדערפֿעניש צו באַגעגענען זיך אויג־אויף־אויג מיט אַ לעבעדיקן לייענער און דערפֿילן דעם איינדרוק פֿון זײַנע ווערטער אין דער פֿולער קאָנקרעטקייט. אגב, די דאָזיקע זעלישע באַדערפֿעניש איז, קענ־טיק, כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יעדן שרײַבער וואָס איז פֿאַרמשפּט צו שאַפֿן אין אַ פֿרעמדן אַרום.

ווי ער, אַזוי אונדזער פֿרײַנד ד ו ד פּ י נ ס ק י, אַזוי איז אויך געווען פּ ר ץ ה י ר ש ב י י ן בשעתו; אין ווילנע האָט מען זיך געדאַרפֿט אײַנבעטן בײַ אים ער זאָל פֿאַרלייענען פֿאַר אַנדערע פֿון זײַנע שאַפֿונגען. אָבער אין קאַלגאַרי און אין ניו־יאָרק איז געווען אוממעגלעך אַ באַגעגעניש מיט אים מע זאָל ניט ווידמען אַ שעה אויף צו הערן אים פֿאַרלייענען פּרקים פֿון זײַנע רײַזע־באַשרײַבונגען. זעט אויס, אַז דאָס איז דער גורל פֿון שרײַבערס וועלכע זעען אַז זייערע ווערק זענען ווי געשיקט אין אַ ליידיקן חלל.

ליעסינס שרײַבעריש געמיט איז דערצו נאָך ווי געבענטשט געוואָרן מיט אַ ווידערשפּרוך פֿון אייגנשאַפֿטן, וואָס גיט אים צו אַ באַזונדערן חן: דאָס איז די קראַפֿט פֿונעם עטישן פּאַטאָס אין זײַנע דיכטונגען, וואָס ווערט לויטע־רער און קלערער דורך דעם חוש פֿאַר הומאָר און דער שאַרפֿקייט פֿונעם סאַרקאַזם. אַ קונדס, אַ שטיפֿער פֿון זײַן קינדהייט אָן און אַ זייער קלוגער, האָט ער זײַן גאַנץ לעבן געוווסט ווי צו שמײַסן מיט דער בײַטש פֿון זײַן איראָניע אָט די געשמאַקלאָזע און גײַסטליידיקע וואָס האָבן געווימלט אַרום אים. אַזאַ זעלטענער זיווג איז אַ גרויסע מעלה פֿאַר אַ דיכטער, ווען מען זעט, ווירקלעך, אַז ווי די פּאַטעטישקייט פֿון דערהייבנדיקער דיכטונג, אַזוי אויך די סאַטירע פֿון זײַן שנײַדנדיקן צאָרן, קוואַלן ביידע צוזאַמען פֿונעם זעלביקן לויטערן עטישן קוואַל. בײַ אונדז איז געבענטשט מיט אַזאַ דער־

הויבענער באַהעפֿטונג אונדזער דיכטער נ ת ן אַ ל ט ע ר מ אַ ן און דערפֿאַר האָט ער אַזוי דעראָבערט דאָס האַרץ פֿונעם לייענער.

און פּונקט ווי ליעסין האָט האַלד געהאַט פֿאַרצולייענען זײַנע ווערק פֿאַר זײַנע פֿרײַנד, אַזוי האָט ער ניט געקענט אַכטונג געבן אויף זײַנע שריפֿטן און האָט ניט ליב געהאַט צו פֿאַרנעמען זיך מיט זיי נאָך זייער פֿאַרעפֿנטלעכן. עפּעס אַ מין באַזונדערע אַפּאַטיע האָט אים געשטערט צו זאַמלען זיי, אויס־בעסערן זיי און צוגרייטן זיי צו אַ בוך. צווישן זײַנע פֿרײַנד זענען געווען פֿאַרשפּרייט לעגענדעס וועגן אָט דער „פֿוילקייט" זײַנער צו וועלכער זיי האָבן ניט געקענט געפֿינען קיין עצה. יאָרן לאַנג האָבן די מיטגלידער פֿון דער „אַסאָסיישאָן" געגומען אויף זיך, ווידער און אָבער אַרויסצוגעבן אַלע זײַנע שריפֿטן; מען האָט וועגן דעם באַשלוס געהאַט מיטגעטיילט אין דער עפֿנטלעכקייט און ער האָט שוין געהאַט געגעבן זײַן צושטימונג פֿאַר דעם, און די זאַך איז ניט אויסגעפֿירט געוואָרן נאָר איבער זײַן פֿאַרזאַמען און אָפּהאַלטן די קאָרעקטורן. און ווען זײַנע דרײַ בענד געזאַמלטע לידער זענען סוף־כל־סוף דערשינען, שײַנענדיקע אין זייער פּראַכט, האָט ליעסין שוין ניט זוכה געווען צו פֿרייען זיך מיט זיי.

ער פֿלעגט פֿיל רעדן איבער זײַן צער וואָס ער האָט ניט זוכה געווען צו זען ארץ־ישׂראל. משפּחה־קראַנקייטן האָבן אַ סך גורם געווען צו דעם. זײַן ליבע פֿרוי איז קראַנק געווען די גאַנצע צײַט און נאָך דעם האָט געשטערט זײַן איינציקע טאָכטער וואָס איז געווען פֿון שוואַכן געזונט. ער אַליין איז קיין מאָל ניט געווען קיין אויספֿירער פֿון זײַנע פּראַקטישע באַשלוסן. ווען מען האָט אָבער געגרינדעט די קבוצה ר מ ו ת מ א י ר און אַ פֿאַרשטייער פֿון „יכין" איז געקומען צו אָרגאַניזירן די וואָס ווילן זיך באַטייליקן אין יענעם ישוב־פּונקט, איז ליעסין געווען פֿון די ערשטע וואָס האָבן זיך פֿאַר־שריבן אויף אַ נחלה דאָרטן, און ער פֿלעגט זייער פֿינקטלעך פֿון זײַן מאָגערן געהאַלט אַרײַנטראָגן זײַנע איינצאָלונגען. מ ע נ ד ל ר אַ ז ע נ ב ו י ם, זײַן פֿרײַנד און פֿאַרטרויונגמאַן, דער געוועזענער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער און אויף דער עלטער אַ מענטש פֿונעם „הנוער העובד" אין „בען", האָט געזאָלט זײַן אַ מין פֿאַרשטייער און מדריך זײַנער אין זײַן געגאַרטן פּרדס, לעבן זײַן קיבוץ, ווען ער, ליעסין, וואָלט עס זוכה געווען דערלעבן. איינע פֿון די שטענ־דיקע טעמעס, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו באַשמועסן מיט זײַנע געסט פֿון ארץ־ישׂראל, איז געווען — דער אויסזען פֿונעם לאַנד. לעבן אים פֿלעגט

ליגן אויסגעשפּרייט די גרויסע מאַפּע פֿון ארץ־ישראל און די קלענערע פֿון ירושלים און עס האָט קיין סוף ניט גענומען צו זײַנע פֿראַגעס, אַ שטייגער: ווי ווײַט אַ מענטש וואָס שטייט אויבן אויפֿן שטאָטמויער אין ירושלים, דער־גרייכט מיט זײַן בליק צו זען? ווי ווײַט אין אַ פֿאַרוואָלקנטן טאָג, און אויף וואָסער דיסטאַנץ אין אַ לויטערן טאָג? ווי זעט אויס דער וועג פֿון ירושלים קיין ענתות? און ווי זעט אויס דער שטעג וואָס פֿירט פֿון באַרג ציון צום עמק יהושפֿט? און ווי אַזוי גייט אויף די זון פֿונעם כנרת? און ווו געפֿינט ענדיקט זיך דער באַרג גלבוע? און ווי איז די פֿלאָרע אויפֿן באַרג תבור? און צוזאַמען מיט דער דאָזיקער פֿראַגע לייענט ער דיר פֿאָר אַ פֿראַג־מענט פֿונעם ליד וואָס צוליב אים, טאַקע, איז אים נייטיק געווען צו וויסן דעם ענטפֿער אויף אָט דער פֿראַגע, און אַ גאַנץ קאַפּיטל פֿון אַ צווייטן שיר, וואָס דאַרטן פֿעלט אים דער פּינקטלעכער ענטפֿער אויף דער אַנדערער פֿראַ־גע. און דו קענסט זיך ניט באַפֿרײַען פֿון שטוינונג ווי אַזוי אָט דער „בונדי־שער" דיכטער לעבט מיט דעם פּייזאַזש פֿון ארץ־ישראל און מיט דער אָט־מאָספֿער פֿון אירע לאַנדשאַפֿט־געשטאַלטן, טויזנטער קילאָמעטער ווײַט פֿון איר, לעבט זיי מיט לויט די פּסוקים פֿון תנ"ך, לויט ציטאַטן פֿון פֿלאַוויוס, לויט אולברײַט און נעלסאָן גליק און לויט אשתורי הפּר־חי און ניט האָבנדיק קיין מאָל געזען דאָס לאַנד, הערט ער ניט אויף צו דענקען און צו פֿילן זײַן לופֿט און זײַן אויסבליק.

„אין דער שטילקייט פֿון חצות בײַם ליכט פֿונעם לאָמפּ אויף מײַן טיש... הער איך זיך אײַן דעם ווײַט־ווײַטן געזאַנג פֿון די חלוצים" — זאָגט ליעסין אַליין וועגן זיך אין יאָר 1926; און בעת ער רעדט וועגן דער פּראַכט און דעם גלאַנץ פֿונעם ציוניזם, שרײַבט ער, בײַ אַ דערהויבענער שטימונג: „אין דער זעלבער צײַט ווען דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן איז, לויט דער לע־גענדע, געבאָרן געוואָרן משיח און אין דעם דור ווען דאָס משיחישע איז חרוב געוואָרן איז געבאָרן געוואָרן דער ציוניזם". און ער זעצט פֿאָר לויט זײַן שטייגער צונויפֿצופֿלעכטן דורות און זאָגט: „און הינטער דעם געזאַנג פֿון די חלוצים פֿאַרנעמט מײַן אויער אַן אַנדער געזאַנג, אַ זייער זייער ווײַטן און דאָך אַזאַ נאָענטן; פֿון אַלע צײַטן פֿאַרשידענע און פֿון אַלע לענדער פֿאַר־שידענע פֿאַרנעמט מײַן אויער; פֿון די אבלי־ציון פֿון ערשטן חורבן און פֿונעם צווייטן חורבן און פֿון די הונדערטער און טויזנטער חורבנות פֿונעם גלות, פֿון די ברענענדיק־טרוקענע וויסטעס פֿון מיטל־אַזיע, פֿון די זאַמד־

דונעס פון תימן־לאַנד, פון די שפּיציקע בערג פון צפון־אַפריקע, פון די טעמפּע געטאָס פון דרום און מערב־אייראָפּע, פון די אײַז־וויסטעס פון גלות־פוילן און רוסלאַנד, סאַראַ וועלטן־ברום! סאַראַ דורות־געשריי! אין דער מיט פון אונדזער מענטשהייט אויף דעם פּלאַנעט איז ניט צו געפינען קיין שום גלײַכן צו אָט דער באַצויבערנדיקער שיינקייט".

און ניט נאָר די געשטאַלטן פונעם לאַנד האָט ער מיטגעלעבט און אָפּגעפּילט און ניט נאָר דאָס זינגען פון די חלוצים און די טרוים־בילדער פון דער גבורה און די ליידן פון דער אומה אין ווײַטע דורות פלעגן אָנרעגן זײַן גײַסט, נײַערט אויך טרוים־בילדער פון דער וועלט און פּערזענלעכקייטן פונעם ייִדישן און דעם וועלט־סאָציאַליזם האָט ער געזען מיט אויגן פון דער סימבאָליק פון ייִדישער געשיכטע.

ווען ליעסין וויל שילדערן מאַרקס קאַמף פאַר אונטערדריקטע און באַרויבטע שרײַבט ער: „אַזוי ווי עמוס פון תקוע, אַזוי האָט אויך מאַרקס פון טריער איבערראַשט אַלע זאָרגלאָזע אין ציון און זיכערע אויפן באַרג שומרון". און ווען ער וויל מאָלן דעם אייפער פון מאַרקס פאַרדעכטנדיקן קאַמף קעגן די אָפּנייגן פון באַקונינען און זײַנע חברים, זאָגט ער: „און אַזוי ווי די אַמאָליקע גרויסע רבנים, וואָס האָבן אַזוי פלאַמיק געוואָרט אויף משיחן און דאָך אַזוי פלאַמיק געמוזט באַקעמפן די פאַלשע אָנזאָגערס, וואָס האָבן געוואָלט דוחק זײַן דעם קץ, אַזוי האָט אויך מאַרקס געמוזט אָוועקלייגן גרויסע כוחות אויפן קאַמף קעגן אָט די רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיקערס וואָס האָבן געוואָלט דוחק זײַן דעם קץ — קעגן אַ ווייטלינג, אַ באַקונין און פיל אַנדערע". און אַז ער האָט געשילדערט מיט פיל ליבע די געשטאַלט פון זײַן תלמיד־פאַרערער אינעם „בונד" און זײַן שטאַרקן אָפּנענט בנוגע ציוניזם, די געשטאַלט פונעם מאָסקאָוויק־בונדיסט אַשר סאָלאָווייטשיק, „אַ מענטש פון די קעלער־שטובן פון ווילנע און וואַרשע", שרײַבט ליעסין: „און פלעג איך קוקן אויף זײַנע אומרויִקע און אומעטיקע אויגן, וואָס האָבן געטראָגן אין זיך דעם צער פון דער וועלט און אויף זײַן פאַרמעטענעם תענית־פּנים, וואָס איז דורכגעלויכטן געווען פון אַ פאַרבאָרגענעם אינערן ליכט, פלעג איך בײַ זיך אַפּט טראַכטן: וויפל צענדליקער דורות ייִדן פאַר אים האָבן עס געפאַסט הפסקות, געוויינט אויף גלות השכינה, געגרייט זיך אַ לעבן צו שטאַרבן מיט אַ קדושים־טויט, ביז וואַנען עס זענען אַרויסגעקומען פון זיי אַזעלכע אַשרס".

ער האָט שטאַרק געוואָלט, אַז אין ארץ־ישראל זאָל מען וויסן וועגן זײַן שאַפונג און ווערק. ער האָט זיך לחלוטין ניט געיאָגט נאָך "פּובליסיטי" און ער האָט קיין מאָל ניט פֿאַרטיידיקט ניט זײַן נאָמען און ניט זײַנע רעכט, אָבער אַז ער איז געוואָר געוואָרן, אַז ברענער האָט על פּי טעות צוגעשריבן זײַן שיר „דער הונדערטסטער קרעמער אין גאַס", וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין רוסלאַנד נאָך איידער ער האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע — צו אברהם רייזען, האָט עס אים גוואַלדיק פֿאַרדראָסן און ער האָט ניט איין מאָל איבערגעחזרט פֿאַר מיר: „איך ווייס, אַז דער דאָזיקער שיר איז זייער באַליבט בײַ אײַך, זאָגט־זשע זיי דאָרטן אַז איך, און ניט רייזען האָב אָנגעשריבן דעם אָ שיר, פֿאַרוואָס זאָל מען מיך באַגזלענען און אָוועקנעמען בײַ מיר דאָס ביסל מײַנס וואָס איז אָנגעקומען צו אײַך און איז, צו מײַן פֿרייד, באַליבט געוואָרן בײַ אײַך?" און ווען ר ח ל האָט איבערגעזעצט זײַן ליד וועגן כותל־המערבי אויף העברעיִש און מען האָט מיך (איך בין דאָן געווען אין אַמעריקע) באַאויפֿטראָגט אַרײַנצוקומען צו אים און בעטן בײַ אים אָ דערלויבעניש עס צו פֿאַרעפֿנטלעכן, האָט זײַן פּנים אויפֿגעשײַנט און איינהאַלטנדיק זײַן געצוימטן שטאָלץ האָט ער, איבערחזרנדיק עס עטלעכע מאָל, אָנערקענט, אַז די בשורה האָט פֿאַרוואַנדלט פֿאַר אים דעם דאָזיקן טאָג אין אַ יום־טוב.

ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט אים אין יאָר 1936, נאָך אונדזער לעצטן שמועס, האָט ער מיך אומגעקערט פֿון די טרעפּ און מיר געזאָגט: „פֿון דעסטוועגן וואָלט איך וועלן, אַז איר זאָלט זיי דאָרטן זאָגן, אַז דעם ערשטן שיר מײַנעם האָב איך געשריבן אין עברית, ס'איז גוט זיי זאָלן עס וויסן".

איך האָב שוין ניט זוכה געווען צו זען זיך מיט אים נאָך אַמאָל. ווען איך בין ווידער געקומען אויף אַ באַזוך אין אַמעריקע, מיט צוועלף יאָר שפּעטער און איך וואָלט דענסטמאָל געקענט אים דערפֿרייען מיט אַ זאַמלונג פֿון זײַנע אַרטיקלען און זכרונות וואָס ב ע ר ל ק אַ צ נ ע ל ס אָ ן האָט צוזאַמענגעקליבן און א ב ה ר ם ק ר י ב האָט איבערגעזעצט (זכרונות והוויות, עם עובד, תש"ג) און מיטן האַרציקן עסיי, וואָס בערל האָט אָנגעשריבן וועגן אים (דער מבוא צום דערמאָנטן בוך און „בחבלי אדם") און מיט זײַנע גרויסע פּאָעמעס, וואָס ש מ ש ו ן מ ל צ ר האָט פֿון ס'נײַ איבערגעדיכטעט אין עברית — האָב איך שוין ניט געהאַט וועמען צו דערפֿרייען. אין די קרײַזן פֿון זײַנע פֿאַרערערס האָט מען זיך דאָן שוין געגרייט צו זײַן צענטן יאָרצײַט.
תשט"ו

# א. ש. שוואַרץ

מיט העכער אַ האַלבן יובל יאָרן צוריק, ווען איך בין צום ערשטן מאָל געקומען מיט אַ שליחות אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, האָט מיך ממש פֿאַר־בליפֿט און צומאָל דערמונטערט די חברישע גרופּע העברעיִשע דיכטערס, וואָס כ׳האָב דאָרט געטראָפֿן. וואָס אַן אמת האָט זיך לאו דווקא אַנגעזען די פֿאַרברידערונג, די פֿאַרבונדנקייט, מחמת געווען איז עס פֿאַקטיש אַ הײַפֿל יחידים, איינזאַמע און שטאָלצע שאַפֿערס, וואָס זענען געווען ווי אַרומגע־הילט מיט אַ מין אַריסטאָקראַטישער איינזאַמקייט און פֿאַרבונדן זענען זיי נאָר געווען צום „אַבסאָלוטן״ אינעם פֿאַלק, וואָס ניט מען זעט עס, און ניט מען באַנעמט עס. און גוטע באַהערשערס פֿון העברעיִש זענען זיי געווען אין דער גאַנצער טיפֿקייט פֿון לשון און אין זײַן שאַפֿערישער וויטאַליטעט.

אַ מערכה, זיי פּרוּוון זיך אין גאַנצן ניט צופּאַסן צו דער סביבה. אַ שטיי־גער ווי זיי וואָלטן זיך גאָר אָפּגעווענדט פֿון איר עקזיסטענץ. עפּעס אַן אומעט, אַן אומעט פֿון אויסדערווײַלטקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף זייער איינ־זאַמקייט און עפּעס אַ ניט־אויסגעדריקטע אָבער קענטיקע ווירדע האָט באַ־הויכט זייער טרויער. און אַקוראַט ווי זיי זענען געווען אָפּגעריסן פֿון דער אַרומיקייט, פֿון דער אַרומיקער אַטמאָספֿער, אַזוי צומאָל זענען זיי געווען אָפּגעריסן איינער פֿונעם אַנדערן; „ווי אַ שטערן צו אַ שטערן אין דער הויך״. דער רוב איז געווען צעשפּרייט איבער פֿאַרשידענע אַמעריקאַנער גרויסשטעט. איינער אין אַ כרך און צוויי אין אַ מדינה. ווי עס וואָלט אַ ייִדישע קהילה אין אַמעריקע ניט בכוח געווען זיי אויסצוטראָגן בײַזאַמען. און אַלע צוזאַמען בילדן אַ מין העלדן־אָרדן פֿון געטרײַע און אייפֿעריקע פֿאַרן העברעיִש־לשון. נאָר אין זייער אָפּגעהיטקייט און שטאָלץ זענען זיי ניט באַרייט אַפֿילו אָנצודײַטן וועגן דעם אַפֿילו מיט אַ לײַכטן רמז, פֿאַר אַ מענטשן, אַ געקומענעם פֿון ארץ־ישׂראל. קיינער פֿון זיי האָט נאָך ניט זוכה געווען צו זען זײַנע שאַפֿונגען אײַנגעזאַמלט אין אַ בוך. דער פֿאַרשטאָרבענער דיכטער יצחק למדן האָט נאָך אין יענער צײַט ניט געשטרעקט זײַן חבריש־

ריכטערישע הילף בײַם אויפֿנעמען און צונויפֿנעמען אין לאַנד זייערע צע־וואַגלטע שאַפֿונגען. דאַכט זיך, אַז אויך אין דעם דאַזיקן באַוווּסטזיניקן מוותר זײַן אויף זייער פּאָפּולערקייט איז געלעגן אַ מין באַפֿרידיקונג פֿון ווירדיקע שאַפֿערס, אַ געפֿיל פֿון בזירישער העכערקייט, וואָס זייער עובדא איז דינען און באַדינען דער פּרינצעסין העברעיִש שלא על מנת לקבל פּרס. ניט געניסנדיק גאָרניט, סײַ דאָרט אינעם לאַנד ווו זיי לעבן און סײַ דאָ, אין ארץ־ישראל.

איין מאָל, בײַ איינעם פֿון מײַנע באַזוכן האָב איך דערציילט פֿון דעם איינדרוק מײַנעם מײַן פֿאַרשטאָרבענעם פֿרײַנד ד״ר בלאָך, אויך ער, אַ שטאָלצער און איינזאַמער — בלאָך האָט דאָן געאַרבעט ווי אַ העברעיִשער ביבליאָטעקאַר אין דער גרויסער שטאָט־ביבליאָטעק אין ניו־יאָרק. נאָכן אויסהערן מיך, איז ער פּלוצעם אויפֿגעשטאַנען און פֿאַרשוווּנדן. נאָך אַ קורצער ווײַלע איז ער צוריקגעקומען מיט אַ זײַטל פּאַפּיר אין דער האַנט אויף וועלכער ס׳איז געווען אויפֿגעשריבן אַ ליד, וואָס די ערשטע שורות האָבן זיך אין העברעיִש געלייענט אַזוי:

...און אויב מיר זענען יחידים, אַ, ברודער איינזאַמער,
ניט קיין רעשטלעך זענען מיר, ניט קיין רעשטלעך,
וואָס מיט זיי אין טונקעלן, שמאָלן קבר
לאָזט מען אויך די לעבנס־טרוימען אַראָפּ!

אונטערגעשריבן: ד״ר א. ש. שוואַרץ.

און דערציילט האָט מיר וועגן אים דער ביבליאָטעקאַר: ער איז איינער פֿון די ערשטע, וואָס האָבן אויפֿגעמאַכט דאָס קוואַלעכל פֿון דער נײַ־העברעיִשער פּאָעזיע אין אַמעריקע. געווען איז ער אַ מאָל אַ העברעיִשער לערער. איצט איז ער אַ באַקאַנטער דאָקטער אין ברוקלין.

אַ ביסל שפּעטער האָב איך זיך באַקענט מיט אים פּערזענלעך. צו ערשט ווי אַ דאָקטער און נאָך דעם ווי אַ דיכטער. ווען ער האָט זיך דערנענטערט צו די יאָרן פֿון גבורות, האָט ער פֿאַרלאָזט זײַן אַרבעט און איז עולה געווען אין לאַנד. געקומען צו זײַן איינציקער טאָכטער און זיך געפּרוּווט באַזעצן דאָ, אין מײַן שכונה אין ירושלים. איך האָב מיך נאָך מער באַפֿרײַנדעט מיט אים, און מיט יעדער טרעפֿונג איז אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט נאָך פֿאַרשטאַרקט געוואָרן, ביז עס האָט אים אָנגעגריפֿן די וויסטע, ביטערע קראַנקייט, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צו זײַן לעבן.

א. ש. שוואַרץ איז געווען איינער פֿון די ווייניקע פֿון צווישן די העב־רעיִשע דיכטערס אין אַמעריקע, וואָס האָט זיך ניט מפֿרנס געווען פֿון העב־רעיִש. ניט פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור האָט ער געצויגן חיונה און ניט פֿון לערערײַ. ווי געזאָגט, איז ער געווען אַ דאָקטער, און גראָד אַ דאָקטער וואָס האָט זיך גאָר באַליבט געמאַכט צווישן זײַנע פּאַציענטן, ענגליש־רעדנ־דיקע ייִדן אין ברוקלין. און לידער האָט ער געשריבן בלויז פֿאַר זײַן אייגע־נעם גענוס, און דאָס, ווען די שטימונג האָט אים אָנגערעגט דערצו. כאָטש לכתחילה איז אויך ער געווען אַ לערער, ווײַל אָנקומענדיק בײַם שוועל פֿון דעם יאָרהונדערט ווי אַ יונגער עמיגראַנט צו די ברעגעס פֿון אַמעריקע, פֿון דער שטעטלשער היים אין דער ליטע, ווו דער טאַטע איז געווען רב, איז זײַן גאַנצער פֿאַרמעג וואָס ער האָט מיטגעבראַכט באַשטאַנען פֿון דעם בינטל העברעיִשע שירים אין זײַן העפֿט, און צוויי, דרײַ לידער, וואָס האָבן שוין זוכה געווען פֿאַרעפֿנטלעכט צו ווערן און ער האָט באַקומען אויף זיי אפֿילו אַ הסכמה־בריוו פֿון אחד־העמען, דעם רעדאַקטאָר פֿון „השלוח". דעמאָלט, בײַ זײַן אָנקומען אין אַמעריקע, האָט ער זיך אויך גענומען צו לערערײַ. און צוזאַמען מיט זײַן חבר ח. י. עפּשטיין איז ער געווען פֿון די ערשטע גרינדערס פֿון די פּריוואַטע העברעיִשע טאָגשולן אין ניו־יאָרק. די פֿאָרשערס פֿון דער העברעיִשער דערציִונג אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָבן נאָך ווײַט ניט אָפּגעשאַצט, און ניט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט וויפֿל אָנערקענונג און דאַנקשאַפֿט אָט דאָס ווונדערלעכע דערציִונג־ווערק איז שולדיק דעם באַזונ־דערן פֿאַקט, וואָס העברעיִשע דיכטערס, מענטשן מיט גײַסטיקער גרויסקייט און מיט טיפֿע קולטור־וואָרצלען זענען געווען פֿון די גרונטלייגערס, די פֿלעגערס און באַגלייטערס פֿון דעם דערציִונגס־וועזן. און די דיכטערס־עמיגראַנטן, וואָס ניט אַלע מאָל איז זיי געלונגען אויפֿצוהאַלטן אַ ליטעראַרישן ביוואָ אין זייערע שרײַבערישע שאַפֿונגען, אויך די, האָבן לרוב באַוויזן צו באַהויכן און באַווירקן מיט זייערע דיכטערישע אימפּולסן און דיכטערישן מהות זייערע פּעדאַגאָגישע טוונגען. און אויב עס טרעפֿט אַ מאָל, אַז זייער ליטעראַרישע שאַפֿונג ליידט צוליב זייער דערציִונגס־אַרבעט, האָט אָבער כמעט אַלע מאָל זייער פּעדאַגאָגישע טוונג געווונען פֿון זייער דיכטערישן מהות. זייער כאַראַקטעריסטישע צוגעבונדנקייט, אַ צוגעבונדנקייט פֿון קינ־דער אין דער פֿרעמד צו דער העברעיִשער שפּראַך, ניט האָבנדיק דערפֿון כמעט קיין מאַטעריאַלן נוצן און ניט קיין גײַסטיקע באַלוינונג, האָט נאָך צו־

געגעבן אַריסטאָקראַטישקייט און געטרײַשאַפֿט צו אָט דער גאַנצער געהויבענער שליחות.

ווי עס זאָל ניט זײַן, ער, אברהם שמואל שוואַרץ, דער יונגער העברעיִשער דיכטער, דער זון פֿון רב, דער ליטווישער עילוי פֿון פּעטראַשון — וואָס איז געווען אַ יוגנט־חבר פֿון דעם רבן הרבנים, דעם גאון ר׳ יצחק אלחנן פֿון קאָוונע — ווען ער איז געקומען יונגערהייט אין דער אַמעריקאַנער מעטראָפּאָליע מיט דער מאַסן־עמיגראַציע אָנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך ניט נאָר זײַן גרויס למדנות וואָס ער האָט גירשנט פֿונעם פֿאָטערס הויז אין שטעטל און פֿון דער מוסר־קלויז אין קאָוונע און די ווילקענערשאַפֿט, וואָס ער האָט דערוואָרבן אין דעם משכילישן בית־המדרש אין ווילקאָווישקי, נאָר ער האָט אויך מיטגעבראַכט מיט זיך עפּעס נײַס און גײַסטיק־שטאַרק, דעם באַגער פֿון ווידעראויפֿקום פֿון העברעיִש, וואָס זײַן רוף האָט זיך מיט אַזאַ ציטער געטראָגן איבער די וועגן און פֿאַרהוילענישן פֿון דער צײַט. אים האָט באַגלייט דער רוף פֿון ציוניזם, די רעאַגירונג פֿון „השלוח", דער אײַנפֿלוס פֿון אחד־העם, און איבער אַלעס, די פּראַכט פֿונעם פֿרילינגדיקן אָנזאָג פֿון דער נײַ־העברעיִשער ליטעראַטור, די פּאָעזיע פֿון ח. נ. ביאַליק און דאָס שיינע און שײַנענדיקע פֿון שאול טשערניכאָווסקיס „דער יונגער פּרינץ" („הנסיך הצעיר"). אָט די ווערטיקייטן האָבן ווי אויפֿגעשלאָסן פֿאַרבאָרגענישן און האָבן אויפֿגעהויבן הויך און העכער, זײַענדיק ווי אַ פֿעסטונג אין מיטן פֿונעם ים־שטורעם פֿון דער אַמעריקאַנער פֿרעמד וואָס איז אַרויף אויף אים און אויף אַ סך ווי ער. און ער איז פֿאַרבליבן געטרײַ זײַן אייגענער פֿעסטונג, און האָט אָפּגעהיט צו גיין זײַן וועג פֿאַר אַלע טעג, הן ווי אַ לערער אין באַציִונג צו זײַנע תלמידים, הן ווי אַ פֿאָטער צו זײַנע אייגענע קינדער און אַזוי אויך — אין משך פֿון לאַנגע צענדליקער יאָרן — ווי אַ דיכטער אין זײַן גײַסטיקער דורשטיקייט.

יאָרן שפּעטער, ווען ס׳איז געשטאָרבן זײַן חבר, וואָס איז אים געווען ווי אַ ברודער, משה הלוי, אויך ער אַ העברעיִשער לערער אין דעם אַמעריקאַנער בבל, האָט ער אויסגעקלאָגט זײַן פֿאַרביטערניש אין אָט די שורות:

צווישן דיר און דײַן לעבן האָסטו אַ מחיצה אויסגעבויט
און געלעבט האָסטו אויף דעם ברויט פֿון ליכט פֿון
אַלטע פּאַרמעטן
און געלעבט האָסטו אויף דעם ליכט פֿון אויסלייזונג.

עס וועט נאָך דערציילט ווערן וועגן דער וווּנדערלעכער מחיצה מיט וועלכער יעדער איינער פֿון דעם היפּל העברעיִש־געטרייַע האָט זיך אַרומגעצוימט, אין משך פֿון דאָזיקן יאָרהונדערט, יעדער לויט זייַנע מעגלעכקייטן און זייַנע נייגונגען. ער, דער דאָקטער און דיכטער, האָט זייַן מחיצה אויסגעבויט מיט די צוויבערנישן פֿון דער העברעיִשער שפּראַך און מיט דער וויזיע פֿון אירע איינגעזאַמלטע פּראַכטן. אַ קליין ליד האָט ער און זייַן נאָמען איז „אל תב"כ כיס" און אין אים ווערט געזאָגט:

ארחמך, ספרי זה הקטן, מה ארחמך!
מולדת אתה לי לדור ודור רעננה,
כל דף בך לי יפה־נוף, כל חזון שמש קטנה,
המרפאה פצעי לי, בתקע העת בי רמחה.

און מיטן אָוועקגיין פֿון שאול טשערניכאָווסקי, ווער נאָך האָט אים אַזוי מס־פּיד געווען אין אונדזער ליטעראַטור, ווי עס האָט אים מספּיד געווען דער דיכטער אין דער ווייַט, וואָס האָט אַזוי באַוווסטזיניק זיך פֿאַרצוימט אין דעם ים פֿון פֿרעמדקייט אַריבער דער דאָזיקע קינסטלעכער מחיצה, וואָס ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט אין זייַן פֿאַנטאַזיע אַזוי ווי הויכקייטן (דאָס ליד „על שאול").

אויך אויף דער עצם פֿאַרפֿעסטיקונג פֿונעם „קליינעם פֿישל" („דגה קט־נה") אין די טיפֿענישן פֿון מעכטיקן ים („במעמקי ים אדירים"), אויף דער שטאַרקער גייַסטיקער פֿעיִקייט פֿון דער פּערזענלעכקייט — זיך ניט צו לאָזן פֿאַרטראָגן מיט דעם שטראָם פֿון צונישט ווערן פֿאַר אים, נאָר אויפֿהיטן איר גאַנצקייט, אומאָפּהענגיקייט און חיותדיקייט, אויך וועגן דעם האָט ער גע־זונגען אין זייַן ליד:

כי לבבה קורא דובר ממעמקים:
אל התרפות, דגה קטנה אל הכנע! — — —
קומי את וריבי עם האופל ריבך,
קומי ומנפשך הצבי אור לנתיבך!

אַזוי זינגט אַ דיכטער וועגן די וואָס קאָנען זיך שטעלן קעגן דעם שטראָם און זיך פֿאַרפֿאַנצערן אין זיך און אַרום זיך מיט אַ וווּנדערלעכער דערהויבנקייט קעגן די פֿאַרצוקנדיקע כוואַליעס.

אַ פֿאַרצייַטיקע לעגענדע, וואָס ווערט אויפֿגעהיט אין געדעכעניש פֿון פֿאָלק, דערציילט וועגן אַ רינג אין דעם רוקנביין, וואָס ניט דאָס וואַסער

פֿאַרוואָשט עס און ניט דאָס פֿײַער פֿאַרברענט עס און אויך דער ווינט קען אים ניט צעלאָזן. אָט דער דאָזיקער ווונדערלעכער רינג איז דער באַליבטער אָביעקט פֿון אונדזער דיכטער, וואָס מיט אים איז ער אַדורך אַ ווײַטן און לאַנגן וועג. מיט אים האָט ער באַקרוינט זײַן פֿאַלק, מיט אים האָט ער באַ־קרוינט זיך אַליין, מיט אים האָט ער באַקרוינט זײַן פּרוכטיקע שאַפֿונג. נאָך אין יאָר תשי״ב בײַם אָנהייב פֿון פֿאַרמעסט מיט דעם אכזריותדיקן כוח „אין אײַזן און פֿײַער״ („בברזל ובאש״״), אויף דער „סטעזשקע צווישן סדום און סדום״ („שביל בין סדום לסדום״) האָט ער זיך געטרייסט:

ואם תעגני מאוד אני הלוז החזק,

ואתה — רעם בא וחולף אחרי בזק.

און אין זײַנע לעצטע טעג, ווען זײַן שיפֿל האָט זיך געטראָגן „אויף די בלוי־לעכע טעפּיכער״ („על תכולי השטיחים״) „אל ערש החולמים הגדולים והמשיחים״, „אל מחוז דורי־דורים, אל מחוז משוש אבותי״, ווייס ער, אַז ער ווערט געטראָגן:

אל חסין לוז השריד משלד תקוותי

פֿאַר אים האָט געגאַלטן זײַן שאַפֿונג, זײַן העברעיִש ליד, ווי אָט דער רינג פֿון רוקנביין, וואָס קיין שום כוח איז אים ניט מסוגל צו פֿאַרניכטן. ער האָט עס אָפּגעהיט פֿון אַלע לעבנס־בייזקייטן אין דער פֿרעמד. און דאָס ליד האָט געוואַכט איבער אים, האָט אויפֿגעהיט זײַן זעלבשטענדיקייט און זײַן גײַס־טיקן באַגער. אין אים האָט ער זיך אויסגעלעבט, אָפּגעפֿילט זײַנע מענטשלעכע און ייִדישע אויפֿשטייגן. אים האָט ער אָנפֿאַרטרויט זײַנע אינערלעכע דער־הויבנקייטן, זײַנע שטימונגען, סײַ דאָן, ווען ער האָט זיך באַהאָפֿטן מיט די שיינקייטן פֿון נאַטור, סײַ דאָן, ווען עס האָבן אין אים געעקבערט טראַכטע־נישן וועגן מענטש, וועגן וועלט, און דעם גאַנג צום מאָרגן, צו דער צוקונפֿט. מיט אַזאַ איידל־סובטעלער שטרענגקייט האָט ער באַשיצט זײַן ליד פֿון יעט־וועדע פֿרעמדע איינפֿלוסן פֿון דער פּאָעזיע פֿון זײַן דור. אָבער גרויס געגוס האָט ער געשעפּט פֿון ביאַליקס שאַפֿונג און ליב איז אים געווען אַלעמאָל די השראה פֿון טשערניכאָווסקיס ליד.

יעדעס מאָל ווען ער פֿלעגט אָוועק „פֿון דער שטאָטישער המונישקייט, פֿון די מענטשן־מוראַשקעס, וואָס שטראָמען און קרײַזן צעהיצטע און דער־שראָקענע, טיף פֿאַרטאָענע אין וואָכעדיקע דאגות״ — האָט דאָס העברעיִשע ליד געדינט אים אי ווי אַ שוץ, אַ שעלטער, אי ווי דער אויסדריקער פֿון זײַנע

שטימונגען און באַגערן. אינעם ליד האָט ער געפּלעגט זײַן דורשט צו שיינ־קייט און לויטערקייט, דאָ האָט ער אויפּגעהיט זײַנע פֿאַרבאָרגענע ליכטיקע האָפֿענונגען, און דאָ האָט ער אויסגעדריקט זײַן אומעט און דעפּרעסיע אויף די הײַטערע טרוימען, וואָס האָבן געצאַנקט אָן וועלכער ס׳איז לייזונג.

אין די יאָרן ווען ס׳האָט געבושעוועט דאָס שלעכטס און אַזוי אימהדיק אויך אומגעבראַכט זײַן יוגנטהיים, דאָס שטעטל אין דער ליטע און אַן אָפּגעראַטעוועטער פֿון דאָרט האָט געבראַכט די ביטערסטע בשורה, האָט ער זײַן צער און צאָרן אויסגעדריקט אין ליד. און אַז ס׳איז געשען דער נס, די שאַפֿונג פֿון אַ ייִדישער מדינה פֿאַר ישראל סבא, האָט ער, — אַ טיף־געטרײַער, — באַגלייט עס מיט זײַן ליד, אַ ברכה פֿון זײַן ברויזנדיקער תּפֿילה. און אַלע מאָל אין שעה פֿון שטימונג ווען ער איז אַרויס „זוכן אַ ביסל פֿרילינג אין וואַלד״ (לבקש מעט אביב ביער) אָדער געניסן פֿון דער כריזאַנטעמישער צאַרטקייט פֿון הארבסט, אָדער פֿון דער אַרומיקער באַרג־פּראַכט און אפֿילו ווען ער פֿלעג גיין באַזוכן זײַנע פּאַציענטן אָדער באַוויינען דעם טויט פֿון זײַנע פֿרײַנד און ווען ער פֿלעג אויפֿצאַפּלען בײַם דערזען די שיינקייט און גראַציעזקייט פֿונעם הירש וואָס ער האָט אָנגעטראָפֿן אין פֿעלד און אויך ווען ער האָט דערפֿילט די פֿאַרלוירנקייט פֿונעם האָז אין זײַן לאַבאָראַטאָריע אָדער ווען ער פֿלעג אַ פֿאַרבליפֿטער אַרײַנבליקן אין דער גײַסטיקער ירושה פֿון דעם פֿאָטער פֿון דער העברעיִשער פּאָעזיע — דעמאָלט איז זײַן דיכטונג, זײַן ליד געווען פֿאַר אים ווי אַ פֿעסטונג, ווי אַן אַנטרינונג און ווי אַ פֿאַר־פֿעסטיקט געצעלט, ווי אַ „נעסט פֿון זײַנע שטילע תּפֿילות״. און דעם דאַזיקן רוקנביין זײַנעם, זײַן שוצפֿעסטונג האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך אין לאַנד, ווי אַ געשאַנק פֿון זײַן לעבן פֿאַר דער ליטעראַטור פֿון זײַן היימלאַנד.

וועגן אָט דעם פֿרײַנד מײַנעם דעם דיכטער און וועגן זײַן דיכטערישער שאַפֿונג וואָס ער האָט אונדז געלאָזן וועט דאָך נאָך שרײַבן אונדזער טײַערער ש. האַלקין, דער דיכטער־קריטיקער וואָס אויך ער איז געווען פֿון די גרויסע און באַדײַטנדיקע אין אָט דעם ווונדערלעכן אָרדן פֿון העברעיִשע דיכטערס אין אַמעריקע, און וואָס אין זײַן געבענטשטער האַנט ליגט עס איצט אויפֿצו־שטעלן דעם בנין, די געשיכטע פֿון אונדזער נײַער העברעיִשער פּאָעזיע. איך בין בלויז אויסן געווען צו דערציילן וועגן מײַן פּערזענלעכן פֿרײַנד א. ש. שוואַרץ. אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט איז געווען אַ קורצע, זי האָט זיך אָנגעהויבן אין ירושלים, נאָך דעם ווי ער איז געקומען אין לאַנד פֿון זײַנע בענקשאַפֿטן

און געקומען איז ער, זייענדיק שוין אין דעם עלטער פֿון גבורות.

און ווי ליב האָב איך געהאַט זײַן פֿרײַנדשאַפֿט. לויט זײַן גאַנצן אינער־לעכן וועזן איז ער געווען אַ ניכטערער ליטוואַק, אַן אָפּשטאַמיקער פֿון דער עדה מתנגדים, אַ דערצויגענער אויף דער סקעפּטישער השכלה. דער אויבער־שטער האָט אים אָבער באַשאָנקען, אָדער גאָר באַשטראָפֿט מיט אַ שאַרפֿן קריטישן חוש און מיט אַ געשליפֿענער פּאָלירטער שפּראַך. זײַן אויג איז געווען וואַך און געניט, וואָס האָט געפּרוווט אַרײַנדרינגען אין יעדער פֿאַר־הוילנקייט, פֿײַנט געהאַט אָנשטעל און פּאָזע און זיך אָפּגעווענדט פֿון אויס־דוכטענישן און פֿון פֿאַלשע אילוזיעס.

אינערלעך — אַזאַ גײַסטיקע, טואיקע ווייכקייט און לעבעדיקייט, אַ פּאָעטישע נשמה, וואָס באַגערט צו שיינקייט און דערהויבנקייט, וואָס באַ־גײַסטערט זיך פֿון יעדער אויפֿריכטיקער מענטשלעכער אָנטפּלעקונג און פֿון יעדן צוזאָגנדיקן אויפֿשפּראָץ, פֿון נאַטור־שיינקייט, פֿון אַלץ וואָס איז דערהויבן אינעם מענטשן און פֿון אַלץ וואָס איז אייגנאַרטיק אין ישראל.

אויסערלעך האָט ער אויסגעזען האַרטלעך, רעזערווירט און פֿאַרשלאָסן אָבער זײַן אינערלעך וועזן האָט באַוועלטיקט נשמהדיקייט און ליריזם, צאַרט־קייט פֿון געפֿיל און אַ נטיה צו באַגייסטערונג.

איך האָב ליב געהאַט צו זען ווי אין זײַן עלטער איז ער זיך ווי צוזאַמענ־געקומען מיט דעם פּייזאַזש פֿון לאַנד. אין פֿלוג איז אים דאָך אַלץ דאָ געווען באַקאַנט און נאָענט נאָך פֿון די ייִנגלשע יאָרן און אַזוי במשך זײַן גאַנץ לעבן. יעדער טײַך און יעדער געוויקס, יעדעס בערגל און יעדע וויסטעניש זענען אים באַקאַנט און באַוווּסט געווען נאָך פֿון די תנ״ך־טעג און ווי פֿאַרזיגלט געווען אין זײַן גײַסט און געמיט, עלעהיי ער האָט עס אַליין צוגעזען און זיך קיין מאָל פֿון דעם ניט אָפּגעשיידט. אַ געטראָפֿענער, אַ שיער ניט באַליידיק־טער, פֿלעגט ער זיך פֿילן ווען מ׳פֿלעגט אים וועלן עפּעס דערקלערן און אַרײַנפֿירן אין „די סודות פֿון לאַנד״. און מיט וואָס פֿאַראַ דורשט ער האָט עס, ווי אַ פֿאַרליבטער ייִנגל, געטרונקען די פּראַכט פֿון די ירושלימער פֿאַרנאַכטן, די שיינקייטן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון אין די ירושלימער הימלען, דעם אָפּשײַן פֿון די גלבוע־בערג בײַנאַכט, דאָס פֿלאַפּלען פֿון די קינדערלעך אין דער שפּראַך פֿון ישעיהו און דאָס דעמערן פֿון שבת־טאָג איבער מאה־שערים. ניין, ניט בלויז די ליבע צו שיינקייט האָט דאָ געפֿײַערט איר לעצטן פֿרילינג אין דעם לעבן, וואָס האָט שוין גענומען נייגן צום פֿאַרגיין; דאָ האָט סײַ דאָס

און סײַ דאָס אַנדערע אויפֿגערודערט דאָס האַרץ פֿון צוקוקער, אָבער געווען איז אויך עפּעס העכערס, עפּעס שטאַרקערס ווי ער אַליין זאָגט:

הטהר, לבבי, במעין הנצחים!

הרגל, לאט לך! לאלמות פה פרוזים!

מיר דאָ האָבן זיך אַזוי צונויפֿגעלעבט מיט דעם פּייזאַזש פֿונעם לאַנד, אַז מיר האָבן כמעט ווי פֿאַרגעסן דעם זין און באַדײַט פֿון חיבת הארץ. און אָט איז צוריקגעקומען פֿון דער פֿרעמד אַ געטרײַער, גוטהאַרציקער זון, וואָס האָט זײַן גאַנץ לעבן געבענקט נאָכן לאַנד און איז צום ערשטן מאָל — שוין אין טיפֿן עלטער — שטיין געבליבן פּנים אל פּנים אַנטקעגן אָט דער אויס־געבענקטער פּראַכט, און כאָטש ער איז אַ ניכטערער ליטוואַק, האָט זײַן באַגײַסטערונג און זײַן גײַסטיקער אויפֿציטער זיך אָפּגערופֿן אין אונדז מיט ליבשאַפֿט אין איר גאַנצער שלמות.

מען דאַרף זיך אָבער אָפּהיטן ניט צו רעדן מיט אים דערוועגן. דו טראַכסט חלילה אים ניט לאָזן פֿילן אפֿילו מיטן לייכטסטן רמז, אַז דו האָסט באַמערקט זײַן התפּעלות. אַזאַ ווי ער וועט ניט אויסגעבן זײַנע אינערלעכע איבער־לעבענישן זײַנע שטימונגען און אַ פֿרעמד אויג זאָל אים ניט אויפֿכאַפּן אין זײַן שוואַכקייט און זאָל ניט באַמערקן זײַן טיפֿע פֿאַרליבטקייט. בלויז דעם לידערהעפֿט, וואָס איז אים טײַערער פֿון אַלץ, אַנטפּלעקט ער זײַן פֿולן צאַפּל־דיקן סוד. ווײַל אַ סוד קיין דאָך ניט פֿאַרבאַרגן ווערן פֿון דעם סאָנעט.

*

פֿון גרויס באַטייט איז געווען פֿאַר מיר זײַן פֿאַרמעסט מיט דער ישראל־דיכטונג. זײַן איינזאַמקייט אין דער פֿרעמדער ניו־יאָרק האָט ער אויסגע־טראָגן מיט שטאָלץ. דערפֿאַר איז ער דאָך אַ משורר פֿאַר העברעער. ניט ער איז דאָרט דער איינזאַמער, נאָר דאָס לשון העברעיִש אַליין איז פֿאַר־איינזאַמט און פֿאַרפֿרעמדט דאָרט. און פֿון אייגענעם ווילן האָט ער אויסגע־קליבן אָט דעם גורל. דעריבער איז דאָך לײַכט פֿאַר אים, דעם העברעיִשן דיכטער, צו זײַן איינזאַם מיט זײַן העברעישקייט. ער איז דאָרט געווען צו־פֿרידן מיט זײַן אָפּגעזונדערטקייט.

נאָך אָט איז ער עולה געווען אין לאַנד פֿון העברעיִש. און דאָ האָט דאָך ניט קיין זין דער צוים און ס'זעגען אומנויטיק די העמונגען. העברעיִש, וואָס האָט אים אַזוי אויסטערליש און ווייטיקלעך באַגלייט אַלע יאָרן אין דער פֿרעמד, איז דאָך דאָ די הערשערין, זי איז דאָך דאָ די שפּראַך פֿון יונג און

אַלט, פֿון קינד און קייט. איז ער דאָך געקומען אין לאַנד פֿון זײַן דיכטונג־שפּראַך. טאָ פֿאַרוואָס איז זײַן דיכטונג דאָ אַזוי פֿאַראיינזאַמט? פֿאַרוואָס לייענט אים ניט דער לייענער? און פֿאַרוואָס איז דער יונגער דיכטער דאָ ניט זײַן דיכטער?

עפּעס פֿון אָט דער פֿאַרביטערונג, וואָס האָט זיך כלל ניט געפּאַסט צו זײַן זיכערקייט און צו זײַן שטאָלץ, האָט זיך אַלע מאָל אָפּגעפּילט, ווען מיר פֿלעגן שמועסן און זיך אַמפּערן לעבן דער פּאָליצע פֿון נײַע פּאָעזיע־ביכער אין מײַן ביבליאָטעק. מיט זיגערישער צופֿרידנקייט פֿלעגט ער אַרויסציען אַ בוך נאָך אַ בוך, כדי מיר צו באַווײַזן אַז די פּאָעזיע פֿון דעם און דעם יונגן דיכטער איז אַן אומזיניקע, אַ צעטומלטע און פֿאַרמאָגט ניט קיין שום שווונג פֿון געדאַנק און פֿאַנטאַזיע, און אַז די שפּראַך איז ווי פֿאַרקריפּלט און האָט ניט קיין העברעיִשן טעם. דאָס הייסט, אַז ניט ער איז שולדיק אין דעם וואָס זײַן דיכטערישע שאַפֿונג איז ניט זוכה צו דעם געוווּנטשענעם אָפּקלאַנג. דער איצטיקער דור איז שולדיק. והראיה: לייענט מען דען געװױג ביאַליקן? האָט מען דען ניט פֿאַרגעסן און געמאַכט פֿאַרגעסן דאָ טשערניכאָווסקין?

אָבער צום סוף פֿון אָט די שמועסן אונדזערע פֿלעגט ער זיין דאָפּלט צופֿרידן, ווען ס'איז מיר געלונגען צו ברענגען פֿאַר אים באַווײַזן, וואָס פֿרעגן אָפּ זײַן טענה. אָט האָב איך אָפּגעפֿונען און אים געוויזן אַ ליד, וואָס איז אָקערשט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, און דאָס ליד איז ריין פֿון די מומים, וואָס ער האָט אויסגערעכנט. כהרף עין איז אָפּגעטראָטן זײַן אויפֿגעבראַוזטקייט, ער האָט זיך רואיק אַװעקגעזעצט אין אַ ווינקל, און זיך אויף דאָס נײַ מתייחד געווען מיטן ליד, וואָס האָט אים געריהרט. מ'האָט געלייענט איין מאָל און נאָך אַ מאָל ביז ער האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך זײַן גוטן זאַפֿטיקן טעם. אויף זײַן פּנים פֿלעגט זיך דאַן באַווײַזן אַ לײַטזעליק פֿאַרגעניגן. ער איז געווען צופֿרידן, וואָס ער איז באַזיגט געוואָרן, מחמת באַזיגט האָט אים דאָך זײַן פּרינצעסין, די העברעיִשע פּאָעזיע.

אָבער גראָד דעמאָלט האָט זײַן פּאָעטישע איינזאַמקייט נאָך מער אים דערדריקט. זײַן שטאָלץ האָט אים ניט געלאָזט, דערצו נאָך אין זײַן הויכן עלטער, צו קלאַפּן אין די טירן פֿון רעדאַקציעס. אין ניו־יאָרק בשעתו איז די העברעיִשע צײַטשריפֿט געשטאַנען אָן אָפֿענע פֿאַר אים. דאָ האָבן די רעדאַקציעס בכלל ניט געוווּסט און ניט געפֿילט, אַז עס איז עולה געווען

אין לאַנד דער נעסטאָר פֿון די אַמעריקאַנער העברעיִשע פּאָעטן און מיט אים אַ היפּשער באַגאַזש פֿון שירים אין מאַנוסקריפּט.

און אַז ער איז איין מאָל נאָכגעקומען דעם פֿאַרלאַנג פֿון זײַנע פֿרײַנד און האָט צוגעשיקט אַ ליד צו אַ רעדאַקטאָר און גראַד צו אַ נאָענטן, און דער ענטפֿער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן — האָט ער עס אָפּגעפֿילט ניט נאָר ווי אַ פּגיעה אין זײַן שרײַבערישן כבוד, נאָר ווי אַ שטעלן אין ספֿק די עצם־מיסיע וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן אַלע צענדליקער יאָרן פֿון זײַן לעבן אין דער פֿרעמדקייט־אַטמאָספֿער פֿון ניו־יאָרק. און ס'איז אים שווער געווען דאָס אויסצוטראָגן. זײַן זאַמלונג לידער „חסין הלוז של שריד תקוותיו", האָט ער מיטגענומען מיט זיך אין לאַנד פֿון די העברעער קומענדיק אַהער אין חודש תשרי תשי"ג און ער האָט עס צוריקגענומען ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין דער פֿרעמד אין תשרי תשט"ו און די זאַמלונג איז נאָך אַלץ אין מאַנו־סקריפּט.

*

אין חודש ניסן תשט"ז בעת כ'בין ווידער געווען אין ניו־יאָרק, האָב איך אים באַזוכט אין זײַן היים. איך האָב אים געטראָפֿן אַ געפֿרלעך קראַנקן. די ביטערע קרענק האָט אים אָנגעגריפֿן באַלד נאָך זײַן צוריקקומען, אָנ־געגריפֿן דעם האַלדז און אָפּגענומען בײַ אים דעם כח־הדיבור. און די דאָזיקע גרויליקע פֿאַרשטומטקייט האָט נאָך טיפֿער און טראַגישער געמאַכט זײַן עלנט. ס'איז אים שווער געווען זיך צו ווײַזן פֿאַר מיר אין גאַנצן פּײַן פֿון זײַנע פֿיזישע יִסורים. נאָר די איידלקייט און צאַרטקייט פֿון זײַן פֿרוי — די טאָכטער פֿון דעם אין זײַן דור אומפֿאַרגעסלעכן ציוניסטישן מטיף ר' צבי מאַסליאַנסקי ז"ל — זי האָט אים געהאָלפֿן אײַנשטילן זײַן צער און זײַן ווייטיק. פֿון זײַנע קוים באַוועגלעכע ליפּן אַראָפּ האָט אָט די זעלטענע פֿרוי אַראָפּגעלייענט זײַנע ווונטשן, וועלכע ער האָט ניט געקענט אויסדריקן, און זי איז מיט אַזאַ לײַטזעליקייט זיי געלאָפֿן אויספֿירן, עלעהיי דאָס וואָלט געווען דאָס סאַמע נאַטירלעכסטע. ווי אַ לעבעדיקן איוב האָב איך אים דעמאָלט געז־זען, און לעבן אים די פֿרוי ווי אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער, וואָס טיילט זיך מיט אים אין זײַנע יִסורים. ווען איך האָב אים דערציילט וועגן זײַנע פֿרײַנד אין לאַנד און באַזונדערס וועגן זײַן טאָכטער, זײַן בת יחידה, און וועגן איר היים אין ירושלים, האָט זײַן אויסגעמאַטערט פּנים אויפֿגעלויכטן.

דעמאָלט האָב איך געווענדט מײַן מאָנאָלאָג־שמועס צו זײַן לידער־

פֿאַרמעג, און געזאָגט אים, אַז כ׳האָב בדעה אים צו בעטן עטלעכע לידער פֿאַר דעם יאָרבוך פֿון „דבר״, וואָס האָלט ביים דערשיינען. דאָ האָבן פֿון דאָס ניי אויפֿגעלויכטן זיינע אומעטיקע קלוגע אויגן. ער האָט מיך אָנגענומען פֿאַר אַ האַנט און צוגעפֿירט צום שופֿלאַד, ווו עס איז געלעגן צוגעקליבן און גע־אָרדנט זיין גרויס פעקל שריפֿטן. מיט אַ האַנט־באַוועג האָט ער מיך פֿאַרבעטן אויסצוקלייבן און ער אַליין האָט זיך אַוועקגעזעצט אַקעגן מיר צו זען, וואָס עס וועט מיר געפֿעלן. ווי אַ שטיפֿערישער, קלוגער יינגל איז געשטאַנען פֿאַר מיר דער עלטסטער פֿון די העברעיִשע דיכטערס אין אַמעריקע. ער האָט ווי פֿאַרגעסן אויף אַ ווייל דעם פּיין פֿון זיינע ווייטיקן און אַ קאָנצענטרירטער האָט ער ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פֿון מיר, בכדי צו זען ווי אַזוי — און פֿון וואָס אַ שטייגער — וועל איך באַאיינדרוקט ווערן. און ווען מיין אויג איז געפֿאַלן אויף דעם ליד „בהתחדש איוב״, האָט ער זיך ראַפּטום דער־נענטערט צו מיר, אַרויסגענומען דאָס ליד פֿון מיין האַנט, ווי זאָגנדיק: ניין. ניט דאָס וויל ער איך זאָל איצט אויסקלייבן. בעסער, כ׳זאָל לייענען ווייטער און ניט נעמען גראָד אָט דאָס ליד, וואָס זיין אויטאָביאָגראַפֿישער גרונט־מאָטיוו קאָן איצט אויסקומען צו בולט. און נאָך שטאַרקער האָבן אויפֿגעלויכטן זיינע אויגן, ווען איך האָב לסוף אָפּגעקליבן לידער, וואָס ער האָט געשריבן, זייענדיק אין ארץ ישראל.

און ווען מיר האָבן זיך צעקושט ביים געזעגענען זיך, האָבן מירביידע געוווּסט, אַז דאָס איז אַ קוש פֿאַרן אָנקום פֿון טויט און אַז מיר וועלן זיך שוין מער ניט זען... בלויז זיינע גוטע טרויעריקע אויגן האָבן זיך ניט אָפּגעטאָן פֿון דעם בינטל לידער, וואָס זענען געלעגן פֿאַר אים.

איצט זענען שוין זיינע לידער אין די הענט פֿון די לייענערס.

# אַ מצבה פֿאַר דוד פּינסקי *

אין דער פֿרעמד, ווײַט פֿון ארץ־ישׂראל, האָט מיך דערגרייכט די ידיעה, אַז דאָס ליכט פֿון דוד פּינסקי, וואָס איז זינט עטלעכע יאָרן שוין פֿאַרטונקלט געוואָרן, האָט זיך אויסגעלאָשן. ס'האָט מיך דורכגענומען דער טרויער. אָבער איך האָב זיך אין מײַן געמיט געזען פֿאַרעלנט אין מײַן טרויער. כ'בין געוואָרן אַ מיטשותּף אין דעם טרויער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס ס'איז צוגענומען געוואָרן איר גלאַנץ; כ'בין געוואָרן אַ מיטשותּף אין דעם טרויער פֿון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, וואָס ס'איז נסתּלק געוואָרן איינער פֿון אירע בעסטע פֿירערס און גרינדערס; כ'בין געוואָרן אַ מיטשותּף צום צער פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק, בײַ וועמען ס'איז צוגענומען געוואָרן איינער פֿון זײַנע איידלסטע זין און באַשאַנקענסטע שרײַבערס, און כ'בין אויך געוואָרן אַ מיטשותּף אין דעם טרויער פֿון דער שטאָט חיפֿה, — ניט ווײַל כ'האָב געטראַכט, אַז גאַנץ חיפֿה איז אײַנגעהילט אין טרויער, אָדער אַפֿילו אַז אַלע אירע באַוווינער ווייסן, ווער ס'איז געווען דער מאַן, וואָס האָט געלעבט צווישן זיי און איז ערשט פֿון זיי צוגענומען געוואָרן, נאָר ווײַל אין די לעצטע יאָרן איז די גײַסטיקע לאַנדשאַפֿט פֿון חיפֿה כאילו באַרײַכערט און אויסגעאיידלט געוואָרן דורך דעם פֿאַקט גופֿא, וואָס דוד פּינסקי האָט זיך אין איר באַזעצט: די פּינסקי־פֿײַערונגען אין חיפֿה, זײַן אַכציקעריקער יובילײ אין חיפֿה, דאָס צוטיילן ערן־בירגערשאַפֿט דעם דערהויבענעם שרײַבער מצד דעם חיפֿער שטאָטראַט, די גאַס אויפֿן הר־הכרמל וואָס טראָגט זײַן נאָמען, די מאַמישע זאָרג פֿון פּינסקין אין די יאָרן פֿון זײַן קראַנקייט אין חיפֿה, זײַנע ביכער וואָס זענען דערשינען איינס נאָכן אַנדערן פֿאַר דער צײַט פֿון זײַן וווינען אין חיפֿה; פּינסקיס ליטעראַרישע טרוימען, וועלכע זענען אויפֿגעקומען און זיך צעבליט אין זײַן הויז אין חיפֿה; די באַזוכן פֿון אַ סך געסט פֿון אויסלאַנד

* אַ רעדע אויף דער אזכּרה צו די שלושים.

און פֿון לאַנד ביי אים אין חיפֿה, אַז ס'איז שוין געוואָרן אוממעגלעך צו קומען קיין חיפֿה און ניט אַרויפֿצוקומען און פֿאַרווײַלן אַ ביסל אין זײַן געזעלשאַפֿט, סײַ ווען זײַן זינען איז נאָך געווען לויטער, סײַ אין די לעצטע יאָרן ווען ס'האָבן זיך געמערט ביי אים די רגעס פֿון פֿאַרטונקלונג. די אַלע זאַכן האָבן ווי דערהייבן חיפֿה אַליין צו אַ שטאַפּל פֿון אַ העכערן קולטור־ניוואָ, פֿון איר מערערן אַרײַנפּלעכטן זיך אין דעם קולטור־לעבן פֿון דעם פֿאָלק און פֿון דעם דור. כ'האָב געוווּסט אַז מײַן געמיט באַטייליקט זיך אין איר דאָזיקן טרויער, זאָל זײַן אַז פֿון בלויז אַ הײַפּל אײַנוווינער, וועלכע פֿילן הײַנט וואָס ס'איז צוגענומען געוואָרן פֿון זיי און זייער לאַנדשאַפֿט.

דוד פּינסקי איז געווען אַ קינסטלער מיט אַריכת־ימים און מיט אַ יאָרן־לאַנגן שאַפֿן. ער האָט ניט בלויז געלעבט 88 יאָר, נאָר, מיר דאַכט זיך, אַז צווישן די ייִדישע שרײַבערס איז ער פֿון די ווינציקע, וואָס דער גורל האָט אים צוגעטיילט אַ זיבעציק שעפֿערישע יאָרן. אַ פֿינף און זעכציק יאָר איז די פען ניט אָפּגעטראָטן פֿון זײַן האַנט, און ווער ס'האָט נאָכגעפֿאָלגט זײַן שאַפֿן האָט געוווּסט, אַז ער האָט געהאָט אַ סך אויפֿשטײַגן און אַ סך אַראָפּנידערונ־גען, און ניט תמיד זענען די ענדערונגען געווען אָפּהענגיק פֿון זײַן עלטער. ווען פּינסקי פֿלעגט זאָגן אַז ער איז ניט גורס קיין עלטער, איז זײַן דאָזיקער זאָג חל געווען בעצם אויף זײַן שאַפֿן. ס'איז אין אים מקוים געוואָרן דער באַגריף „בן ק׳ כבן כ״" (דער הונדערטיעריקער ווי דער צוואַנציקיעריקער), דאָס הייסט, אַ שרײַבער וואָס די עלטער האָט ניט קיין שליטה אויף זײַנע ווערק, און ער האָט געקאָנט מיט דער זעלבער פֿרישקייט און ליבשאַפֿט צו אויספֿירלעכקייט און מיטן שאַרפֿן בליק, מיט דער זעלבער פֿאַרטיפֿטער אַרײַנטראַכטונג און וואַכיקער תשוקה אַרײַנזאַפּן אין זיך די ווירקלעכקייט ווי זי איז און זי שילדערן אין אירע אייגנצלהייטן אין די יאָרן פֿון זקנה ווי אין זײַנע ערשטע יאָרן, תמיד מיט דער זעלבער שאַפֿונגס־פּאַסיע, וואָס זי איז ביי אונדז דורכויס דער סימן פֿון יונגשאַפֿט, ביז זײַן ליכט האָט זיך אויסגעלאָשן, און ס'האָט זיך פֿון אים אָפּגעטאָן ניט נאָר דער כּוח פֿון שרײַבן, נאָר אויך דער לעבנס־כּוח.

און דערפֿאַר בין איך געקומען אַהער, און אָט שפּיר איך אַז נט צו טרויערן בין איך געקומען, נאָר אָנצונעמען זיך מיט שטאָלץ צוליב זײַן עצם עקזיסטירן, צו באַוווּנדערן דעם דאָזיקן פֿענאָמען, דעם ליטעראַרישן, דעם ייִדישן, דעם מענטשלעכן, וואָס זײַן נאָמען איז דוד פּינסקי. און ס'איז פֿאַראַן

אַ גרויסער באַגער צו טאָן דאָס ניט ביחידות, נאָר קאָלעקטיוו, צו באַוווּנדערן צוזאַמען און אָננעמען זיך מיט שטאָלץ ברבים, וואָס ער האָט געלעבט און געשאַפֿן צווישן אונדז. ווײַל דוד פּינסקי האָט תמיד געהאַט די נטיה צו זען אין זײַן שרײַבערישן טאַלענט, מיט וועלכן גאָט האָט אים באַשענקט, ניט קיין שפּילצײַג צו פֿאַרווײַלן זיך דערמיט און אויך ניט קיין אויסדרוק־מיטל פֿאַר פּערזענלעכער הנאה. פּינסקי געהערט צו יענע שרײַבערס וועלכע האָבן שטענדיק געפֿילט, אַז די פּען אין זייער האַנט איז אַן אינסטרומענט מתקן צו זײַן די וועלט, מתקן צו זײַן דאָס פֿאָלק. דאָס פֿאָלק האָט אים גע־שענקט טאַלענט, און ער האָט אים גענומען כּדי צו דינען דעם פֿאָלק.

ש. ניגער האָט אין זײַן בוך וועגן ייִדישע שרײַבערס געשריבן וועגן פּינסקין, אַז ווי אַ דערציילער געהערט ער צו די „אידעען־שריפֿטשטעלער״; ניגער שיידט אונטער שטאַרק צווישן טענדענץ און אידעע; אויף עברית וואָלטן מיר געזאָגט, אַז פּינסקי איז געווען אַ שרײַבער אַ וויזיע־טרעגער (נושׂא חזון); אַ שרײַבער וואָס פֿאַרמאָגט אַ גאָט אין האַרצן, און ער דינט זײַן גאָט מיט זײַן פּען. אויף פּינסקין מעג מען זאָגן, אַז פֿון זײַנע ערשטע יאָרן ביז דער פֿאַרטונקלונג פֿון זײַן שײַן האָט ער געדינט זײַן גאָט באמונה, געדינט מיט זײַן פּען זײַן פֿאָלק און זײַן וויזיע.

אויך אין דער צײַט פֿון די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן״, ס׳הייסט נאָך פֿאַרן אַנטשטיין פֿון דעם „בונד״, און פֿאַרן אַנטשטיין פֿון דעם פּאָליטישן ציוניזם, איז שוין פּינסקי געווען אַ פּרוכטיקער שרײַבער. זײַן שרײַבערישע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן אַכט יאָר פֿאַר הערצלס דערשײַנען, זיבן יאָר פֿאַר דעם גרינדונג־צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד״. ער איז דעמאָלט געווען אין גאַנצן דורכ־גענומען מיט דעם געפֿיל, אַז ייִדיש איז געקומען דערהייבן די פֿאָלקסמאַסן, צו ברענגען אויפֿקלערונג אין זייערע אָרעמע הייזלעך, אויסצוגלײַכן זייערע רוקנס און באַרײַכערן זייער גײַסט. און דערפֿאַר איז אַ ייִדישער שרײַבער, וועלכער איז ניט קיין פּריידיקער, נאָר אַ שילדערער, מחויב צו שילדערן ווי אַ פּריידיקער. דאָס איז דער ערשטער אײַנדרוק וואָס מיר באַקומען פֿון זײַנע שאַ־פֿונגען פֿון יענע יאָרן. דערפֿון — זײַן פּלאַץ צווישן די אבות פֿונעם ייִדישן סאָציאַליזם. ווײַל אין זײַן אָנהייב איז פּינסקי קודם כּל געווען אַ ייִדישער סאָציאַליסט, און דער פֿירנדיקער געדאַנק אין זײַנע דערציילונגען איז געווען וועגן דעם רוקן־אויסגלײַך פֿון דעם באַליידיקטן „איד״ אין דעם ייִדן, וואָס וויל שוין מער זײַן באַליידיקונג ניט טראָגן.

און שוין דעמאָלט האָט ער פאַרמאָגט די אייגשאַפט, וואָס וועט אים פאַרבלײַבן ווי דער גרעסטער זכות אין זײַן לעבן: ער איז געווען דער ערשטער צווישן אונדז, וואָס האָט פאַרבונדן די אַרבעטער־באַוועגונג מיט ליטעראַטור און זיי בײדן געדינט פאַר אַ שליח. אין אָנהייב זענען זיי געווען צוויי באַזונדערע געביטן. דער שרײַבער פון יענעם דור, אויך דער יידישער שרײַבער, איז געווען אויסבאַהאַלטן אין זײַן געצעלט, ערגעץ ווו אויף אַ שפּיץ באַרג, און די אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך קאָנצענטרירט אין די פעריפעריעס פון שטאָט און שטעטל. פּינסקי איז געווען דער ערשטער וועלכער האָט אומגעוואָרפן די מחיצה. ער איז עס געווען דער וואָס האָט מזווג געווען דעם לייב פון דער שרײַבער־חבריא, י. ל. פּרצן, מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט אָנגענומען פּרצן מיט זײַנע הענט און אים געבראַכט צו פירן אויף אַן אומלעגאַלער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג. ס'איז פאַראַן בײַ פּרצן אַ וווּנדערלעכע שילדערונג, ווי ער איז געקומען דאָס ערשטע מאָל אויף אַ געהיימער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג אין וואַרשע און פון דעמאָלט אָן איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז ער געהערט צום „בונד". פּרץ איז ניט געווען קיין בונדיסט. אָבער ער האָט געבראַכט אין די קעלערס און אויף די בירזשעס פונעם „בונד" די בשורה פון דעם ליטעראַטור־פרילינג, און דער געבענטשטער אונטערפירער, וועלכער האָט אים געפירט אַהין צו, איז געווען דוד פּינסקי.

און פּינסקי האָט גענומען אויך וואַלט־ליעסינען פון דער אַרבעטער־בירזשע און אים אַרויפגעפירט אין שרײַבער־קלוב. ליעסין האָט אָרגאַניזירט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג מיט דער כוונה זי זאָל זײַן מער נאַציאָנאַל, ווי ס'האָבן גורס געווען די שטרעבונגען פון „בונד", און זאָל זײַן מען ציוניסטיש, איידער ס'איז אַנטשטאַנען דער פּאָליטישער ציוניזם. און ער, ליעסין, איז געווען פון די גרונטזײַלן פון דעם „בונד" אין דער צײַט פון זײַן אָנהייב. ער האָט געשריבן לידער, מייִנסטנס אונטער אַ פּסעוודאָנים, און די לידער זענען זיך צעגאַנגען אויף אַן אומלעגאַלן אופן צווישן די יידישע אַרבעטער־קרײַזלעך, און זענען זיי באַליבט געוואָרן. האָט פּינסקי אָנגענומען ליעסינען מיט זײַן האַנט און אים אַרײַנגעפירט אין די שרײַבער־קרײַזן, ביז ליעסין איז אויסגעוואַקסן און געוואָרן באַרימט, און געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דעם סאָציאַליסטישן חודש־זשורנאַל צוקונפט אין ניו־יאָרק. גלײַך אַזוי ווי פּינסקי האָט „אַראָפּגעפירט" פּרצן אין „קעלער"

פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַזוי האָט ער אויך „אַרויפֿגעפֿירט" ליעסינען פֿונעם קעלער פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג אויפֿן „אייבערשטיבל" פֿון דער ליטעראַטור. דורך די דאַזיקע זיווגים האָט פּינסקי געשלאָסן אַ בונד צווישן דער ליטעראַטור פֿון יענער צײַט און דער פֿרײַהײַט־באַוועגונג. דער דאָזיקער לעבנסבונד האָט באַשאַנקען מיט וויזיע די סאָציאַליסטישע באַוועגונג און אַרײַנגעשפּריצט פּערמענטירנדיק בלוט אין דער ליטעראַרישער שאַפֿונג.

און דעמאָלט איז פֿאַרגעפֿאַלן אַ געשעעניש אין פּינסקיס שאַפֿן, וואָס איז געווען אַ גרויסע און אומפֿאַרגעסלעכע דערשײַנונג פֿאַר אונדזער גאַנצן דור, פֿאַר דער גאַנצער אויפֿלעבונגס־באַוועגונג פֿון יענער צײַט: ס'איז דערשינען די פֿ אַ מ י ל י ע צ ב י. ס'איז הײַנט ניט מעגלעך צו שילדערן דעם מעכטיקן רושם, וואָס ס'האָט אויף אונדז געמאַכט בשעתו די דאָזיקע שאַפֿונג. איך געדענק נאָך די לייען־שעהען פֿון פֿ אַ מ י ל י ע צ ב י, ווען זי איז דערשינען אין אַ זשענעווער דרוקערײַ אויף פּאַפּירוס־פּאַפּיר, און מ'האָט זי געמוזט לייענען ווײַט פֿון די אויגן פֿון דער פּאָליצײַ און דער גע־היים־פּאָליצײַ. אַ פֿרײַנד, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פֿאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור, האָט זי אונדז געבראַכט צו פֿירן פֿון אויסלאַנד. און דערשינען איז זי דעמאָלט באַלד נאָכן קישעניעווער פּאָגראָם. אין פֿלוג, וואָס באַדײַט דער קישעניעווער פּאָגראָם אין פֿאַרגלײַך מיט די שחיטות בימי־פּעטליורע? און קעגן דעם אומקום בימי־היטלער ווערן דאָך אַוודאי פֿאַרבלאָסט אַלע פֿריִערדיקע פּורעניותן. אָבער פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער דערשיטערונג, וואָס האָט דעמאָלט דורכגענומען אונדזער ציבור, פֿון שטאַנד־פּונקט פֿון דער ווערטן־איבערשאַצונג פֿונעם דור, פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דעם אַרײַנפֿלעכטן זיך פֿון דער יִדישער פּײַן אין דעם קאַמף פֿאַר פֿרײַהײַט אין צאַרישן רוסלאַנד, — איז ניט געווען קיין געשעעניש אַן ענלעכע צו דער קישעניעווער. ס'איז זייער מעגלעך, אַז אָן ביאַליקס ש ח י ט ה ־ ש ט אָ ט וואָלט דער קישעניעווער פּאָגראָם ניט געווען געמאַכט דעם דאָזיקן מעכטיקן רושם. די דאָזיקע צווייטע גאָב פֿון דעם פּאָגראָם האָט, דורך דער פּאָעמע די ש ח י ט ה ־ ש ט אָ ט, ווי פֿאַרקערט דעם ווייטיק אין בונט און אויך אים באַ־גאָסן מיט דער הערלעכער שײַן פֿון שליחות פֿאַר דער עפּאָכע. זי האָט עס גע־מאַכט דעם נאַציאָנאַלן בראָך פֿאַר אַ ווענדפּונקט פֿאַר אונדזער פֿאָלק, פֿאַר אַ גרויסן „עד־כאן". כ'בין דעמאָלט געווען אַ 14יעריק ייִנגל, ווען כ'בין אַרײַנגעלאָפֿן אין שול אום תשעה־באב און האָב פֿאַרגעלייענט פֿאַר אַלע

דאַוועגערס פון חסידישן שטיבל ח. נ. ביאַליקס „שירי הזעם". און דער ציבור האָט די זאַך אויפגענומען מיט כבוד, ווייל זיי האָבן אָפּגעפילט, אַז די שירה פלעכט זיך צונויף מיט דער קינה „ציון הלא תשאלי..."

און אַ יינגערע שוועסטער פון דער שחיטה־שטאָט אין דער קי־שעניעווער ליטעראַטור איז אויף יידיש געווען די פּאַמיליע צבי פון דוד פינסקי. פינסקי האָט ניט געשילדערט דעם גרויל און די שאַנד פון די וואָס האָבן זיך באַהאַלטן, נאָר אַרויסגעבראַכט די טראַגעדיע פון דער חרובער שול, דעם אַנהייב פון דעם פונאַנדערפאַל פון דער יידישער פאַמיליע און דעם גורלדיקן וויכוח צווישן דעם ציוניסט און דעם בונדיסט מיט דעם אַסי־מילאַטאָר, צווישן יענע וואָס לייגן זייער האָפענונג אויף דער רעוואָלוציע און יענע וועלכע זעען די פּראָבלמען, וואָס אויך די רעוואָלוציע איז ניט מסוגל זיי צו פאַרענטפערן. און איבער אַלץ איז דאָרט געווען די גרויסע גע־שטאַלט פון דעם טאַטן פון דער פאַמיליע, משה צבי, וועלכער לויפט ראַטע־ווען די ספר־תורות פון דער שול, אין וועלכער די פּאַגראָמשטשיקעס האָבן זיך אַריינגעריסן. אין דער דאָזיקער פּאַמיליע צבי, אַן אַנגעזעטיקטער מיט די דיסקוסיעס צווישן די מיטגלידער פון דער פאַמיליע, וואָס האָבן פאַרלאָזט דעם אַלטן טאַטנס וועג, האָט זיך אָנגעהויבן די פרשה פון דער גרויסער איבערבעטונג צווישן די דורות. און ביי זיי אַלע האָבן זיך פאַר אַ מאָל געעפנט די אויגן צו דערזען, אַז דאָס ליכט פון אידעאַליזם און רעוואָ־לוציע געפינט זיך ניט נאָר ביים בונדיסט און פּועלי־ציוניסט, נאָך אויך, און אפשר בעיקר, אין האַרצן פון דעם אַלטן מגיד, וועלכער שטעלט דאָס לעבן אין קאָן צו ראַטעווען די ספר־תורות, זיי זאָלן ניט פאַרשוועכט ווערן.

שוין אין דעם עצם פאַקט, וואָס די דאָזיקע שאַפונג איז דערשינען אין דער דרוקעריי פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און פאַרשפּרייט געוואָרן אויף אַן אומלעגאַלן אופן, איז געווען אַ מין אָנהייב פון בייגן דעם קאָפּ מצד דעם אַסימילאַטאָר און דעם ציוניסט, און אַן אָנהייב פון אַ באַגער צו מאַכן אויף ס׳ניי דעם חשבון מיטן טאַטן, דעם אַלטן מגיד, וואָס פון זיין שוועל זענען זיי אַנטלאָפן. ניט אַנדערש, אַז אויך אין זיינע אוצרות איז איינ־געהיט די באַהאַלטענע שיין וואָס איז אונדז בייטיק, ווען מיר גייען אַרויס סיי קעגן עמאַנציפּאַציע, סיי קעגן אויטאָעמאַנציפּאַציע.

מיר וויזט אויס, אַז אַזוי ווי פינסקי האָט עס ניט געמאַכט קיין שום שרייבער אין יענעם דור, און פון זינט זיין עמיגרירן איז ער געוואָרן —

כ'וועל ניט גרייזן און ניט מגזם זיין — דער געזאַנג־מייסטער פֿון אונדזער אויפֿלעבונג־ליטעראַטור אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.

פינסקיס באַפֿעלקערונג איז זייער אַ בונטע. ער האָט ליב רעאַלי־טעט, האָט ליב שילדערונג. די וועלטן פֿון די מאַנצבילן און פֿרויען אין זיינע שאַפֿונגען שטויסן זיך צוזאַמען, אַלע לעבן זיי זייער לעבן אין דעם הווה וואָס פֿאַר אים. אָבער פינסקי, דער גרויסער ריעאַליסט, האָט נאָכן אָנ־הייב פֿון דעם איבערבעטן זיך פֿון די דורות, נאָכן אויסשטרעקן די האַנט פֿון דאַנען אַהין, איינגעגניט זיין אויג אַריינצודרינגען אויך אין די זייער ווייטע דורות און צו פרווון זוכן אויך ביי זיי די גרויסע בענקערס, וואָס זייער שטרעבונג גליט נאָך הײַנט אין אונדזערע הערצער. פֿון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן דער דיכטער פֿון משיחיזם אין דער יידישער ליטעראַטור.

אַ סך דערציילערס האָבן געפּרוּווט שרייבן וועגן משיחים ביי יידן, אויך אין לעצטן דור, אויף עברית, יידיש און אַנדערע שפּראַכן. וועגן מולכו, וועגן דער צייט פֿון שבתי צבי, וועגן דוד אלרואי און וועגן בר־כוכבא. פֿאַרשיידן זענען די שרייבערס און פֿאַרשיידן זייער צוגאַנג. און ווער עס פֿאַרשט נאָך די ענדערונגען אין דער באַציִונג פֿונעם פֿאָלק צו די ראַנגלענישן פֿון זיינע דערלייזערס, ווייס אַז ביינאַנד מיט דער וויסנשאַפֿטלעכער קאָמענטירונג האָט זיך אַנטוויקלט אויך אַ קאָמענטירונג פֿון דיכטערס און דראַמאַטורגן, וועלכע איז לחלוטין ניט ווינציקער אין איר ווערט. און צווישן די דאָזיקע שרייבערס און דיכטערס פֿאַרנעמט פינסקי אַ פּלאַץ צווישן די ערשטע. ער האָט זיך ניט באַנוגנט מיטן שילדערן די טראַגעדיע פֿון א י י נ ע ם פֿון די משיחים. ער, וועלכער האָט געשריבן דאָס ווערק ד ע ר א י י ב י ק ע ר י י ד, האָט אויך געשריבן וועגן רבי עקיבא, און געשריבן וועגן מולכו און ראובני, און גע־שריבן ש ב ת י צ ב י. און ער האָט זוכה געווען דערצו, אַז מיטן כוח פֿון זיין ש ט ו מ ע ר מ ש י ח (דער אייביקער ייד) איז דער משיחישער מאָטיוו געוואָרן דער גרונטמאָטיוו פֿון אונדזער „הבימה" אין אַלע אירע גרינדונג־יאָרן און אַ סך יאָרן שפּעטער. ער האָט געשטרעבט צו אַנטפּלעקן די גאַרע אויפֿפֿלאַמונג פֿון די גאולה־געדאַנקען ביי יידן. עס איז דערין געווען דער באַגער צוצוגעבן אַקטואַליטעט ווייטע געשיכטלעכע געשעענישן און אפֿשר אויך צו אַנטפּלעקן דעם אַקטועלן געשיכטלעכן קאָליר אין די שטרעבונגען וואָס זענען פֿאַרשפּרייט אין אונדזער דור. אויך ווינענדיק דאָ צווישן אונדז,

האָט ער ניט אויפֿגעהערט אַראָפּצולאָזן זיך אין די טיפֿענישן פֿון די מענטשן וואָס ווירקן אַרום אים (דער כּוח וואָס בויט) און האָט אויך פֿאַרטראַכט אַריַינצובליקן וויַיט אין די טיפֿענישן פֿון דורות ביז שאולן און ביז משהן... און כּל־זמן זיַין האַנט האָט געקאָנט האַלטן די פּען, האָט זיַין מוח ניט אויפֿגעהערט צו זען געשטאַלטן און שילדערן געשטאַלטן.

און נאָך עטלעכע ווערטער וועגן פּינסקיס ריַיזעביכער. אין יאָר 1937 איז פּינסקי געפֿאָרן קיין רוסלאַנד. באמת, מיר אַלע לעבן איבער דעם ייִדישן שטומען בראָך, וואָס אויף יענער זיַיט פֿאַרהאַנג. מיר אַלע זענען שטאָלץ אויף דער ייִדישער איבערגעגעבנקייט פֿון אַ סך אונדזערע ברידער דאָרטן און אויף דער מידה פֿון מסירת־נפֿש, וואָס האָט זיך אין זיי אַנטפּלעקט. און מיר אַלע זענען דערשיטערט פֿון דער פֿאַלשקייט און דעם ברידער־פֿאַרראַט וואָס איז זיך שטאַרק צעוואַקסן, און פֿון דעם אומגליק, וואָס ס׳זענען דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן די ייִדישע שריַיבערס, וועלכער האָט אונדז געטראָפֿן ווי אַ זעץ איבערן קאָפּ. מער ווי מיר ווייסן, שטויסן מיר זיך אָן, וויַיל דער וועג איז פֿאַרשפֿאַרט. ס׳איז אונדז אַ נס געשען וואָס מיר האָבן געהאַט אַ שליח־ציבור ווי פּינסקי, וועלכער האָט באַוויזן צו דערזען די צייכנס פֿון דעם אָנקום פֿון דעם אומגליק, איידער ער האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אַלעמענס אויגן. ער האָט דאָרט באַזוכט זיַינע קאָלעגן די שריַיבערס איידער זיי זענען אַוועק אויף יענער וועלט. און פֿאַרגעזאָגט אַז זייער ביטערער סוף איז באַענט. ווען מע לייענט היַינט די דאָזיקע רייד, דאַכט זיך אויס, אַז אַ געשיכטלעכע שפּירונג האָט אַרויסגערעדט פֿון דער קעל פֿונעם דאָזיקן שליח־ציבור.

איך קאָן עדות זאָגן ווי שטאַרק פּינסקי האָט באַגערט, אַז זיַינע ווערק זאָלן זיך אָנקליידן אין דער העברעיִשער שפּראַך. איך האָב צוגעזען זיַין גרויסע פֿרייד, ווען ס׳איז דערשינען זיַין בוך משבבר הימים אין דער איבערזעצונג פֿון אַברהם קריב, נאָך איידער שמשון מעלצער האָט איבערגעזעצט זיַינע ניַיע צוויי ביכער. אָט די ביידע זענען געווען געטריַיע אונטערפֿירערס צו ברענגען פּינסקיס שאַפֿונגען צום עולם העברעיִשע לייענערס.

לאָמיר שטאָלצירן דערמיט, וואָס פּינסקי האָט געלעבט מיט אונדז. שטאָלצירט דערמיט וואָס ער האָט געלעבט אין אייער שטאָט. לאָמיר זאָרגן דערפֿאַר, אַז זיַינע ווערק זאָלן לעבן צווישן אונדזערע לייענערס און זיַין ליכט זאָל אונדז באַליַיכטן.

# חיים גרינבערג

זי האָט אים באַזיגט, די קרענק. אַזוי ווי מיר האָבן זיך געשראָקן די גאַנצע זעקס חדשים. ערשט מיט זעקס חדשים צוריק איז זי אים באַפֿאַלן, עפּעס אַזוי פּלוצעם. קיינער האָט זיך אויף דעם ניט געריכט. זי האָט אַ שפּרונג געטאָן און אים אָרויסגעריסן פֿון אַלע זײַנע פֿאַראַנטוואָרטלעכע פֿונקציעס. און ערשט מיט זעקס חדשים צוריק האָבן מיר דאָך באַשלאָסן נאָך מער אויס־צוברייטערן די פֿונקציעס זײַנע. שטאַרק איז געוואַקסן דער צוטרוי צו זײַן פּערזענלעכקייט אין די ברייטקײַטן פֿון דער באַוועגונג. אין דער דערציִונגס־און קולטור־אַרבעט פֿון דעם אַלוועלטלעכן ציוניזם איז ער געווען אין די לעצטע יאָרן די נשמה פֿון דער גאַנצער טעטיקייט. אין דער ציוניסטישער אַנפֿירונג אין אַמעריקע האָט מען אים באַטראַכט ווי דאָס לעבעדיקע געוויסן. און פֿאַר דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע איז ער געווען איר כבוד, איר לערער, איר פֿאַראייניקער.

אין דער טעלעגראַפֿישער ידיעה פֿון ניו־יאָרק וואָס האָט אונדז אָנגע־זאָגט די ביטערע בשורה, אַז חיים איז שוין נישטאָ, איז געווען אַ פּרט, וואָס איז אונדז אין פֿלוג אויסגעקומען ניט גענוג פֿאַרשטענדלעך. אין דער טע־לעגראַמע איז געזאָגט געוואָרן, אַז אין דער צוואה האָט ער געבעטן ניט האַלטן קיין רעדעס בײַ זײַן לוויה, ער האָט אָנגעצייכנט די פּרקים פֿון תנ"ך וועלכע מען זאָל לייענען (תהילים קד, כג, מב, און איוב כח) און האָט צוגעגעבן, אַז ער וואָלט געוואָלט, מען זאָל אויך זינגען דאָס באַקאַנטע ליד פֿון לער־מאָנטאָוון „איינזאַם לאָז איך מיך אין וועג". מיר אַלע געדענקען דאָס ליד פֿון אונדזערע יוגנט־יאָרן. ניט איין מאָל האָט עס אונדז באַגלייט אין אונדזער אָוונט־שפּאַצירן. מיר האָבן ליב געהאַט זײַן אינהאַלט און זײַן מעלאָדיִע. אָבער „זעלבסטפֿאַרשטענדלעך" איז ניט געווען, אַז דווקא דאָס איז דאָס ליד, וואָס פֿאַרזיגלט חיימס לעבן.

איך האָב באַשלאָסן זיך מתייחד צו זײַן מיטן ליד. און כדי עס צו לייענען

און „אויסשעפּן" אין גאַנצן, האָב איך אויך געפּרוּווט צו זינגען עס פֿאַר זיך אויף ס'נײַ אין העברעיִש. אַמבעסטן לײַענט זיך אַ ליד ווען מען זעצט עס אַליין איבער. דאַן האָב איך דערפֿילט אין אַט דעם ליד לערמאַנטאָווס, די שטימונג, וועלכע מיר האָבן באַמערקט בײַ חיים גרינבערגן אַ סך יאָרן. דאָס איז די באַוווּנדערונג פֿאַר דער פּראַכט און שיינקייט פֿון דער וועלט. דאָס איז דאָס מתייחד זײַן זיך מיט איר נאַטור־שלימות און דאָס איז אויך די איינזאַמ־קייט אין דער שיינקייט. דאָס איז דער אומבאַגרענעצטער טרויער, וואָס נעמט אַרום דעם, וואָס איז אַרײַנגעטאָן אין אַט דער הויכער ספֿערע, און דאָס איז דאָס געפֿיל, וואָס דרינגט אַרויס טאָקע פֿון דער באַוווּנדערונג, אַז אויך דער טויט איז ניט דער סוף, אַז עס קומט אָן אַ שלאָף, וואָס איז ניט פֿאַרניכטונג, און אַז אויך דער לעצטער גאַנג וועט ניט זײַן קיין וועג, וואָס פֿירט אַוועק פֿון דער פּראַכט פֿונעם קיום, אויב אויפֿן קבר וועט גרינען אַ דעמב און אַ זיסער קול וועט זינגען וועגן ליבע. ווי דער ערשטער גאַנג אַזוי אויך דער לעצטער גאַנג. אַזאַ איז דער טרויער און אַזאַ איז די באַוווּנדערוג פֿונעם איינזאַמען אונטער די הימלען, וואָס דערציילן גאָטס וווּנדער.

יאָ, גרויס איז געווען די הערלעכקייט, די אויסגעשפּרייטע איבערן גאַנצן וועג, אויף וועלכן ער איז געגאַנגען. און גרויס איז געווען זײַן באַוווּנדערונג פֿאַר איר. און גרעסער פֿוןביידע איז געווען זײַן איינזאַמקייט אויף דעם דאָזיקן וועג. אָבער ניט נאָר טרויער איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער דאָזיקער איינזאַמקייט, נאָר אויך אַ שטריך פֿון נאָבלקייט און פֿון שטאָלץ פֿון דער פּערזענלעכקייט איז געווען געצייכנט אויף איר, פֿון אָנהייב וועג ביזן סוף.

ער האָט אָנגעהויבן ווי אַ וווּנדערקינד. ער איז אַלט געווען אַ יאָר זי־בעצן ווען ער איז דערשינען אַלס דעלעגאַט אויפֿן העלסינגפֿאָרסער צוזאַמענ־פֿאָר. ער איז געווען דער ייִנגסטער פֿון די דעלעגאַטן אויף יענעם היסטאָרישן צוזאַמענפֿאָר און זייער פֿרי איז באַקאַנט געוואָרן זײַן נאָמען אַלס ציוניסטי־שער רעדנער אין דער רוסישער ציוניסטישער באַוועגונג, איידער ס'איז נאָך אַנטשטאַנען די צעירי־ציון־באַוועגונג און אין די ערשטע יאָרן פֿון אַט דער יונגער באַוועגונג.

עס וועט נאָך אַ סך באַזונגען ווערן און עס וועט אַ סך דערציילט ווערן וועגן דער ווירקונג פֿון דעם גוטן רעפֿעראַט אין דער געשיכטע פֿון דער אַנטשטייונג פֿונעם ציוניסטישן דור. אין דער צײַט ווען עס האָט אָנגעהויבן

אונטערגיין די זון פֿונעם ציוניסטישן „מטיף" אין די ציוניסטישע שולן און אין די ציוניסטישע לייען־זאַלן, האָט אָנגעהויבן אויפֿגיין די זון פֿונעם „לעקטאָר". אַלע זוכענישן פֿון די וואַכזאַמע אין יענעם דור האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דער גוטער, קינסטלערישער, באַלערנדיקער, ברייט פֿאַרמאָסטענער ציוניסטישער רעדע, וועלכע האָט געבויט בריקן צווישן די זוכענישן פֿונעם מענטש אינעם דור און די בענקשאַפֿטן פֿונעם ייִד אין זײַן פֿאָלק. און די גאַנצע דורשט פֿונעם דור נאָך אַ קינסטלערישן אויסדרוק, לויטער אין אינהאַלט און אָנגענעם אין פֿאָרם, האָט געזוכט איר באַפֿרידיקונג אין אַ ציוניסטישער רעדע. צו דער לעקטאָרן־טריבונע וועלכע האָט געוואַנדערט פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון פֿאַרזאַמלונג צו פֿאַרזאַמלונג, איז געבראַכט געוואָרן דאָס בעסטע פֿונעם גערעטעניש פֿון גײַסטרײַכע דענקערס אין דער באַוועגונג און אַרום די דאָזיקע טריבונעס האָבן זיך אויפֿגעקלערט און קריסטאַליזירט, האָבן זיך פֿאַראייניקט און געשפּאָלטן אַלע דורשטיקע נאָכן אויסלייזונג־ווערק.

געוויס זענען אויך געווען אַ סך מינדערווערטיקע צווישן דער חבורה כוהנים פֿון דער ציוניסטישער טריבונע אין יענער צייט. ווער עס וועט וועלן געדענקען דווקא יענע, וועט אפֿשר געפֿינען גענוג מאַטעריאַל אָפּצושפּעטן און צו האָבן טענות, אָבער גערעכט וועט ער ניט זײַן, לחלוטין ניט. ווײַל עס איז אויך געווען אַ גײַסטיקע לאַבאָראַטאָריע הינטער די דאָזיקע דענקערישע קאַפּיטלען, וועלכע זענען געזאָגט געוואָרן בעל־פּה, אין רעדעס פֿאַר מאַסן, און אין וועלכע עס זענען אָנטוויקלט געוואָרן פֿונדאַמענטן, וואָס זענען געוואָרן די גרונט־שטיינער פֿאַרן געדאַנקענגאַנג פֿונעם דור. די גאַנצע ירושה פֿון באַראַכאָוון און זשאַבאָטינסקין און סירקינען און זשיטלאָווסקין זענען דאָך געווען אַזעלכע קאַפּיטלען פֿון תורה־שבעל־פּה, וועלכע זענען רעפֿערירט, דעפֿינירט, אַנאַליזירט און פֿאָרמולירט געוואָרן פֿאַר די צוהערערס פֿון אָט דער טריבונע וואָס פֿלעג וואַנדערן פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון פֿאַרזאַמלונג צו פֿאַרזאַמלונג. פֿון דער טריבונע זענען די ווערטער שפּעטער אַוועק אין דרוקמאַשין, אין חודש־זשורנאַלן, אין שריפֿט־זאַמלונגען פֿון דער באַוועגונג און זענען געוואָרן קאַפּיטלען פֿון דער תורה־שבכתב און דער יסוד פֿונעם גײַסטיקן פֿאַרמעגן.

און חיים גרינבערגס רעפֿעראַטן זענען געווען פֿון בעסטן פֿונעם בעסטן אין יענער גײַסטיקער שאַפֿונג, וועלכע האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אויף דער רעדנער־טריבונע פֿון רוסישן ציוניזם. אַ טריבונע־קינסטלער איז געווען

חיים גרינבערג. און מיט די וואַנדערונגען פֿון דער טריבונע איבער די פֿאַר־שידענע גלותן — אין די נײַע ערטער, וועלכע האָבן זיך אַזוי שנעל גע־טוישט אין אונדזער דור, האָט זיך אַנטוויקלט און פֿאַרצווײַגט די דאַזיקע קונסט זײַנע, זי האָט פֿאַרטיפֿט, געשמידט און דערצויגן. ווער עס שאַצט אָפּ די שאַפֿונג און די ווירקונג פֿון חיים גרינבערגן בלויז לויט זײַנע געשריבענע אַרבעטן נעמט ניט אין באַטראַכט אַפֿילו אַ העלפֿט פֿון אים, כאָטש אין די לעצטע יאָרן איז חיים גרינבערג געווען איינער פֿון די בעסטע עסייען־שאַפֿערס אין אונדזער ליטעראַטור. אָבער צום הויכפּונקט פֿון פֿולקאָמענהייט און השׂ־פּעה איז דערגאַנגען דער דאָזיקער עסיי, ווען ער האָט זיך נאָך געהערט אין זײַן ערשטן גילגול, ווען ער איז געזאָגט געוואָרן פֿאַר די דורשטיקע צו־הערערס פֿון זײַן וואָרט, איידער ער איז איינגעפּרעסט געוואָרן אינעם שריפֿט פֿון דער דרוקמאַשין. סײַ ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין ליטעראַרישע טעמעס און סײַ ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין די טעמעס, וואָס זענען געווען ברע־נענדיק אין דער וועלט פֿונעם ייִדנטום און אין די זוכענישן פֿונעם דור אין דער מענטשהייט. ניט אומזיסט איז פֿאַרבליבן דער רושם פֿון די ווערטער, זייער קלאַנג און זייער טעם, איינגעקריצט אינעם האַרץ פֿון אַ סך פֿון די בעסטע צוהערערס אין משך פֿון פֿיל יאָרן. איך האָב מיך געטראָפֿן שפּעטער מיט די דאָזיקע „חסידים", צעשפּרייטע אין ווײַטע גלות־לענדער, פֿון יענער זײַט גרויסע ימען, און זיי טראָגן אין זיך דעם רושם פֿון יענע רעפֿעראַטן, ווי עמעצער וואָס טראָגט אין זײַן האַרץ זײַנע בעסטע איבערלעבונגען. פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס געדענקען גוט זײַנע רוסישע רעפֿעראַטן אין מאָסקווע פֿאַר דער רעוואָלוציע, און אַזעלכע, וואָס דערמאָנען זײַנע ווערטער בשעת דעם שטאַרקסטן אויפֿבלי פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג און דער „תרבות"־באַוועגונג אין רוסלאַנד, צומאַרגנס נאָך דער רעוואָלוציע; אַנדערע חזרן איבער קאַפּיטלען פֿון זײַנע רעדעס אין ייִדיש און אין ענגליש, וואָס ער האָט געלערנט פֿון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער טריבונע, וועלכע האָט מיט אים געוואַנדערט איבער ימים און איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער שפּיץ פֿון די טריבונעס פֿון אַמעריקאַנער ציוניזם.

אין אַלע גלותן פֿון אונדזער באַוועגונג, זענען זיי צעשפּרייט די דאָזיקע געדענקערס און נאָכזאָגערס, די חסידים פֿון חיים גרינבערגס רעפֿעראַטן, אַלע זענען זיי אין דער באַוועגונג און אַלע זענען אַביסל אָפּגעזונדערט אי־נעווייניק, אין איר. אַלע זענען זיי אָבער געטרײַ דעם ווערק און אַלע זענען

צוגעשמידט צו דער וויזיע, און אַלע זענען אַביסל אָפּגעזײַטיקט, כמעט, ווי חיים גרינבערג זעלבסט.

דער ליבלינג פֿון דער באַוועגונג איז חיים גרינבערג געווען פֿון זײַן אָנהייב אָן. אַזאַ איז ער געווען סײַ אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און סײַ אינעם טייל פֿון צעירי־ציון אין רוסלאַנד. שפּעטער אויך אין דער פֿאַראייניקונג פֿון פּועלי־ציון־התאחדות אין אַמעריקע. אין די לעצטע יאָרן איז קיינער אין אַמעריקע ניט געווען אַזוי אָנגענומען און אַזוי פֿאַרערט דורך דער גאַנצער באַוועגונג אין אַלע אירע אָפּצווײַגונגען, ווי ער. און דאָך, האָט ווי עפּעס אַ נאָבעלע איינזאַמקייט געשוועבט איבער אים און זי האָט געשאַפֿן אַ מין דינע מחיצה צווישן אים און אַלע איבעריקע חברים. אויך ווען ער איז געגאַנגען צוזאַמען מיטן גאַנצן שטראָם, און אַפֿילו דאַן, ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז בײַם רודער גופֿא, איז דאָך געווען אַ געפֿיל, סײַ בײַ אים זעלבסט און סײַ בײַ אַ סך אַרום אים, ווי ער וואָלט זיך „איינזאַם געלאָזט אין וועג" — — —

מיט אַ פֿאַרוווּנדעטער נשמה האָט גרינבערג פֿאַרלאָזט רוסלאַנד. די אַנטוישונג אין „סאָציאַליסטישן משיחיזם" אין אונדזער צײַט וואָס ער אַליין האָט געזען, האָט געגעבן איר פּרוכט. דער לעצטער קאַמף אין וועלכן ער האָט זיך באַטייליקט מיט דער גאַנצער היץ פֿון זײַן נשמה איז געווען דער קאַמף פֿאַר העברעיִש אין סאָוויעטישן רוסלאַנד. ווי אַ פֿרײַנד צו אַ פֿרײַנד האָט ער גערעדט מיט די הערשערס און מיט זײַן אויפֿגעשטורעמטער נשמה האָט ער געפּרוּווט פֿאָדערן ניט צו באַוועלן די העברעיִשע שפּראַך אין נײַעם רוסלאַנד. דער דאָזיקער קאַמף האָט זיך אין יענער צײַט געפֿירט אַרום דער „הבימה", עס זאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן איר ליכט אין מאָסקווע. ער האָט עס צוזאַמענגעשטעלט דעם באַקאַנטן מעמאָראַנדום פֿאַר דער „הבימה" און ער איז דאָס דער, וואָס האָט צוזאַמען מיט זײַנע פֿרײַנד דעראָרבערט דאָס האַרץ פֿון מאַקסים גאָרקי, פֿון לונאַטשאַרסקין און פֿון וויאַטשעסלאַוו איוואַנאָוון, זיי זאָלן אונטערשרײַבן דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום. און אויך ווען ער האָט פֿאַרלאָזט רוסלאַנד, אַנטוישט און פֿאַרלוירן, האָט ער זיך נאָך ניט אין גאַנצן אָפּגעזאָגט פֿון אָט דער האָפֿענונג און האָט נאָך געפּרוּווט מאָבילי־זירן דערצו די הילף פֿון ראָמען ראָלאַן און ער האָט אויך געוואָלט פּרוּוון ווירקן אויף אַנאַטאָל פֿראַנסן. ביז עס איז געוואָרן באַשײַמפּערלעך קלאָר, אַז אַלע טויערן זענען פֿאַרשלאָסן.

אָבער קיין מאָל האָט ער זיך ניט פֿאַרוואַנדלט אין אַ פּרוכטלאָזן עמי־גראַנט. פֿאַרקערט, דווקא אין נײַעם לאַנד האָט ער אויסגעשפּרייט זײַנע פֿליגל; אויף דער צווייטער זײַט אָקעאַן, צווישן דעם גרויסן אַמעריקאַנער ייִדנטום, וואָס אויף אים איז געפֿאַלן דער גורל זיך צו צעוואַקסן און פֿאַרנעמען אין אונדזער געשיכטע עפּעס פֿון יענעם אָרט, וועלכן עס האָט פֿאַר אים פֿאַרנומען דאָס רוסישע ייִדנטום, וואָס איז פֿאַרשוווּנדן. דאָרט איז געשטיגן און געוואַקסן חיים גרינבערג אין צווייטן טייל פֿון זײַן לעבן און דערגרייכט דאָרט דעם הויכפּונקט פֿון זײַן בליִונג — פּאַרטייִש, ליטעראַריש, פּאָליטיש און פּערזענלעך.

אונדזער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע האָט ניט געקענט אַ צווייטן אַזאַ אויסגעהאַלטענעם און פּרוכטבאַרן ליטעראַרישן בויער, ווי ער איז געווען.

אַט איצט דאַרף דערשײַנען אין ניו־יאָרק דער טויזנטסטער נומער פֿון „אידישער קעמפּפֿער", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אונטער דער רעדאַקציע פֿון חיים גרינבערג. טויזנט נומערן אין משך פֿון טויזנט וואָכן, כמעט אָן איבעררײַס! און רעדאַגירט שטענדיק אין אַ ריינעם גײַסט און מיט אַ גוטן געשמאַק און מיט אַ סך פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט לגבי דעם געדרוקטן וואָרט און מיט פּעדאַנטישער פּאַרזיכטיקייט לגבי דעם כבוד פֿון שרײַבער און לייענער. רעדאַגירן מיט אַזאַ פּעדאַנטישקייט אַ פּאַרטיי־צײַטונג אין אונדזער דור — איז גאָרניט קיין קלייניקייט. ער האָט טאַקע קאָנצענטרירט, מיט אַ סך אויסקלײַבערישקייט, זײַנע מיטאַרבעטער, וועלכע האָבן געמאַכט די דאָזיקע אַרבעט.

און אָט ווערט אַכצן יאָר זינט עס האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען דער „דזשוויִש פֿראָנטיער", אויך אונטער זײַן רעדאַקציע. דאָ איז דער באָדן בכלל ניט געווען צוגעגרייט. איך געדענק נאָך גוט דעם מאָמענט, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן אין אַמעריקע די „ליגע פֿאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישׂראל" און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן גלײַכצײַטיק מיט דער ליגע צו שאַפֿן אויך אַן אָרגאַן פֿון אונדזער באַוועגונג אין דער ענגלישער שפּראַך. ווי שטאַרק זענען געווען די קווענקלענישן פֿון אַלע זײַטן. עס איז דערפֿאַר ניט געווען ניט קיין אינערלעכע אַטמאָספֿער און ניט קיין טראַדיציע פֿון דרויסן. צווישן די אַלטע געטרײַע חברים פֿון דער באַוועגונג זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געקוקט מיט אַ קרום אויג אויף דער ענגלישער שפּראַך, וועלכע האָט פּרעטענדירט

אַרײַנצורײַסן זיך אין דער באַוועגונג. און צווישן די ענגליש רעדנדיקע זענען נאָך ניט אַנטפּלעקט געוואָרן קיין שום צייכנס פֿון דערפֿאָלגרײַכער און ממשותדיקער שאַפֿונג. און די גײַסטיקע פּאַראַרעמונג האָט ניט צוגעגעבן קיין מוט. וויפֿל כוח און גלויבן און וויפֿל געדולד און שאַפֿונגס־כוח האָט זיך געפֿאָדערט שפּעטער כדי אויפֿצוהאַלטן זײַן עקזיסטענץ און מיטצווירקן צו זײַן פֿונאַנדערבוי אין פֿאַרלויף פֿון אַכצן יאָר אָן איבעררײַס. ווער האָט זיך געקענט פֿאָרשטעלן, אַז דער דאָזיקער גײַסט־מענטש, דער מענטש פֿון שטי־מונגען, באַקאַנט צווישן זײַנע פֿרײַנד אַלס מענטש פֿון דער ליטעראַרישער באָהעמיע, וועט אויף זיך נעמען דעם עול פֿון די דאָזיקע צוויי זשורנאַלן און וועט אים טראָגן אָן איבעררײַס מיט אַזאַ אויסדויער, מיט אַזאַ חברישער, איידעלער און זעלטענער געדולד — — — לעבנס־אויפֿטוען פֿון דער גאַנצער באַוועגונג.

און אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן האָט ער געוואָגט — און אויך די באַוועגונג האָט געוואָגט — אַרויפֿלייגן אויף אים אַן עול פֿון ממשות־דיקער פּאָליטישער אַרבעט. געשען איז דאָס אין טעג פֿון פּאָליטישער אַנט־שיידונג; די טעג פֿון דער לייק־סאַקסעס־קאָנפֿערענץ. און די זאַך גופֿא, וועלכע איז אויף אים אַרויפֿגעלייגט געוואָרן איז געווען קאָמפּליצירט און פֿול מיט אחריות. עס איז אויף אים אַרויפֿגעלייגט געוואָרן די אַרבעט פֿון געפֿינען אַ צוגאַנג צו די פֿאָרשטייערס פֿון די דרום־אַמעריקאַנישע לענדער. און יעדער שטים האָט דעמאָלט געקענט ענדערן דעם גורל. און ער איז שוין דאַן געווען זייער מיד און שוין ניט יונג, און זײַן געזונט איז שוין זיכער געווען אָנגע־רירט פֿון דער בייזער קרענק, וואָס האָט אים באַזיגט. ווי האָט ער זיך דאַן אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט! ער האָט פֿאַרוואַנדלט די נעכט אין טעג, ער האָט אויסגענוצט זײַן שאַרפֿן שכל און דעם אוצר פֿון זײַן קולטור־וויסן און — ווי האָט ער געוווּסט אָפּצושאַצן יעדע זאַך און דערנענטערן צו זיך און געבן אַ ריכטונג און אויפֿקלערן, אָפּוואַרפֿן ספֿיקות און אײַננעמען הערצער! פּראַקטישע מענטשן האָבן ניט געגלייבט, אַז אויך אַן אידעען־מענטש קען אַזוי פֿיל טאָן און נאָך מיט אַזאַ דערפֿאָלג.

און פֿון זינט איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט זיך צוצוקוקן פֿון דער נאָענט צו דעם געבענטשטן קאַפּיטל פֿון זײַן טעטיקייט אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, אין די ענינים פֿון דער עקזעקוטיווע אין אַמעריקע, און ספּעצ־יעל אין די ענינים פֿון דער דערציִונג־ און בילדונג־אָפּטיילונג, וועלכע ער

האָט אָנגעפּירט, האָב איך אָנגעהויבן שטאַרק באַוווּנדערן זײַן וואַגיקייט, זײַן פאַרזיכטיקייט און זײַן אַרבעט־כּוח. אומצייליקע מאָל האָט ער געפּאָרשט און געמאָסטן ביז ער האָט פאַר זיך באַשטימט דעם אופן פון זײַן נײַער טעטיקייט אויף דעם דאָזיקן ניט־אויסגעטראָטענעם וועג אין דער אַלוועלט־לעכער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט נאָר וואָס אויסגעשפּרייט די נעץ, זי אויסגעפּאָרשט און קלאָר געמאַכט און אַקערשט האָט ער געזאָלט אָנהייבן די ריכטיקע אַרבעט, איז אים באַפאַלן די שרעקלעכע קרענק מיט איר גאַנצער גרויזאַמקייט, די, וועלכע האָט אים אין גאַנצן באַהערשט און שוין מער ניט אָפּגעטראָטן פון אים. אומזיסט האָט ער געצאַפּלט צווישן אירע נעגל די גאַנצע זעקס חדשים, מיט שטאַרקער גבורה האָט ער זיך מיט איר געראַנגלט און ניט אָפּגעטראָטן פון דער אַרבעט. ער האָט באַהאַנדלט יעדע זאַך, געגעבן עצות, אָנגענומען באַשלוסן, ביז זײַנע לעצטע טעג.

***

מ׳קען זיך ניט געזעגענען מיט דער געשטאַלט פון חיים גרינבערג, ניט דערמאָנענדיק נאָך עפּעס: חיים גרינבערג האָט געהאַט אַן אייגנאַרטיקע באַציִונג — אייגנאַרטיק צווישן די אים נאָענטע מענטשן פון זײַן דור — צום גאַנצן ענין טויט. איך וואָג ניט דעפינירן די דאָזיקע פאַרהעלטעניש זײַנע מער, ווי ער אַליין האָט עס דעפינירט. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז מען קען זאָגן, אַז גרינבערג האָט אָפּגעלייקנט די אָנגענומענע זיכערקייט, אַז דער טויט איז נאָר אַן אַבסאָלוטע פאַרניכטונג. און מיט דער דאָזיקער דערקענטעניש פון לעבנס־בענקשאַפטן נאָכן אײַנשלאָפן איז ער אַוועק פון לעבן — — —

איך געדענק זײַן ווונדערלעכן עסיי, וועלכן ער האָט אָנגערופן „אויפן שוועל פון דעם געהיימעניש".

עס איז אַ געשיכטע פון אַ געשפּראַך וואָס איז פאָרגעקומען צווישן חיים גרינבערגן און אַן אַנדער חיים, וועלכער געפינט זיך שוין אויך ניט צווישן די לעבעדיקע, און וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען פאַרמשפּט זיך צו געזעגענען מיטן לעבן. חיים גרינבערג האָט געהאַט אַ פרײַנד און זײַן נאָמען איז געווען חיים א. פרידלאַנד. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַ סך אַקטיוויטעט און מיט אַ סך וויסן און אַ דיכטער. און עס איז אים באַפאַלן אַ בייזע קרענק. די זעלבע קרענק. און ער איז דאַן געווען אין דער בליִונג־צײַט פון זײַן לעבן און אויפן העכסטן פּונקט פון זײַן דערפאָלגרײַכער טעטיקייט. דער דאָקטער האָט אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט זיך אײַנשטעלן און לאָזן

זיך אָפּערירן, איז פֿאַראַן אַ האָפֿענונג, אַז ער וועט ראַטעווען נאָך אַ יאָר פֿון זײַן לעבן. ער האָט זיך אײַנגעשטעלט און איז אָפּערירט געוואָרן. און ער האָט פֿאַרלאָזט זײַן גאַנצע אַרבעט און געשריבן צענדליקער נײַע סאָנעטן און רעדאַגירט די אַלע סאָנעטן און צוגעגרייט צום דרוק אַ בוך לידער און אַ בוך דערציילונגען, און ער האָט אַליין איבערגעקוקט די גאַנצע קאָרעקטור ביז דער לעצטער שורה — און ער איז געשטאָרבן. אין דעם אָפּגעראַטעוועטן יאָר האָט אים באַזוכט חיים גרינבערג. און דער ווּנדערלעכער שמועס צווישן דעם קראַנקן חיים און דעם „געזונטן" חיים האָט זיך געפֿירט וועגן דעם לעבן גופֿא, און וועגן דעם אָרט פֿון טויט אין לעבן. דעמאָלט האָט נאָך דער לייענער ניט געוווּסט, אַז אָט דער שמועס האָט זיך געפֿירט צווישן צוויי פֿאַרמשפּטע. אָבער שוין דעמאָלט האָט דער לייענער געפֿילט, אַז פֿאַר ביידע האָט זיך אויף אַ פֿאַרבאָרגענעם אופֿן אַנטפּלעקט דער ווּנדער־סוד פֿון זי־כערקייט בײַצוקומען די פֿאַרניכטונג, וואָס ליגט אינעם טויט. און פֿון דער דערהויבענער שאַפֿונג פֿון אייגעם, וואָס איז געשטאַנען אויף דער שוועל פֿון דער סכנה און פֿון דער ווּנדערלעכער האָפֿענונג פֿון צווייטן, וואָס האָט איבערגעשריטן די פֿאַרצווייפֿלונג, האָט זיך דורכגעבראָכן און אויפֿגעגאַנגען דער דאָזיקער אויסגעבענקטער ליכטשטראַל, וואָס געפֿינט זיך איבערן „קאַלטן שלאָף פֿון קברים".

לערמאָנטאָוו האָט אויסגעדריקט אָט דעם סוד אין געשטאַלט פֿון אַ שווערן, געדיכט צעצווײַגטן דעמב, וואָס גרינט אייביק איבערן קבר, באַוועגט זיך און שטורעמט אויף; און בײַ אונדז האָט עס דערזען רחל אין איר ליד „תמורה" אין געשטאַלט פֿון „צענער־טויזנטער קערנדלעך פֿרוכטבאַרע ערד... וואָס רײַסן זיך פֿריילעכע צום אַרויף".

איז דאָך דאָס די זעלבע גאַרונג צו דעם וואָס קדמונים האָבן אָנגערופֿן מיט דער שפּראַך פֿון דורות: השארת הנפֿש.

מיטן געפֿיל פֿון דעם דאָזיקן סוד איז אַרומגעגאַנגען חיים גרינבערג אינעם לעבן און מיט אים איז ער איצט אַוועק פֿונעם לעבן.

***

אַ יובל אַ גאַנצן האָט חיים גרינבערג פֿאַרשפּרייט זײַן שאַפֿונג אין דער ליטעראַטור. אַלע הויפּט־שפּראַכן אין וועלכע עס רעדן ייִדן פֿון אונדזער דור, האָט ער קינסטלעריש באַהערשט. זײַן ליטעראַרישער עסיי געהערט צו די אויסגעצייכנטסטע אין אונדזער ליטעראַטור פֿון דער צײַט און זײַן פּובלי־

ציסטישע פּאָלעמיק איז איינע פֿון די ריינסטע, ווירדיקסטע און איבערצייגנ־דיקסטע אין אונדזער פּאָלעמישער ליטעראַטור. זיינע דענקערישע אָפּהאַנד־לונגען זענען סטיליסטיש געשליפֿענע. ער האָט זיך שטענדיק געפֿונען לעבן דער דרוקמאַשין און דאָך איז ליטעראַרישע שאַפֿונג פֿאַרשפּרייט איבער זיבן ימען. דער ערשטער באַנד פֿון זיינע עסייען אין ייִדיש איז דערשינען אין די לעצטע טעג פֿון זיין לעבן, און ס׳איז אַ גרויסער ספֿק צי ער האָט נאָך באַוויזן אַליין צו געניסן פֿון זיין שײַן.

חיים גרינבערג איז געווען דער ריטער פֿון העברעיִש זיין גאַנץ גייסטיק לעבן. ער האָט געקעמפֿט פֿאַרן כבוד פֿון העברעיִש בשעת דער שפּראַכן־פּאָלעמיק אין דער באַוועגונג. און ער האָט געקעמפֿט פֿאַר די רעכט פֿון דער העברעיִשער שפּראַך קעגן די קעגנערס פֿון דרויסן. און ער האָט קאָנצענט־רירט זיין גאַנצע קראַפֿט צו פֿאַרשפּרייטן די העברעיִשע שפּראַך בשעת ער האָט זיך געפֿונען אויפֿן הויכפּונקט פֿון זיין געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט. און ער גופֿא האָט באַהערשט די גרונט־אוצרות פֿון דער העברעיִשער שפּראַך און אָפּגעהיט איר ריינקייט און הערלעכקייט, און פֿון דעסט וועגן איז אין דער ביכער־שאַנק אונדזערער אַפֿילו נישטאָ ביז איצט קיין איין העברעיִש בוך זיינס.*.

און ער איז געווען איבערגעגעבן ארץ־ישׂראל און דער ארץ־ישׂראל־דיקער אַרבעטער־באַוועגונג אין פֿאַרלויף פֿון זיינע בעסטע יאָרן. דער גייס־טיקער קאַמף פֿאַר ארץ־ישׂראל און פֿאַר דעם חלוצישן ציוניזם איז געווען דער אינהאַלט פֿון זיין גאַנצן קאַמף אין לעבן. און ווי דער לעגענדאַרער קעניגלעכער פּאַזש, האָט ער זיין גאַנץ לעבן געטראָגן דעם קליידערשלעפּ פֿון זיין געליבטער מלכה און זיך צו איר דערנענטערט. ווייט פֿון ישׂראל האָט ער געפֿירט זיין קאַמף און זיין טויטן גוף האָבן די חברים באַגראָבן אויף פֿרעמדער ערד.

ער האָט זוכה געווען צו זיין דער ערשטער אין דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג אויף וועלכן עס איז — נאָך אַ לאַנגן איבעררייס — אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אָנצופֿירן די דערציִונג־ און בילדונגס־טעטיקייט אין די ייִדישע תּפֿוצות. זינט דעם אַנטשטיין פֿונעם ציוניזם האָבן זיינע בעסטע

* נאָך זיין טויט איז דערשינען זיין בוך „עין רואי״ אַרויסגעגעבן דורך הספֿריה הציונית און מוסד ביאַליק.

מענטשן געוווּסט אַז די זאָרג פֿאַר ייִדישער דערציִונג אין די גלותן דאַרף זײַן די הויפּט־זאָרג. מ׳האָט עס געוווּסט אין דער באַוועגונג נאָך איידער מ׳האָט געוווּסט וועגן דער נויטיקייט פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אַרבעט. זינט דעם רעפֿעראַט פֿון ערנפּרײַזן אויפֿן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט מען ניט אויפֿגעהערט דאָס צו פּראָקלאַמירן אָבער אין משך פֿון אַ סך יאָרן איז מען ווײַטער ווי דאָס פּראָקלאַמירן ניט געגאַנגען. ניט אין די יוגנט־יאָרן פֿונעם ציוניסטישן חלום און ניט אין די רײַפֿע יאָרן פֿון זײַן גרויסער פּאָליטישער און התישבות־טעטיקייט. און אויף דער שוועל פֿון דעם אַנט־שטיין פֿון דער מדינה, ווען די באַוועגונג האָט פֿעסט באַשלאָסן זיך אָפּצו־געבן דער דאָזיקער אַרבעט, האָט חיים גרינבערג זוכה געווען צו זײַן דער ערשטער צו ווענען עס האָבן זיך געווענדט די אויגן פֿון דער באַוועגונג, כדי אויף אים אַרויפֿצולייגן דעם עול.

אָבער דאַן זענען שוין די הויפּט־תּפֿוצות געווען צעשטערט און דאָס גרויסע ציוניסטישע „תּרבות״־ווערק צעבראָכן, און זײַנע רעשטלעך זענען געווען צעשפּרייט איבער ווײַטע און נײַע אינדזלען און די נײַע אָנהייבן זענען געווען זייער שווערע.

עס וועט נאָך אויסגעפֿאָרשט און דערציילט ווערן ווי אַזוי חיים גרינ־בערג האָט אָנגעהויבן וואַרפֿן די נעץ אויף די צעשפּרייטע אינדזלען, ווי אַזוי ער האָט געפּרוּווט צוזאַמענצוקלײַבן די אַקטיווע כוחות און ווי אַזוי ער האָט פּלאַנירט און אָנגעהויבן וועבן די טאַטן.

ביז ס׳איז אים באַפֿאַלן די בייזע קרענק און אים אַרויסגעריסן פֿון אַלע זײַנע אָנהייבן.

אַן איידעלע שיינקייט איז געווען אויסגעשפּרייט אויף זײַן רײַכן לעבנס־וועג. די חכמה פֿון איינזאַמקייט האָט זיך פֿון אים קיין מאָל ניט אָפּגעטאָן און דער סוד פֿון טרויער האָט אים תּמיד באַגלייט.

וועלן מיר פֿאַרמאָגן די קראַפֿט און די דויערהאַפֿטיקייט אויפֿצוהאַלטן דעם טײַערן השארת־הנפֿש זײַנעם צווישן אונדז?

# י. י. שוואַרץ — דער עלטסטער פֿון די „יונגע"

די מיזרח־וואַנט פֿון דער ייִדישער דיכטונג אין אַמעריקע איז פּלוצעם געוואָרן ליידיקער. ס'איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ליכט פֿונעם עלטסטן פֿון די „יונגע", און דעם ייִנגסטן צווישן זיי אַלעמען. ס'איז פֿאַרשטומט געוואָרן דער משורר י. י. שוואַרץ. דער משורר אַלע מאָל, סײַ בשעת ער האָט געשריבן זײַנע אייגענע לידער, סײַ בשעת ער האָט איבערגעזעצט „פֿרעמדע", סײַ בשעת ער איז געזעסן אין זײַן ענגן קרײַז, סײַ בשעת ער איז אַרומגעפֿאָרן פֿון קרײַז צו קרײַז איבער דער גרויסער און פֿאַרוואָרפֿענער ייִדישער צעשפּרייטונג פֿון אַמעריקע. אומעטום איז זײַן דיכטערישע שטימונג מיטגעפֿאָרן מיט אים און ער האָט געבראַכט היימישקייט און יום־טובדיקייט אין די קעלטסטע ווינקעלעך, וווהין דאָס ייִדישע וואָרט האָט אים דערטראָגן. „פֿרעמדע" האָט ער בעצם קיין מאָל ניט איבערגעזעצט. פֿריִער האָט די דיכטונג אים באַגײַסטערט און זי איז געוואָרן זײַן אייגענע. ערשט דערנאָך האָט ער גענאָסן די גאַנצע רײַכקייט אירע, ווען ער האָט זי פֿון דאָס נײַ אַרויסגעשטראַלט פֿון זיך אין זײַן אייגן לשון. און ערשט רעכט נאָך דעם, ווען ס'האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אַרום אים באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע חברים און ער האָט די לידער פֿאַר זיי פֿאַרגעלייענט מיט זײַן האַרציקער שטים, ערשט דענסטמאָל האָט די דיכטונג באַקומען איר תּיקון און דער פֿאַרפֿרעמדטער קרײַז איז געוואָרן פֿאַרייִדישט.

דרײַ גרויסע לײַדנשאַפֿטן האָבן אים באַגלייט אין זײַן לאַנגער איבער־דיכטונג־ליטעראַרישער אַרבעט: די ליבע צום דיכטער ו ו ע מ ע נ ס ווערק ער האָט איבערגעזונגען אויף זײַן שטייגער; די ניט קלענערע ליבע צום לייענער־עולם פֿ אַ ר ו ו ע מ ע ן ער האָט דאָס ווערק איבערגעזונגען; און די שפּילערישע פֿאַרליבטקייט אין דער עצם איבערזעצונג־קונסט. ווער פֿון אײַך געדענקט ניט דעם טעם פֿונעם פּסוק פֿון שיר השירים אין די חדר־יאָרן, ווי דער רבי האָט אים אַרײַנגעטײַטשט: לריח שמניך טובים שמן תורק שמך.

אַזוי ווי דער גוטער בוימל, אַז מען גיסט אים אַריבער פֿון איין כּלי אין דער אַנדערער, הערט זיך דאָך זײַן אײַנגענעמער ריח זייער ווײַט, אַזוי זײַן דופּ־טיקער נאָמען — האָט טאַקע דער ריח ניחוח פֿאַרכּישופֿט אי אים, אי זײַן הערערקרײַז, וואָס איז דורך דעם אַליין געוואָרן אַ היימיש רינגעלע אין אַן אומגעזעענער קייט פֿון ייִדישער שעפֿערישקייט. און דעריבער האָט ער בעצם געוואָלט צוטראָגן צום ייִדישן פֿאָלקס־לייענער אַלצדינג וואָס איז אים טײַער געווען אין דער ייִדישער ירושה. אַ מערכה וואָס זײַן באַליבטער פֿרײַנד יהואָש האָט שוין דעם תּנך איבערגעזעצט פֿאַר אים, ווען ניט וואָלט זיך זײַן גײַסט געריסן איבערצוזינגען אי די נביאים, אי דעם תהלים. אָבער חוץ תּנך ברומען נאָך פֿון האַרץ אַרויס אי מיטל־עלטערלעכע פּייטנים, אי שטיקער אַגדה, אי די נײַע העברעיִשע דיכטונג, און קודם־כּל ועל כּולם — זײַן פֿאַר־געטערטער חיים־נחמן ביאַליק. און זײַן ייִדישער עולם אין די צעשפּרייטע צווײַגן פֿון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד און אַרבעטער־רינג און אין די קלובן פֿון פּועלי־ציון און פּיאָנירן־פֿרויען־אָרגאַניזאַציעס איז נעבעך אָרעם און בענקט נאָך אַן עכט ייִדישער דיכטערישער אַנטפּלעקונג — און ס'איז ניטאָ. האָט ער אויף זיך אָנגעלאָדן די דיכטערישע ירושה, פֿאַרזיגלט זי מיט זײַן אייגענער נשמה און ווי דער פֿאַרצײַטיקער משולח ניט מיד געוואָרן צו טראָגן זי פֿון ייִשוב צו ייִשוב און דורך דעם געהאָלפֿן צו בילדן ייִדישע גײַס־טיקע ייִשובים מיטן כּוח פֿון זײַן איבערזינגען דאָס בעסטע און לירישסטע וואָס איז אויפֿגעהיט געוואָרן אין די היימישע אוצרות פֿון דער נײַער און דער אַלטער העברעיִשער ליטעראַטור.

איין מאָל האָב איך געהאָט דעם זכות צו זײַן אַ לעבעדיקער עדות און טאַקע אַ שטיקל שותּף צו זײַן איבערזעצערישן דראַנג. געווען איז דאָס אין יאָר 1936, ווען עס זענען אויסגעבראָכן אין ארץ־ישׂראל די בלוטיקע אומרוען וואָס מיר האָבן גערופֿן מאורעות תּרצ"ו. די ייִדישע פּרעסע אין אַמעריקע איז פֿול געווען מיט ידיעות וועגן קרבנות און שׂריפֿות. אָבער אין ארץ־ישׂראל איז אויך באַלד געשאַפֿן געוואָרן אַ דיכטערישער אָפּקלאַנג פֿון אָט די איבערלע־בונגען. געטרײַ צו זײַן שטענדיקער שליחות, איז י. י. שוואַרץ געקומען צום נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד און פֿאַרגעשלאָגן תּיכּף אַרויסצוגעבן אויף ייִדיש אַן אָפּקלײַב פֿון די בעסטע לידער וואָס זענען אין לאַנד געשאַפֿן געוואָרן אין יענע אויפֿרירנדיקע טעג. ער אַליין האָט גענומען אויף זיך די הויפּטאַרבעט און כּדי די זאַמלונג זאָל אַרויס גיך האָט ער אונטער זײַן רע־

דאַקציע צונויפגענומען אַ גרופּע פריַינד וואָס זאָלן אים העלפן די לידער צו געפינען און איבערצוזעצן. געדענק איך ווי אויף מײַן חלק איז אויסגע־פאַלן איבערצוזעצן דאָס ליד „דער יידישער שאַפער" פון דוד שמעונוביץ („פאַר און פיר, דו יידישער שאַפער"), „ברענענדיקע ביימער" פון משה טאַבענקין און אַ ליד פון שאול טשערניכאָווסקי: און ער אַליין האָט ווי פאַר־שיכורט געלייענט און איבערגעזונגען די קאַמף־ און טרויער־לידער וואָס האָבן דעמאָלט אָנגעפילט די ליטעראַרישע בײַלאַגעס פון דער ארץ־ישראל־דיקער פּרעסע; און נאָך אײדער עס איז אַרויס אין ארץ־ישראל דאָס גרויסע בוך **מאורעות תרצ"ו**, רעדאַגירט און צונויפגעשטעלט פון ברכה חבס ע"ה, איז שוין אַרויס אין אַמעריקע און אַרומגעגאַנגען פון האַנט־צו־האַנט זײַן לידערבוך—**די ארץ־ישראל־געשעענישן פון 1936**. אַזוי האָב איך אים געזען ווי ער האָט גובר געווען און באַשיידט די אַלטע הערא־ישע טראַגיק פונעם יידישן דיכטער אין גלות: לבי במיזרח ואני בסוף מערב.

ס'איז געווען אַ נחת־רוח צו טראַכטן וועגן מײַן פריַינד י. י. שוואַרץ ווי וועגן דעם ייִנגערן ברודער פון מײַן ניט קלענערן פריַינד אַ. ש. שוואַרץ. ביידע זענען זיי געווען זין פון אַ מתנגדישן רב פון פּעטראַשון, אַ תלמיד־חבר פונעם גרויסן רב פון דער שכנישער קאָוונע, בשעתו דער גרעסטער רבנישער אויטאָריטעט פונעם רוסישן יידנטום — ר' יצחק־אלחנן ספּעקטאָר זצ"ל, ביידע דיכטערישע פּערזענלעכקייטן. ביידע האָבן געטרײַ געטראָגן די לויכטנדיקע משא פון פּעטראַשונער ירושה און ניט אויפגעהערט צו דינען איר בלב ונפש. ביידע האָבן זיך איבערגעאַנדערשט אינעם קאָכיקן קעסל פון אַמעריקע און דאָך זענען ביידע געבליבן ניט־פאַרענדערט. און דער גרויסער חילוק צווישן די צוויי לײַבלעכע ברידער־יורשים איז באַשטאַנען אויך אין דעם מרחק פון צײַט וואָס איז געלעגן צווישן ביידנס אָנקומען אין אַמעריקע. טאָקע סך־הכל אַן אונטערשייד פון עטלעכע יאָר, אָבער די עטלעכע יאָר זענען געווען גורל־יאָרן פאַר דער גאַנצער היימישער ספּערע. דער עלטערער, ד"ר אברהם־שמואל שוואַרץ, איז אַוועקגעפאָרן פון ליטע **פאַר** דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און דער ייִנגערער — י. י. שוואַרץ, איז געקומען אין אַמעריקע שוין **נאָך** איר, און האָט נאָך אַפילו אַרײַנגעכאַפּט אָפּצוטובלען זיך אין ווילנע, אין די רענעסאַנס־יאָרן פון מאָדערנעם יידיש. איז דער עלטערער כל־ימיו געווען אין אַמעריקע דער העברעישער דיכטער ביז ער איז געוואָרן

דער זקן המשורים בארה״ב און דער יינגערער, י. י. איז באַלד אַרײַנגעצויגן געוואָרן אינעם קרײַז פֿון די „יונגע״ און איז איצט אַוועק פֿון דער וועלט ווי דער נעסטאָר פֿון די ייִדיש־דיכטערס אין אַמעריקע.

דרײַ אויסטערלישע מתּנות האָט דער דיכטער י. י. שוואַרץ צוגעטראָגן דעם אַמעריקאַנער ייִדנטום: די אומדערמידלעכע איבערזעצונג־שפּע פֿון העברעיִשער פּאָעזיע אין ייִדיש; דעם גרויסן עפּאָס קענטאַקי און זײַן לעצטע מתּנה — די לירישע פּאָעמע יונגע יאָרן.

זײַן איבערזעצונג־שפּע האָט אַ שפּריץ געטאָן איבער די עצמות היבשות פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום מיט מאַרך און גײַסט פֿון דער ייִדישער אייביקייט; און קענטאַקי האָט אויפֿגעהויבן דעם שלייער איבער דעם אייגנעם אויפֿקומוועג פֿונעם ערשטן עלנטן ליטווישן ייִדישן עמיגראַנט ביז ס׳איז געוואָרן דער רײַכסטער ייִדישער מיליאָנען־צענטער פֿון דער ייִדישער אַסי־מילירטער צעשפּרייטונג. אָט די פּאָעמע קענטאַקי וועלן נאָך די צפֿון־ און דרום־אַמעריקאַנער ייִדן איבערגיסן אין זייערע שפּראַכן, און וועלן פֿון איר לערנען זייער אייגענעם אײַנגלידערונג־וועג אין דער פֿרעמדער וועלט, וואָס עס האָבן ניט געקענט ניט זייערע עלטערן און ניט זייערע עלטערנס עלטערן, און וועלן נאָך אויסטײַטשן און אַרײַנטײַטשן אַלע געהיימע טעמים פֿון ייִדישן פֿאַרפֿרעמדט ווערן און געטרײַ בלײַבן. ניט אומזיסט דערציילט ביאַליק, אַז ער האָט זיך ניט געקענט אָפּרײַסן פֿון דעם ספֿר ביז ער האָט אים פֿאַרשלונגען ביזן סוף. און ניט אומזיסט האָט בערל קאַצנעלסאָן אַנגעזאָגט דאָס דערשײַנען פֿונעם ספֿר אויף עברית בײַם אָנהייב פֿון זײַן רעדאַגירן די אויסגאַבעס פֿון עם־עובד. אָבער בערל האָט גוט געוווּסט אַז דער בעסטער איבערזעצער פֿאַר י. י. שוואַרץ וועט זײַן י. י. שוואַרץ אַליין. האָט ער געאַסרט אַרויסצוגעבן קענטאַקי אין אַן אַנדערנס איבערזעצונג. און י. י. שוואַרץ איז אים שפּעטער דאַנקבאַר געווען כּל־ימיו וואָס ער האָט אים אויף אַזאַ אופֿן געצוווּנגען זיך אָוועקצוזעצן און סוף־כּל־סוף פֿאַרענדיקן די התחלות פֿון זײַן העברעיִשן נוסח פֿון קענטאַקי, וואָס איז באמת געוואָרן אַן אָריגינעלע יצירה פֿאַר זיך גופֿא. נאָך אַ מאָל דער וווּנדער פֿון אייביקן „שמן תּורק״, הײַנטיקס מאָל איבערגעגאָסן פֿונעם דיכטער אַליין און אַרויס־געגעבן דורכן מוסד ביאַליק.

און די דריטע בכבודיקע מתּנה זײַנע דעם אַמעריקאַנער ייִדנטום בפֿרט און דער ייִדישער ליטעראַטור בכלל איז די זכרונות־פּאָעמע יונגע יאָרן.

דאָס איז אַ מין „דע מאין באת" — אַן אויסגעבענקטע דערמאָנונג וועגן דער היימישער ליטע, ווען דאָס ליטווישע ייִדנטום איז שוין געלעגן אַ חרוב געוואָרענע. אין זײַן האַרץ איז אָבער די ייִדישע ליטע געבליבן לעבן מיט אַלע אירע פּרטים פּונקט ווי זי האָט געלעבט און געאָטעמט ווען ער האָט זי פֿאַרלאָזט — און אַט זינגט זי אַרויס פֿון דעם פֿאַרוואָגלטן זונס פֿעדער אין איר גאַנצער דלותדיקער פּראַכט. אַ סך האָבן עס געטאָן פֿאַר אים, אַ סך וועלן עס טאָן נאָך אים. און יעדער מאָל ווען אַן אמתער דיכטער צעזינגט זיך וועגן דעם, ענטפּערט אים אָפּ דאָס טיפֿסטע און עכטסטע פֿון דער ייִדישער נשמה.

און בײַם סוף ווען ער איז געוואָרן אַ בן־שמונים איז פֿאַרגעקומען דער שטילער און אינטימער אויסטויש פֿון מתּנות צווישן אים און זײַנע פֿרײַנד אין ארץ־ישׂראל: ע ר האָט פֿאַר זיי פֿאַרענדיקט אין העברעיִש זײַן ק ע נ ־ ט אַ ק י, וואָס איז אים געווען אײַנגעבאַקן אין האַרצן און ז י י האָבן אײַנ־געזאַמלט און אַרויסגעגעבן אין ישׂראל זײַנע לעצטע ייִדישע לידער דורכן פֿאַרלאַג ד י ג אָ ל ד ע נ ע ק י י ט.

***

העכער זעכציק יאָר האָט מײַן שיינער, שלאַנקער דיכטער־פֿרײַנד, אַלע מאָל משכמו ומעלה, אַרומגעשפּרײַזט איבער די ייִדישע ייִשובים פֿון דער נייער וועלט; באַגלייט זייער אויפֿקום קהילה נאָך קהילה און דורכגעווייטיקט זייער פֿאַרפֿרעמדונג משפּחה נאָך משפּחה. ווי אַן עלנטער גייער אין די סטעפּעס פֿון טענעסי האָט ער אַנגעהויבן און ווי אַ צעבליטער דעמב אין דער פֿאַרגוייִשטער סביבה איז ער איצטער אַן איינזאַמער אײַנגעבראָכן געוואָרן; און די שכינה פֿון ייִדישער שאַפֿונג האָט שטענדיק באַלעבט און באַשטראַלט זײַן לאַנגן און זיגזאַגישן וועג.

# צום אָנדענק פון מאָריס סעמיועל

שוין באַלד אַ יאָר ווי מאָריס סעמיועל איז אַוועק אין דער אייביקייט און איך האָב ניט געזען אין אונדזער פּרעסע קיין איין מאמר וואָס זאָל זײַן ראוי לשמו פֿונעם גרויסן ניפֿטר וואָס איז תּמיד געווען ליבלינג פֿונעם ייִדישן ציבור און האָט געדינט דעם ציבור מיט טיפֿער אַהבה. פֿאַראַן אין העברעיִש אַן אויסדרוק: לא נספּד כּהלכה. ס'איז נאָך ניט געהערט געוואָרן ברבים יענער אמתער ייִדישער זיפֿץ פֿון אַ צעווייטיקט האַרץ אַז דער קהל און דער לייענער און דער יונגער דור זאָלן דערפֿילן: ס'איז אַוועק פֿון אונדז ניט נאָר אַ טײַערער מענטש און ניט נאָר אַ טאַלענטירטער שרײַבער, נײַערט אַ מענטש וואָס איז געווען פֿאַרליבט אין זײַן פֿאָלק און דאָס פֿאָלק האָט אים באַצאָלט מיט זײַן אַהבה.

איך וואָלט וועלן זען די דאָזיקע דערמאָנונג־ווערטער ווי אַ קדיש וואָס דער גאַנצער ייִדישער ציבור זאָגט נאָך אים און דריקט אויס טיפֿן טרויער און צער אויף זײַן פּלוצעמדיקן אַוועקגיין פֿון אונדז. פּלוצעמדיקן? איך ווייס ניט. ער איז געווען קראַנק, אָבער ער האָט געהערט צו יענע מענטשן וואָס ווערן ניט צעבראָכן פֿון זייער קראַנקייט. ער האָט קראַנקערהייט געשאַפֿן, ניט אויפֿגעהערט צו שרײַבן און מיר אַלע האָבן דערוואַרט פֿון אים נײַע שאַפֿונגען. ערשט איצט האָב איך זיך דערוווּסט אַז ער האָט געגרייט אַ נײַ בוך בעת ער איז געווען צוגעשמידט צו זײַן קראַנקנבעט, פֿון וועלכן ער איז שוין ניט אויפֿגעשטאַנען.

עס איז באַקאַנט זײַן לעצט בילד אויף זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע־בוך, ווי ער שטייט אָנגעלענט אויף אַ הויפֿן ספֿרים — די פֿינף און צוואַנציק ספֿרים וואָס ער האָט אָנגעשריבן. אַ סך פֿון זיי זענען געווען בעסטסעלערס און כּמעט אַלע אויף ייִדישע טעמעס. ס'איז ניטאָ קיין איין לאַנד ווו ער זאָל ניט האָבן זײַנע געטרײַע לייענערס וואָס יעדער בוך זײַנס איז געווען פֿאַר זיי אַ געזעלשאַפֿטלעך געשעעניש.

ער האָט אָנגעהויבן אין רומעניע, ממשיך געווען אין פּאַריז, דערנאָך אין דרום־אַפריקע, אין מיזרח־לאַנדאָן און אין די הויפּטשטעט פון צפון־אַמעריקע. דעם גאַנצן גלות פון די פּאַראייניקטע שטאַטן האָט ער דורכגעשפּאַנט היין און צוריק און אומעטום האָט זײַן אָנקום געבראַכט מיט זיך אַ יום־טוב־שטימונג, אַ גליִענדיקע ליבשאַפט אַרום אים.

אָפּט מאָל ווען איך פּרוּוו בילדעריש זיך פאָרשטעלן די מקורותדיקע יידישע יצירה — די אין העברעיִש און די אין יידיש — זע איך זי פאַר מײַנע אויגן ווי דעם פּנימיותדיקן צענטראַלן ווײַנגאָרטן פונעם הארץ פון דער אומה און אַרום דעם ווײַנגאָרטן ציִען זיך אַלעען וואָס די בעסטע פון אונדזער פאָלק האָבן פאַרפּלאַנצט אין פאַרשיידענע לשונות.

אָפּט מאָל זענען די וואָרצלען זייערע באַהאַלטן אין ווײַנגאָרטן גופא און אַ מאָל האָבן מיר דערגרייכט צו דעם אַז די אַ אַלעען וואָס שפּרייטן זיך אויף די ראַנדן פונעם ווײַנגאָרטן זענען זיך צעוואַקסן, צעבליט און האָבן פאַרנומען אַ שטח, אפשר נאָך אַ גרעסערן ווי דער ווײַנגאָרטן גופא.

איך האָב גוט געקענט און יאָרן־לאַנג אַליין זיך געפונען אין יענער אַלעע וואָס יידן האָבן פאַרפּלאַנצט אין דער רוסישער שפּראַך. אַז איך וויל זיך געבנוי זי אָפּמאָלן און אָנרופן זי אויפן נאָמען פון איין דיכטער, רוף איך זי „די אַלעע פון שמעון פרוג". געווען איז אין דער דאָזיקער אַלעע עכטע פּאָעזיע, נשמה־ראַנגלענישן, פײַנלעכע בענקשאַפט נאָכן עבר, טיפע ליב־שאַפט און אויך יכולת צו שעפּן פונעם קוואַל און אָנטרינקען אַ סך דאָרשטיקע אַרום.

און אַזוי זע איך די גרויסע אַלעע, די ברייטע און צעצווײַגטע, מיט אירע וועגן און שטעגן, וואָס איך רוף זי: „די אַלעע פאַרפּלאַנצט פון הײַנריך הײַנע" — די אַ דײַטשע אַלעע וואָס רינגלט אַרום ביז איצט דעם אינעווייניקסטן ווײַנגאָרטן. און מיר אַלע קענען איצט די יחיד־במינה אַלעע וואָס אויב עס איז נייטיק אָנצורופן זי אויף וועמען עס איז נאָמען, וואָלט איך זי אָנגערופן: „די אַלעע פון ישראל זאַנגוויל" — די אַ ברייטע, רײַכע אַלעע וואָס צעשפּרייט זיך אויף אַ גרעסערן שטח ווי אַלע אַנדערע אַלעען און וואָס אין איר שאָטן געפינען רו גרויסע מאַסן ענגליש־רעדנדיקע פון אונדזער אומה. אין דער אַ אַלעע איז פאַרפּלאַנצט דער בוים פון מאָריס סעמיועל זיגט יאָרצענדליקער.

עס איז זעלטן געווען אין אונדזער אומה אַזאַ משרת־בקודש פֿאַר איר ליטעראַטור ווי סעמיועל אין אונדזער דור. ער האָט איר געדינט מיט אַהבה. איר קענט דאָך די ברכה וואָס כּהנים מאַכן איידער זיי גייען אַרויף צום דוכענען: „אשר קדשנו במצותיו וצוונו לברך את עם ישׂראל באהבה". אָן דעם אַ זעלישן געווירץ קאָן מען גאָר ניט זײַן קיין כּהן בײַ ייִדן. און ס'איז ניטאָ צווישן אונדז אַזעלכע דורכגענומענע מיט דער אַ אַהבה ווי די וואָס דינען אויף די ראַנדן פֿונעם ווײַנגאָרטן. די וואָס שטעלן זיך דוכענען אין ווײַנגאָרטן גופֿא זענען אָפֿט דורכגעדרונגען מיט כּלערליי געפֿילן, אָבער ניט שטענדיק מיט דעם געפֿיל פֿון אהבה. אַהבה איז ניט געווען דער הויפּטטאָן ניט בײַ ברענערן און אפֿילו ניט אַלע מאָל בײַ ביאַליקן. געווען דאָ אַ געשריי ממעמקים, געווען נבואה־קראַפֿט און געווען שטראָפֿרייד, אָבער צוטוליען זיך מיט ליבשאַפֿט קען נאָר דער וואָס שטייט כּאילו מיט איין פֿוס פֿון דרויסן, קוקט אַרײַן אינעווייניק און פֿון דעם אינעווייניק שעפּט ער. סעמיועלס גורל איז געווען צו זײַן אי דער אַרבעטער, אי דער באַזיצער פֿונעם ווײַנגאָרטן, וואָס איז משמש באַהבה, איז דורכגעדרונגען מיט אַהבת־ישׂראל, און ער אַליין שטייט כּאילו פֿון דרויסן. דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַלע אַלעען וואָס רינגלען אַרום דעם אינעווייניקסטן ווײַנגאָרטן און געניסן פֿון אים, און באַשײַנען אים, אָבער אַרײַנדרינגען אין אים זענען זיי ניט זוכה.

מע זאָגט אַז דרײַ ייִדן האָבן אויף סעמיועלן משפּיע געווען: שלום־עליכם, ביאַליק און שמריה לעווין. זיי זענען עס געווען די אמת מקורות־דיקע ייִדן וואָס זיי האָט ער דערקענט און פֿון זיי איז ער ניט אָפּגעטראָטן. ער האָט געפֿילט אַז אין זיי האָט זיך כּאילו אַנטפּלעקט פֿאַר אים די נשמה פֿון זײַן פֿאָלק — האָט ער זיך געטונקען אין זייערע וואַסערן כּדי צו שעפּן פֿון זיי פֿולע עמערס, און דעריבער האָט ער זיי געדינט מיט ליבשאַפֿט, געווען זייער איבערזעצער, אויסטײַטשער און דעשיפֿרירער. ער איז פּשוט געוואָרן זייער נושׂא־כּלים. אַז ער האָט אײַנגעזען ווי גרויס ס'איז די עשירות וואָס ליגט אין ביאַליקן פֿאַר זײַן פֿאָלק, האָט ער אײַנגעזאַפּט די אוצרות אין זײַן פֿאַר־ליבטן האַרץ און פֿון אים — פֿון זײַן האַרצן — געשעפּט, געטרונקען און אויך אָנגעטרונקען די אַלע פֿאַרטריקנטע און דאַרשטיקע פֿון זײַן דור.

מיר קענען דעם אַ פֿענאָמען אין אַ סך שפּראַכן. אַזאַ איז אויך געווען זשאַבאָטינסקי אין זײַן צײַט. גענוי ווי זשאַבאָטינסקי האָט געדינט ביאַליקן אין רוסיש, אַזוי האָט געגומען מאָריס סעמיועל און איבערגעגאָסן אין ענגלישע

כּלים; ווי י. י. שוואַרץ האָט אַרײַנגעטאָן ביאַליקס ברכה אין ייִדישע כּלים און ווי מילער האָט עס אַרײַנגעטאָן אין דײַטשע כּלים. זיי אַלע זענען געווען די נושאי־כּלים, יעדערער לויט זײַן ווערט און יעדערער לויט זײַן שפּראַך.

און פּונקט ווי ער האָט זיך געטוליעט צו ביאַליקן, אַזוי צו שלום־עליכמען. ער איז געווען פאַרשיכּורט פון שלום־עליכמס „וועלט" און די גאַנצע וועלט שלום־עליכמס האָט ער געבראַכט צו די וואָס זענען געווען אָפּגעריסן פונעם מקור. אַזוי האָט ער אויך געטאָן בנוגע אַנדערע וויכטיקע שרײַבערס — שלום אַש, שמריה לעווין. ער האָט זיי אַלעמען אַריבערגעפירט פון איין שפּראַך צו אַ צווייטער, פונעם צענטער צו די ווײַטיקע און דערווײַטערטע. אויף עברית זאָגט מען: „לבנים שגלו מעל שולחן אבותם". אָבער סעמ־יועל האָט געבראַכט ניט נאָר די בעסטע מאכלים וואָס זענען פאַרבליבן אויפן טיש, די שיריים פונעם פעטן טיש — ער האָט כּאילו גענומען דעם גאַנצן טיש און אים געטראָגן ווי מען האָט געטראָגן אַ מאָל דעם אָרון־הברית אין מידבר.

אַזוי האָט ער משמש געווען אויך חיים ווייצמאַן. ער איז גליקלעך געווען ווען מאיר ווײַסגאַל האָט אים פאַרבעטן קיין רחובות כּדי צו העלפן אים רעדאַ־גירן און געבן די לעצטע ליטעראַרישע פאָרעם דעם זכרונות־בוך מסה ומעש; ער האָט זיך געפילט ווי אַן אמתער משרת־בקודש, האָבנדיק דעם גרויסן זכות מצטרף צו זײַן זיך צו ווייצמאַנס בײַשטײַער און אים בײַהילפיק זײַן ווען ער איז געווען זייער קראַנק.

ער האָט די ווערק פון ייִדיש ניט נאָר איבערגעזעצט אויף ענגליש: ער האָט זיי פון דאָס נײַ איבערגעזונגען, זיי צוגעפּאַסט צום גומען און צום אויער פונעם דור, וואָס איז דערווײַטערט געוואָרן פונעם טיש פון זײַנע עלטערן. און ער האָט ליב געהאַט די מלאָכה, געזען אין איר זײַן גײַסטיקע שליחות, ווי דער לוי אין בית־המדרש וואָס גיסט דאָס וואַסער אויף די הענט פונעם כּהן און איז משמש דורך דעם דעם גאַנצן ציבור.

אָבער מיט דעם אַליין האָט זיך סעמיועל ניט צופרידן געשטעלט. ער האָט זיך ניט באַגנוגנט מיט איבערזעצן די ווערק וואָס זענען געשאַפן גע־וואָרן אויף ייִדיש און זיי איבערגיסן אין ענגליש. ער איז געשטאַנען אַ גע־פלעפּטער פאַר דעם פענאָמען פון דעם ייִדיש־לשון גופא. ער האָט דערזען די דאָזיקע מקורותדיקע יצירה פון די לעצטע הונדערטער יאָרן וואָס

האָט געפּאָרעמט דעם ייִדישן פֿאָלקס־גײַסט, מיט אַלע אירע ווערטלעך, איד־יאָמען און ניגונים, מיט איר חכמה און שאַרפֿזין, מיט דער פֿאָלקישער יכולת וואָס נעסטיקן אין איר — און האָט אָנגעהויבן שרײַבן אַ שבח פֿאַר דער פֿאָלקיש־שפּראַכיקער יצירה גופֿא. „אין פּרײַז אָף ייִדיש" איז איינע פֿון די מערקווערדיקסטע יצירות וואָס זענען געשריבן מתוך התפּעלות, מתוך אַ שפֿע פֿון ליבשאַפֿט און הנאה. מתוך השתוממות פֿאַרן כּוח פֿון דער אומה, און ס'איז דעריבער אוממעגלעך צו לייענען דאָס בוך מיט אַ רויִקן געמיט. יעדער עמוד וואָס דו בלעטערסט אויף פֿאַרשאַפֿט דיר גרויסע גײַסטיקע הנאה און דו קוויקסט זיך מיט דער ברכה און חכמה און פּיקחות וואָס שלאָגט אַרויס פֿון יעדער שפּראַך, פֿון יעדער זאָג, פֿון יעדער ווערטל, כּאילו דער גײַסט פֿונעם פֿאָלק אין גלות קרײַזט אַרום אין דער הייך און רעדט אַרויס פֿון זיי.

אין דער אַ אַלטע וואָס זאַנגוויל האָט פֿאַרפֿלאַנצט איז סעמיועל געווען דער ייִנגסטער און גרינסטער דעמב — און דער דעמב איז פֿאַרשניטן געוואָרן.

לאָמיר טראָגן זײַן אָנדענק אין אונדזערער הערצער מיט אָנערקענונג און ליבשאַפֿט, ווי ער האָט עס פֿאַרדינט און מיט דאַנקשאַפֿט פֿאַר אַלץ וואָס ער האָט געטאָן פֿאַר אונדז, ווי איינער פֿון די יונגע כּהנים וואָס האָבן גע־בענטשט אין דער פֿרעמד דאָס פֿאָלק ישׂראל מיט אַהבה.

1973

# ב

**שגיון לשאַגאַל**

דער עלטער־פעטער און זיין פלימעניק

די מנורה פון כנרת

די וויזיע פון גאולה און דער ארץ־ישראל־
גערדאַנק אין חסידות

# שגיון לשאַגאַל

## א

ניט אויסצוטײַטשן זענען אָפֿט מאָל די אויסטערלישע אָרײַנפֿיר־פּסוקים מיט וועלכע דער פֿאַרצײַטיקער רעדאַקטאָר פֿון תּהלים האָט באַצייכנט די פֿאַרשיידענע קאַפּיטלעך פֿון דעם ספֿר. אָט געפֿינט זיך צווישן זיי איינע אָן איבערשריפֿט, וואָס ווערט באַנוצט אין תּהלים סך־הכּל איין מאָל, און איז קוים דערקלערלעך:

שגיון לדוד.

ס'איז שווער צו זאָגן דעם אמתן טײַטש פֿונעם זעלטענעם וואָרט „שגיון", אָבער ס'איז ניט שווער צו טרעפֿן די כּוונה פֿונעם וואָרט. שגיון שטאַמט אַ פּנים פֿון דער פֿראַזע „שוגה בדמיונות", ד"ה פֿאַרטאָן אין פֿאַנטאַז־יעס, און „שוגה באהבה", ד"ה פֿאַרטראָגן אין ליבע, אַוועקגעטראָגן זײַן אין ווײַטע, פֿאַרחלומטע, אויסגעבענקטע און פֿאַרוווּנדערנדיקע דמיונות־וועלטן. אַז איר ווילט, כאַפּט עס אפֿילו דעם אָנבליק ווי „שגיאה" און „שגגה" וואָס באַדײַט גרײַז און פֿעלער, ד"ה אַ רעוואָלט קעגן דער אָנגענומענער געזעצ־מאַסיקייט, און איז כּמעט אַ שני־בשני מיטן וואָרט „שגעון", וואָס באַדײַט גאָר עקסטאַז, עקזאַלטירטקייט און באַצייכנט אין תּנך דעם „מאַן פֿון גײַסט", וואָס לעבט מחוץ פֿון די אָנגענומענע געזעצן פֿון הגיון (לאָגיק); אָבער אַז איר ווילט, איז עס טאַקע גאָר־גאָר נאָענט צום וואָרט „הגיון" אַליין, און נאָר איין־איינציק אות שיידט אָפּ ביידע צווילינגווערטער. און דערוועגט איר זיך צו פֿאַרבײַטן בלויז איין פּינטל אויפֿן שין, פֿון רעכטס אויף לינקס, ווערט דאָס וואָרט פֿאַרבונדן גאָר מיט געוואַלדיקער גרויסקייט, און זײַן אינהאַלט איז די דערהייבנקייט אַליין.

פֿאַר וואָס גייט מיר ניט אַרויס פֿון זינען די דאָזיקע אַלטע, אומבאַנוצ־טע, אייגנטימלעכע און דאָס אַלץ באַרײַטנדיקע איבערשריפֿט, זינט ס'האָבן מיך אַרומגערינגלט די לײַוונטלידער פֿון אונדזער גרויסן קינסטלער מאַרק שאַגאַל?

אַ פּאַרציַיטיקער רעדאַקטאָר, מיט ליבע פֿאַר שפּראַך, און מיט חוש אויך פֿאַרן וואָרטשפּיל פֿון נעמען, ווען ער וואָלט געזוכט אַן איבערשריפֿט פֿאַר שאַגאַלס בילדער־וויזיעס, וואָס זענען לויטער פֿאַרטראַגנקייט אין פֿאַנטאַזיע און ליבע און ברעכן אַלע אָנגענומענע כּללים פֿון אונדזער ווירקלעכקייט, רוען ערגעץ דאָרט ווו עס שיידן זיך די וועגן צווישן עקזאַלטירטער התפּעלות און קלוגער לאָגיק און זענען געוואַלדיק גרויס אין זייער שיינקייט און דער־הייבנדיק אין זייער דיכטערישן אינהאַלט, — וואָלט ער זיך געקאָנט איַינ־האַלטן ניט אַ וואָרף צו טאָן איבער זיי אַלעמען די אומקלאָרע און די אַלץ זאָגנדיקע וואָרטשפּילערישע און איינמאָליקע איבערשריפֿט:

שגיון לשאַגאַל?

## ב

זינט עס איז אונדז געשען, אויפֿן שוועל פֿון די נײַסטע דורות, דער קינסטלערישער נס, און ווי אַן אויסדרוק פֿאַר אונדזער גרויסער בענקשאַפֿט נאָך באַנײַונג, האָט ביַי אונדז אין אַ מזלדיקער שעה אַ שפּראָץ געטאָן — און טאָקע באַלד זיך צעבליט ווי אַ נײַער באַפֿרײַונגס־אויסדרוק — די קונסט פֿון מאָלערײַ; און זינט אונדזער נאַציאָנאַלער געניוס האָט זיך אַוועקגעלאָזן אויך מיטן כּוח פֿון אָט דעם פֿרײַען קינסטלערישן און שפּראָבלאָזן שליסל צו עפֿענען פֿאַר זיך וויַיט און ברייט די טויערן פֿונעם וועלטגײַסט — זענען געווען ביַי אונדז ווינציקע וואָס האָבן אַזוי מצליח געווען צו באַהערשן די מוחות און הערצער פֿון די מבינים און געניסער אין דער גרויסער וועלט, ווי אונדזער מאַרק שאַגאַל.

זײַנע אויסשטעלונגען באַווײַזן זיך אין אַלע רעזידענצן פֿון דער וועלט, און וועגן זײַנע בילדער וואַקסט אויס אַ גאַנצע ליטעראַטור. די צושויער־וועלט איז איבערראַשט און דערשטוינט, געפּאַנגען און פֿאַרפּידושט. און ווײַטע וועלטן האָבן אים אויפֿגענומען ווי אַ נאָענטן. ער האָט שוין באַוויזן צו זײַן אַ זייער פֿאַרערטער און אויך אַ זייער געלעסטערער. מ׳האָט אים שוין לאַנג מיט באַוווּנדערונג געטראָגן אויף די הענט און מ׳האָט אים שוין אַ מאָל געלייגט אין חרם. אָבער סײַ אין יאָרן פֿון פֿאַרערונג, סײַ אין צײַטן פֿון לעס־טערונג איז ער געווען פֿאַרוואָרצלט אין האַרץ פֿון דער קינסטלערישער וועלט, ווי גאָר ווינציקע צווישן אונדז.

און ווי גאָר ווינציקע צווישן אונדזערע אויסדערוויילטע גײַסטער, וואָס

די וועלט־קונסט האָט אַרײַנגעצויגן אין איר צויבערקרײַז, האָט זיך מאַרק שאַגאַל אַרויסגעשטעלט אַ ייִד, וואָס איז טיף פֿאַרוואָרצלט אינעם ייִדישן זכרון און ציט זײַן יניקה פֿון די קוואַלן פֿון דער פֿאַרצײַטיקער ייִדישער פֿאַנטאַזיע און פֿון די היימישע געשטאַלטן פֿון דעם ייִדישן שטעטל, וואָס האָט נאָך אָקערשט געשטראָמט מיט לעבן און איצט איז עס פֿאַרשניטן גְעוואָרן און איז ניטאָ מער. ליאָזנע — דאָס שטעטל וווהין ער פֿלעגט ייִנגלווײַז פֿאָרן צו זײַן באַליבטן זיידן, געהערט שוין איצט צו דער פֿאַרגאַנגענהייט; וויטעבסק, די שטאָט פֿון זײַן יוגנט, פֿאַרגייט אין פֿלאַמען אויף אַלע זײַנע בילדער. „דאָס ליד איז אויס, עס הילכט בלויז דער אָפּקלאַנג״, און דעם אָפּקלאַנג קאָן בײַ אים קיין שום שונא ניט אָוועקנעמען, ווײַל ער האָט זיך טיף פֿאַראַנקערט אין זײַן דיכטערישן האַרץ.

און אַז עס רוט אויף אים דער קינסטלערגײַסט און ער טראָגט זיך אַוועק אין די הייכן, באַוואָפֿנט מיט זײַנע פֿאַרבן־צייכנס, שפּרייט ער אויס די פֿליגלען פֿון זײַן ייִדישער אוראַלטער און לעצטנס כּמעט פֿאַרגעסענער פֿאַנטאַזיע, און פֿון זײַן געטרײַען האַרץ שטײַגן אַרויף אויף דער וועלטבינע די געשטאַלטן און די געסלעך פֿון זײַן היימישער יוגנט, וואָס האָבן זיך אײַנגעקריצט אין זײַן זכרון, און קיין פֿײַנדלעך פֿײַער קאָן זיי ניט פֿאַרטיליקן און קיין פֿאַרגעסן האָט אויף זיי קיין שליטה ניט.

אָפּט מאָל דוכט זיך: אַלטע מענטשלעכע קונסט פֿון אַגדות־שאַפֿונג האָט זיך דאָ צעשפּילט ווי אין איר נײַעם פֿרילינג, און דאָס ייִדישע קינד איז עס, וואָס חלומט אויף די לײַוונטן פֿונעם מאָדערנעם בעל־האגדה.

ס׳דוכט זיך, אַן אוראייניקל פֿון אַלטן רבה־בר־בר־חנא איז דאָ אויפֿגעשטאַנען, זײַן כּוח הדמיון איז עס אין אומענדלעכע גוזמאותדיקייט, און איר קוקט ווײַטער און זעט: גלײַכצײַטיק איז ער אויך אַ לײַבלעכער ברודער פֿון שלום־עליכמס מאָטל פּייסי דעם חזנס. זײַנע היימישע געשטאַלטן זענען עס און שטעטלדיקע בילדער. און שאַגאַל באַהעפֿט זיי ביידן אין איין גוף מיט די כּישוף־וווּנדערס פֿון זײַנע פֿאַרבן וואָס באַהערשן דאָס אויג מיט זייער קעגנזײַטיקן שפּיל, און נאָר ער אַליין ווייס דעם באַהאַלטענעם סוד פֿון זייער צוזאַמענשטעל. און אונדז האָט ער אָנגעדײַט די געהיימעניש פֿון זייער הנאה צו האָבן.

ג

נאָר ניט „טײַטשן" צו פֿיל. און ניט אָפּשרעקן זיך, אויב ניט אַלץ זעט אויס צו זײַן „פֿאַרשטענדלעך". אַגדות ווערן קיין מאָל ניט אויפֿגענומען דווקא מיטן כּוח פֿון פֿאַרשטאַנד. מאַלערישע אַגדות אַוודאי ניט. דאָ געניסט דאָס געפֿיל, און די געשטאַלטן ריידן אויפֿן פֿאַרבן־לשון, און אַ זכרון האָט פֿליגלען און זיי זענען פֿאַרפֿלייצט פֿון ליכטנדיקער שײַן. און די געשטאַלטן וואָס דער מאָלער זעט מיטן אויג פֿון זײַן דיכטערישן זכרון, זענען פֿול מיט קינדישער ריינקייט, מיט דערהויבענער שיינקייט.

דעריבער, נאָר ניט אײַנעקשנען זיך צו פֿאַרשטיין אַלץ דווקא על פּי „פּשט". אַוודאי האָט אויך אַ בילד זײַן פּשט, אָבער עס האָט אויך רמז און דרש און סוד, און ווער עס וויל צומאַכן אַלע טויערן און לאָזן אָפֿן פֿאַר זיך נאָר דאָס טירל פֿון פּשט, וועט ער קיין פּשט אויך ניט געפֿינען. און אַגדה איז אַ שוועסטער פֿון מיטאָס און איז אָפֿט אונטערגעוואָרפֿן די כּללים פֿון אַ חלום מער ווי פֿון דער וואָרער וואָכעדיקער ווירקלעכקייט, און אויף אַ וויזיאָנערישן מיטאָס פֿרעגט מען קיין קשיות ניט.

אָבער שאַגאַל איז אַ מאָדערנער וויזיאָנער, און דער ווייטיק פֿונעם דור איז זײַן פּײַן. און די האָפֿענונג פֿונעם דור איז זײַן שײַן.

און ווי אַ לײַבלעכער ברודער פֿון מאָטל פּייסי דעם חזנס, שטאַמען זײַנע בילדער פֿון דעם טאַטנס הויף. סײַ ווען זיי זענען טויטע קעגנשטאַנדן, סײַ ווען זיי זענען לעבעדיקע באַשעפֿענישן, אָטעמען זיי אַלע מיט פֿאַרצײַטיקן רחמים, זענען אָנגעזאַפּט מיט קינדישער ליבע פֿול מיט שיינקייט און זענען מסוגל צו וואָרעמען דאָס האַרץ אַ לעבן־לאַנג. אָט קוקט זיי אָן: די קלוגע בהמה, דאָס אויג פֿון קעלבל, דאָס פֿידעלע און דאָס ביכל, דער זייגער און דער לייטער, דער שופֿר און די חופּה־שטאַנגען און די ספֿר־תּורה. קינדישע אותיות זענען עס, אויסגעקריצט אויף אייביק. און אַז דער דיכטערישער גײַסט באַהערשט אים, פּוצט ער זיי אויס אין זײַנע שטאַרקסטע פֿאַרבן, נאַטורפֿאַרבן און לײַדנשאַפֿט־פֿאַרבן, דערנענטערט זיי און דערווײַטערט זיי און שטעלט זיי אויס אין אַ קרײַז, אַזוי ווי דער דיכטער זײַנע פֿערזן, און „שרײַבט" מיט זיי לײַוונטבילדער. ווערט ער געגליכן צום תּהלים־בוים „וואָס איז פֿאַרפֿלאַנצט בײַ די קוואַלן פֿון וואַסער", דער שטאַם באָדט זיך אין קינדישע זכרונות, און די קרוין שימערט אין דער וויזיע פֿונעם דור, און אין גאַנצן פֿלאַטערט ער אין דער פֿילפֿאַרביקייט פֿון זײַנע פֿרילינגבליטן.

## ד

„די שפּראַך פֿון זעונגען" האָט ח. נ. ביאַליק אָנגערופֿן „די שפּראַך פֿון אַלע שפּראַכן". און האָט וועגן איר אין זײַן פּאָעמע „הברכה" געזונגען אַזוי:

ס'איז אַ שטילע געטלעכע שפּראַך פֿאַראַן, אַ לשון פֿון געהיימעניש,
ניט קיין שטים, און ניט קיין קלאַנג, נאָר לויטער פֿאַרבן.
און צויבער האָט זי און פּראַכטבילדער און אַ שלל געשטאַלטן —
אין אָט דער שפּראַך דערקענט זיך גאָט צו זײַנע אויסדערוויילטע...

אין אָט דער שפּראַך האָט די סאַזשלקע אָנגעפֿאַרטרויט ביאַליקן איר סוד. אין דער שפּראַך האָט ער אונדז פֿון ס'נײַ דערציילט דעם מיטאָס פֿון „מגילת־האש". אין דער שפּראַך האָט ער פֿאַר אונדז אַרויסגעשעפּט זײַן טאַטנס געשטאַלט פֿון דעם אָפּגרונט פֿון זײַן געטרײַען זכרון. אַזוי אַ קאָן זיך אויך שאַגאַל ניט אָפּרײַסן פֿון דער געשטאַלט פֿון זײַן טאַטן, דעם שווײַגנדיקן און טרויעריקן. און אַזוי שעפּט אויך ער פֿון זײַן זכרון, בילד נאָך בילד און טרוים נאָך טרוים — „אין דער שטילער געטלעכער שפּראַך", אָן קול און אָן קלאַנג, נאָר לויטער פֿאַרבן...

וואָרעם וואָס פֿאַרן דיכטער איז דאָס וואָרט אין זײַן פֿילגעשטאַלטיקייט, איז פֿאַרן דיכטער־מאָלער די פֿאַרב אין אירע פֿילפֿאַכיקע אָפּשטאַפּלונגען.

און אונדזער האַרץ קוקט, קאָן זיך ניט אָנזעטיקן, איז פֿאַרוווּנדערט און אויפֿגערעגט און דערהויבן און דאַנקבאַר — — —

## ה

איז דאָ ניט צו זוכן ניט קיין מוסר־השׂכּל, און ניט קיין ספּור־המעשׂה. פֿאַרטראַגן אין זײַנע ליבשאַפֿטן איז דאָ דער וויזיאָנער־קינסטלער. יעדער פֿאַרבנפֿלעק איז אים אַן אויסגעשריי פֿון טיפֿן האַרצן, און דערהויבן איז זײַן קינדישע נאַיוויטעט, בײַ אַלע פֿאַרגרײַזונגען פֿון דער וואָכעדיקער לאָגיק.

און געדענקט — זײַן ליאָזנע איז דאָך שוין ניטאָ. און זײַן ייִדישע וויטעבסק איז אַוועק אין פֿלאַמען. און נאָר אין זײַן פֿאַנטאַזיע שטײַגן זיי אויף צו אים. און זײַן פֿאַנטאַזיע איז פֿול מיט בענקשאַפֿט. פֿון דער ווײַטנס זעט ער, ווי דאָס פֿײַער האָט געברענט, און זײַן האַנט — ווי יעדע מענטשלע־

כע האַנט — איז קורץ געווען און האָט ניט געקענט לעשן. ער פֿאַרמאָגט אָבער אַ צוליבערנדיקע קינסטלערהאַנט, און מיט איר קאָן ער, געטריַ און ווײַטיקדיק, זיי אַרויסראַטעווען פֿון פֿאַרגעסן. אָט אָטעמען זיי ווידער און טרוימען פֿאַר אונדזערע אויגן אין זײַנע לײַוונט־לידער.

און אַז די אָפּגעברענטע וויטעבסק שטײַגט אויף פֿון זײַן בענקענדיקן זכּרון צום קינסטלערישן לעבן, שטײַגן אויף אירע סימבאָלן אַנשטאָט איר. כ׳וואָלט געזאָגט: איר נשמה שטײַגט אויף, ווײַל די פּשוטע קעגנשטאַנדן ווערן איצט געטובלט ווי סימבאָלן און זיי קריגן אַלע אַן אַנדער פֿאַרב און אַן אַנדער סדר. ניט לויט זייער כראָנאָלאָגישער אָרדענונג, נאָר לויט דער אינטענסיוויטעט און חשיבֿות פֿון זייער אײַנדרוק אויפֿן מאָלערס זכּרון, שטײַגן זיי איצט אויפֿן לייטער פֿון זײַן שעפֿערישער פֿאַנטאַזיע עפּנט נאָר פֿריַ אויף אײַער האַרץ אים אַנטקעגן, און איר וועט זיך איבערצײַגן: דער זעלביקער לייטער שטייט בײַ אים און בײַ אײַך, און זײַן שפּיץ גרייכט ביז אין די העכסטע הייכן. — — —

ו

אָט קוקט זיך אײַן אין דעם רויטן אָפּגעשונדענעם קעלבל, וואָס הענגט ווי אַ געקרייציקטער איבער דער גאַנצער שטאָט. ווי דער אמתער געקרייציקטער, ווי דער פֿאָטער פֿון אַלע געקרייציקטע אין דער וועלט, זינט עס געוועלטיקט די שלעכטיקייט פֿון אַ לעבעדיקער באַשעפֿעניש צו אַ לעבעדיקער באַשעפֿעניש. זעט ווי עס שרײַט די רויטקייט פֿון זײַן בלוט, זעט דעם אַכזריותדיקן שניט פֿון זײַן אין צווייען צעפּלאַמסטן גוף, זעט די ריינקייט פֿון זײַן פּנים וואָס לעקט פֿון בעקן — —

איז פֿאַראַן נאָך אַזאַ געקרייציקטער צווישן אַלע געקרייציקטע?

זענען מיר דען אַלע אין אונדזער קינדהייט ניט פֿאַרציטערט געוואָרן זעענדיק ווי דער שכנישער שוחט קוילעט אונדזער באַליבט קעלבל? איז דען ניט עכט ייִדיש פֿאַר אַלע צײַטן „העגל״ פֿון פֿייערבערג? און איז דען פֿאַראַן אַן עכטערער געפֿיל פֿון רחמים אויף דעם גורל פֿונעם מאַכטלאָזן? און אַ שטאַרקערער געשריַ פֿון צאָרן אויף דער אַכזריות פֿונעם האַרצלאָזן? און איז דאָ ניט שאַגאַל ווי פֿײַערבערג?

ער, שאַגאַל, ווייס אפֿשר גאָר ניט וואָס ס׳האָט אונדז געזונגען וועגן דער בהמה אין שטאַל אונדזער דיכטערין רחל, אַז

ס׳איז פֿאַרשוועסטערט מײַן לעבן מיט אירן
אין טויזנטער פֿעדעם געהיימע.

אַט זענען מיר דאָ פֿאַרפֿלאָכטן אינעם קנויל פֿון אַט די פֿעדעם. אַט אָטעמען מיר די געהיימעניש וואָס דער מאָלערישער דיכטער האָט פֿאַר אונדז פֿונאַנדערגעוויקלט מיט זײַן גאונישער פשטות און קינדערישער פֿאַרטרוימ־קייט.

און אַט קוקט זיך אײַן און זעט דעם הויכפּונקט פֿון מענטשלעכער ריש־עות, אַרויסגעקוקט פֿון אַן אידיליע וואָס איז לויטער ריינקייט און לײַטזע־ליקייט.

דאָס פֿאַרט זײַנער אַ פֿעטער, אַ קצב, און פֿירט אויפֿן וואָגן זײַן באַליבטע ציג צו דער שחיטה. די ציג שײַנט אין זכרון פֿונעם מאָלער, אַן אויסגעצירטע אין די לעגענדאַרסטע קאָלירן, און איז שיין ווי אַ חלום, ס׳איז גאָר ניטאָ אויף דער וואָכעדיקער וועלט אַזאַ פֿילפֿאַרביקע ציג, און דאָס גאָלדענע שעפּסעלע, וואָס ליגט ווי אַ קרוין אויף דער מומעס קאָפּ, זעט נאָר די אויגן, איז עס ניט אַ מענטשן־פּנים? און די מומע אַליין, זעט זי ניט אויס ווי אַ וואַריאַנט פֿון יענעם לעגענדאַרן „געטרײַען פּאַסטעך" וועלכער ראַטעוועט אָפּ מיט גרויס רחמים אַ שוואַך שעפּעלע, וואָס איז פֿאַרבלאָנ־דזשעט נעבעך פֿון דער סטאַדע? און די היימישע קליאַטשע, וואָס פֿירט דעם וואָגן, איז ניט שיין ווי גאָלד אין איר וווּנדערלעכער ראַזעוודיקייט? ס׳רוט אויף איר אַפֿילו די הייליקייט פֿון מאַמע־זײַן, ווײַל דאָס קינדישע אויג פֿון דעם העלזעערישן דיכטער זעט קלאָר און ווײַזט אונדז אַלעמען דאָס עופֿעלע וואָס ליגט אין דער קליאַטשעס בויך. און אַט די גאַנצע פֿרומע און אידילישע פּראָצעסיע, פֿול מיט שיינקייט און ריינקייט און לײַטזעליקייט, פֿירט אַ ציג צו דער שחיטה, פֿאַר אַלעמענס אויגן. — —

און די פּערמאַנענטע חתונה מיט די חופּה־שטאַנגען און כּלי־זמר, און די אויסטערלישע ליבע פֿון די צוויי טרויערנדיקע, די אייביקע באַהעפֿטונג פֿונעם לײַדנשאַפֿטלעכן וויאָלעט מיטן אַבסאָלוט ריינעם ווײַס בײַ דער שײַן פֿון פּאַריזער אייפֿל־טורעם, ווען די לײַבלעכע נאַקעטקייט ווינקט ערגעץ פֿון דער ווײַטנס צו דער לבֿנה, און דאָס ריינע היימישע קעלבל, ווי אַ סימבאָל פֿון רחמים און חסד, קוקט נאָענט, טיף און פֿאַרשטאַנדיק, און פֿון דער הייך בענטשט דאָס פֿידעלע, און דאָס אַלטע בוך איז דאָס אויג פֿון דער

ציג, וואָס זענען אַלע דרײַ פֿאַרפֿלאָכטן אין איינעם, ווי זיי זענען פֿון יוגנט אָן טײַער פֿאַרפֿלאָכטן אין זײַן זכרון, און דער היימישער האָן טראָגט זיי, ווי אויף אָדלער־פֿליגלען, הויך־הויך איבער די דעכער פֿון דער וואָכעדיקער ווירקלעכקייט צו די ווײַטע, ריינע הימלען. — —

אָדער אָט די טיפֿע עלנטקייט פֿונעם פֿאַרגליווערטן ייִדן, מיט די פּעך־שוואַרצע אויגן, אײַנגעהילט אינעם אַבסאָלוט ווײַסן, קלאָרן טויטן־קיטל, בײַם אַרומנעמען די רויטע אָפּגעראַטעוועטע ספֿר תּורה, און באַגלייט נאָך פֿון דער היימישער קלוגער בהמה און אַנטשוויגן געוואָרענער פֿידל, וואָס ליגט אויף דר׳ערד — איז דען פֿאַראַן ערגעץ אַ מער דערהויבענער פּירוש אויפֿן אַכזריותדיק־טראַגישן פּסוק פֿון איכה:

„ישב בדד וידם כי נטל עליו״. — —

און אָט די אַלע היימישע קעגנשטאַנדן, וואָס זענען איצט געוואָרן סימבאָלן און פֿאַראייניקן כּמעט אַלע בילדער אין איין גרויסער דיכטערישער זעונג, — זיי פֿאַרלאָזן ניט דעם דיכטער־מאָלער אויך ווען ער דערהייבט זיך צו זײַנע גרעסטע הייכן אין זײַנע תּנכישע מאָלערײַען. דאָ דערלויבט ער זיך אַוודאי צו ווײַזן אַזוי ווי ער זעט: אָן מחיצות צווישן נעכטן און הײַנט, צווישן דרויסן און אינעווייניק, אין קייט פֿון דורות. און ווי ער זעט, אַזוי ווײַזט ער. און ווי ער ווײַזט, אַזוי זעען מיר. סודותדיק און פּשוט, דערהויבן און נאַיִוו, אויסגעווייטיקט און יום־טובדיק און פֿול מיט פּראַכט.

ז

און אָט די אַלע אייגשאַפֿטן האָבן זיך נאָך רײַפֿער צעבליט אין די נײַע קינסטלערישע מתּנות וואָס אונדזער יובילאַר האָט געשענקט דער וועלט און אונדז, אין דעם אַכטן צענדליג פֿון זײַן געבענטשטן לעבן.

אין די צוועלף שויבן פֿון ירושלימער הדסה־בית־מדרש איז די גוזמאַ־דיקייט אַזוי ווי צוריקגעטראָגן פֿאַר די קינדעריש בילדלעכקייטן פֿון די חומשדיקע פּסוקים, און זייערע מלמדישע אויסריידעכצן אין די חדרשע יאָרן. און אַלע צוועלף זענען באַפֿליגלט דורך דער שכּרות פֿון ארץ־ישׂראל־דיקע נאַטורפֿאַרבן און אַלט־ייִדישע מיטאָלאָגישע פֿלאַנצונגען און באַשעפֿע־נישן וואָס באַצירן די לעגענדעס וועגן די אַמאָליקע ייִדישע שבטים. נביאי־שע און מדרשדיקע מעטאַפֿאָרן ווערן דאָ פֿאַרלעבעדיקט, און אַ ים פֿון גליי־ביקייט און פֿאַרבענקטשאַפֿט איז אויסגעגאָסן אויף יעטוועדן שבט־שויב.

און פֿון דעם צעזונגענעם און צעשטראַלטן סופֿיט פֿון דעם פּאַריזער אָפּערע־טעמפּל, וואָס וויל פֿאַרבנרייך פֿונאַנדערוויקלען פֿאַר די אויגן פֿונעם געניסערישן צושויער דעם סודותדיקן קאָסמאָס פֿון מינסטלערישן שאַפֿן אין אַלע זײַנע געניאַלסטע גילויים און פֿאַרשיידנאַרטיקע הויפּטמאָטיוון, הערן ניט אויף צו צויבערן די היימישע קלאַנגען פֿון די גערשנטע שיינקייט־אוצרות.

און ווי אין סופֿיט פֿון דער פּאַריזער אָפּערע, אַזוי אויך אויפֿן באַלקן פֿון ניו־יאָרקער לינקאָלן־צענטער. אומעטום, אין אַלע זײַנע גרעסטע וועלט־זעונגען באַגלייט אים געטרײַ די שטענדיקע אײַנגעוואָרצלטע יום־טובדיקייט און התלהבותדיקע התפּעלות — עד זקנה ועד שׂיבה.

ח

מיט זיבן גרויסע און לאַנגע דורות צוריק האָט, אין דער זעלביקער שטעטעלע ליאָזנע און אין דעם זעלביקן ייִדישן וויטעבסק, דער פֿאָטער פֿון חסידות אין רײַסן, דער בעל התניא, פֿאַרטראַכט און אויסגעזונגען דעם אומ־פֿאַרגעסלעכן ניגון פֿון די פֿיר פֿאַלן וואָס איז באַקאַנט אַלס דער „ניגון פֿון אַלטן רבין". אָט דעם ניגון, וואָס דערהייבט ביז צו די סאַמע הייכן און דער־גרונטעוועט זיך ביז די לעצטע טיפֿן, קען נאָך הײַנט אונדזער יובילאַר זינגען ווי ער האָט אים געהערט אין זײַן קינדהייט־ און יוגנט־צײַט אין די הײַזער פֿון זײַנע עלטערן און קרובים. ווער ווייס, אויב דאָס איז ניט ד ע ר ניגון וואָס זײַן זיידע האָט אויסגעשפּילט אויף זײַן פֿידל, זיצנדיק אין וויטעבסק אויפֿן דאַך, בעת דער בר־מינן איז געלעגן אויפֿן באָדן אַרומגעריג־גלט מיט נשמה־ליכט, די אַלמנה איז פֿאַרגאַנגען אין שרײַען, דער פֿרעמדער וועכטער מיטן בעזעם אין דער האַנט האָט פֿאַרקערט די גאַס, און דער שכן אין שוואַרץ טראָגט אַ לייטער וואָס דאַרף דערגרייכן ביז צום סאַמע שפּיץ פֿונעם פֿאַרשפּילטן זיידן...

איצט איז שוין ניטאָ ניט ליאָזנע און ניט די ייִדישע וויטעבסק, און דאָס ייִדישע שאַפֿן איז אין גאַנץ רײַסן פֿאַרשטומט און איבערגעריסן.

אָט הייבט זיך דאָ אויף זייער איבערגעריסענער ניגון, וואָס טראָגט זיך פֿון דעם רײַכן און געטרײַען מאָלערישער דיכטערהאַרץ און פֿאַראייביקט זיך פֿאַר אונדזערע אויגן מיט דער פּראַכט פֿון דער וועלטקונסט.

לאָמיר איצט מיט גרויס דאַנקבאַרקייט ווינטשן אונדזער גאָטגעבענטשטן יובילאַר, עס זאָלן נאָך לאַנגע יאָרן אים דינען זײַן שעפֿערישע פֿאַנטאַזיע און זײַן היימישער זכּרון, און ער זאָל נאָך אַ סך צײַט זוכה זײַן באַלוינט צו ווערן מיט דער מידה פֿון „אוזר ישׂראל בתפֿארה": אַרומגאַרטלען די ייִדישע וועלט מיט שיינקייט, און – לאָמיר אויך צוגעבן – אַרײַנגאַרטלען די ייִדישע שיינקייט אין דער קונסט פֿון דער וועלט.

1951/1967

# דער עלטער־פעטער און זיין פּלימעניק

(צום יובל פֿון א. סוצקעווער)

ווייסן מיר אַלע זייער ווויל, אַז דער הויפּט־ייִחוס פֿון אַ דיכטער איז זײַן ייִחוס עצמו. זײַן אייגענע אָריגינעלע פּערזענלעכקייט איז עס פֿון וואַנען עס פֿליסט זײַן דיכטערישע שאַפֿונג. און זי, די שאַפֿונג זיינע אַליין איז עס וואָס געווינט דאָס האַרץ פֿון זײַן לייענער.

אָבער נאָך דעם ווי דער דיכטער האָט שוין באַוויזן צו געווינען דאָס האַרץ און דעם צוטרוי פֿונעם לייענער־קרײַז, און נאָך דעם ווי דו ווייסט שוין אויף זיכער, אַז דער שרײַבער איז אַ דיכטער און אַז ער געהערט צו דײַנע דיכטערס, ערשט דענסטמאָל ווילט זיך אָנהייבן דערטראַכטן, וואָס הערט זיך עפּעס מכּוח דעם ייִחוס־אבות פֿונעם דיכטער, פֿון וואַנען שטאַמט דער בוים, וואָס אויף זײַנע צווײַגן איז ער אויסגעוואַקסן, און ווי ווײַט גרייכן די וואָרצלען זײַנע, און וועלכע וואַסערן האָבן זיי אָנגעטרונקען.

ווייסן מיר ניט גענוי די שײַכות צווישן דעם שעפֿערישן מענטשן און זײַן שושלת־היוחסין, און יעדער פֿאַרלאַנג צו דרשענען גזירה־שווהס אויבן־אויף, איז געוויס אַ וועג וואָס פֿירט נאָך ניט צום אמת. אָבער ערגעץ אַ שײַכות צווישן דער פּערזענלעכקייט און איר מקור איז דאָך זיכער פֿאַראַן. און צו דעם אַלטן קלוגן כּלל: „ווילסטו דעם דיכטער פֿאַרשטיין, מוזסטו אין זײַן לאַנד גיין" וועט מען מסתּמא מוזן צוגעבן אַ הוספֿה: „און אויך זײַן אָפּשטאַם דערגיין".

כאַפּ איך אַ מאָל שמועס מיט מײַן פֿרײַנד דעם יובילאַר וועגן דעם ענין, ווייס ער גראָד מיר צו דערציילן אַז זײַן זיידע איז געווען דער מיכאַלישאָקער. ווייס איך אַז סתּם דער „מיכאַלישאָקער" איז דער דיכטער אַד"ם הכּהן לעבענזאָן, ווייס ער וועגן אַזאַ קרובֿישאַפֿט גאָרניט, און קיין ווײַטערע ידיעות קען איך פֿון אים וועגן זײַן ייִחוס־בוים ניט באַקומען.

מאַכט זיך אַ מעשׂה און אונדזער גוט באַקאַנטער שריפֿטשטעלער ר'

אבא גאָרדין, דער רעדאַקטאָר פֿון "פּרובלימות", וואָס איז מיט מזל אַריבער־געקומען צו אונדז פֿון אַמעריקע און וועלכער איז אַ זון פֿון "לאָמזשער רב" אין סמאָרגאָן, דער היימשטאָט פֿון אונדזער דיכטער, קלײַבט זיך צו רעדאַגירן אַ ספֿר וועגן די סמאָרגאָנער אומגעקומענע קדושים. און געוויסנדיק און פֿלײַסיק ווי ער איז, שיקט ער פֿונאַנדער בריוו אין גאַר דער וועלט צו קלײַבן ידיעות וועגן סמאָרגאָנער גדולים. קריגט ער אַ תשובה פֿון סוצקעווערס אַ פֿעטער, ר' אהרן רובין, אַזש פֿון מינכען און אין דעם בריוו דערציילט זיך אויספֿירלעך וועגן דעם פֿאָטער פֿון דעם דיכטערס מוטער ר' שבתי פֿײַנבערג, וועלכער איז געווען רב אין מיכאַלישאָק און מחבר פֿונעם רבנישן ספֿר „אפֿיקי מגינים" און וועגן זײַן שווער, דעם עלטער־זיידן סוצקעווערס, דעם חב"דישן חסיד ר' אברהמל איצעלעס, נאָך וועמען אונדזער דיכטער איז עס אַ נאָמען, און זײַן ברודער, דעם גרויסן מתנגדישן למדן ר' אריה־לייב וועמעס זון איז געווען דעם באַרימטער מחבר פֿון „אוהל שם", דער רב, ר' שלמה־מרדכי ברודני, וועלכער איז בכן דעם דיכטערס עלטער־פֿעטער.

מאַכט זיך אַ מעשׂה בתוך מעשׂה און אָט דער ר' שלמה־מרדכי איז עס דער אומפֿאַרגעסלעכער רב פֿון מײַן שטעטל שטויבץ, וואָס איז פֿאַר מיר דער סאַמע תּמציתדיקער באַגריף פֿון אַ טיפּישן ליטווישן רב בכלל. ער געהערט צום הויפּט־פּערסאָנאַזש פֿון מײַנע פֿריסטע יוגנט־זכרונות, וואָס ווילן אין מיר ניט אויסגעלאָשן ווערן.

ווערט מיר מיט איין מאָל אַ היפּש ביסל קלאָרער דער גאַנצער גאָרטן, פֿון וועלכן עס שטאַמט אונדזער דיכטערישער יובילאַר, און כּדי אים און אונדז נאָך מער צו פֿאַרשענערן די געפֿלאַנטע יובל־שׂמחה. בעט איך רשות אָוועקצולאָזן זיך אַ ווײַלע אויף מעמואַריסטישע וועגן אין יענעם פֿאַרשניטענעם גאָרטן, פֿון וועלכן ס'איז שוין לאַנג קיין שריד ופליט ניט געבליבן, און אָפּקלײַבן פֿון דאָרטן עטלעכע אויסטערלישע קווייטן, וואָס בליִען אין מײַן האַרצן הײַנט ווי אַ מאָל.

טראַכט איך זיך קודם־כּל אַרײַן אינעם טשיקאַוון נאָמען פֿונעם דיכטערס זיידנס ספֿר „אפֿיקי מגינים", וואָס איז אַרויסגענומען פֿון אַ שווערן פּסוק אין איוב (מא, ז). ערשט די צוויי ווערטער זענען צונויפֿגעזעצט כּמעט פֿון די זעלביקע אותיות ווי זײַן פֿאַמיליע־נאָמען פֿײַנבערג (אַ מאָל איז עס געשריבן געוואָרן פֿײַנבארג), און זענען טאַקע בגימטריה

פֿײַנבארג (בלויז דער ריש איז פֿאַרביטן אויף די פֿיר אותיות ק, מ, מ, י,י, וואָס באַטרעפֿן ריש). און דער ב׳ איז מרמז אויף די צוויי ווערטער פֿונעם נאָמען. פּונקט ווי דער ספֿר פֿון זײַן עלטער־פֿעטער „אוהל שם״ איז אַ רמז אויף זײַן נאָמען שלמה־מרדכי, פֿון וואָס שם איז ראָשי תּבות.

דעם זיידן ר׳ שבתי פֿײַנבערג האָב איך ניט געקענט. דערפֿאַר אָבער האָב איך גוט געקענט דער עלטער־פֿעטער ר׳ שלמה־מרדכי, אונדזער לאַנג־יאָריקן שטויבצער רב, עליו השלום. וועל איך פֿאַרבעטן זײַן געשטאַלט, וואָס לעבט אין מײַן זכּרון, אַראָפּצוקומען צום יובל פֿון זײַן דיכטערישן פּלימעניק.

איך געדענק אים ווי אַ ייִדן אַ זקן, — פּערזענלעך זייער אַ פֿרײַנדלעכער און אָנגענעמער אין פּריוואַטע שמועסן, וואָס שמט ניט נאָר אַלס גוואַלדי־קער למדן, נאָר אויך אַלס גרויסער פּקח אין מסחר־ענינים. און דערפֿאַר פֿלעגט מען פֿאָרן צו אים אין בוררות בשעת קאָמפּליצירטע סוחרישע סכסוכים. דערפֿאַר אָבער אין אַלע געטלעכע ענינים איז ער געווען אַ מוראדיקער קפּדן. אין שטאָט האָט ער געגאַלטן פֿאַר אַ כּעסן און איז געווען צעריסן מיט די בעלי־בתּים און אויף די אסיפֿות פֿון זט״ה פֿלעגט ער שטענדיק אָדער שווײַגן, אָדער בייזערן זיך. די פֿרוי זײַנע, די רביצין דרייזשע, פֿלעגט מייגסטנס זײַן קראַנק און ליגן וואָכן־לאַנג אין איר אַלקער, און אַז ס׳פֿלעגן קומען אורחים, פֿלעגט ער דאַרפֿן זײַן אי דער בעל־הבית אי די בעל־הביתטע.

ווײַל ער איז אַליין געווען אַ פֿאַרמעגלעכער ייִד און זײַנע בגידישע קינדער אין סמאַרגאָן, ווי אויך זײַן רײַכער ברודער דער באַנקיר ר׳ איצע ברודני אין ווילנע האָבן געהאַלטן אין איין רופֿן אים צו קומען צו זיי, האָט ער זיך ניט גערעכנט צו פֿיל מיט די בעלי־בתּים און אויב אַ בעל־הבית ווער רעדט נאָך אויב אַ נגיד פֿון שטעטל האָט ניט געוואָלט מקיים זײַן אַ פּסק־דין אָדער האָט זיך געקליבן אָפּטאָן אַן עוולה צו אַ שכן אַן אָרעמאַן, אָדער ניט אויסגעהאַלפֿן ווי געהעריק אַ ייִדן אַ יורד — פֿלעגט ער אים שיקן רופֿן צו זיך און אין בײַזײַן פֿון גאַנץ זט״ה אים אויסזידלען כּאחד הריקים, און אַ מאָל אַפֿילו אַרויסטרײַבן פֿון שטוב. באַלד פֿלעגט ער זיך אָבער כאַפּן, אַז גערעכט איז ער טאַקע, און וואָס ער האָט געטאָן איז ער אַלס מרא־דאתרא געווען מחוייב צו טאָן, אָבער וואָס טוט מען מיט דעם „המלבין פּני חברו ברבים?״ — פֿלעגט ער זיך געשווינד לאָזן לויפֿן איבערן לאַנגן הויף ביז צו דער קאַליטקע און פֿלעגט שרײַען איבער דער גאַנצער

גאָס: ר׳ ייִד, ר׳ ייִד, זייַט אַזוי גוט און קומט צוריק, איך וויל בייַ אייַך מחילה בעטן...

צווישן רבנים האָט ער געשמט אַלס איינער פֿון די גרעסטע און שאַרפֿסטע למדנים אין דער גאַנצער ליטווישער געגנט. אַלע האָבן געוווּסט אַז ער שרייַבט אַ ספֿר — וואָס וועט פֿאַרפֿלאַמען אַ וועלט מיט זייַנע טיפֿע לומדישע חדושי־תּורה. ר׳ אליה־ברוך קאַמאַי אַליין, דער אַלטער ראָש־ישיבה פֿון דער נאָענטער מירער ישיבה פֿלעגט צו אים שיקן זייַנע בעסטע בחורים צו נעמען בייַ אים סמיכה אויף רבנות. און איך געדענק גוט ווי חשובע באַבורדלטע עלויים פֿלעגן זיך אָפּוואַלגערן אַ ווינטער־לאַנג אין געמויערטן בית־מדרש, גרייטנדיק זיך יומם ולילה צום שטרענגן יום־הדין, ווען דער רב וועט זיי פֿאַרהערן, און זיי פֿלעגן דערבייַ די גאַנצע צייַט ציטערן פֿאַר זייַן הויך.

אין פֿרומקייט איז ער געווען אַן עקסטרעמער קעגנער פֿון יעטוועדן שינוי, און מען האָט ניט געטאָרט אָנרירן דעם מינדסטן מינהג. און פֿלאַמפֿייַער איז ער געווען אויף השׂכּלה־שרייַבערס און אויף דער גאַנצער מאָדערנער ליטעראַטור. ער האָט זייער חשק געהאַט ניט צוצולאָזן איר קיין שום דריסת־רגל אין זייַן גאַנצער קהילה.

געדענק איך ווי אַ וויץ אַז דווקא פֿון אים האָב איך באַקומען די ערשטע אָנרעגונג צו זוכן און צו געפֿינען די השׂכּלה־ביכער.

געווען איז עס שבת־שובה. איך בין נאָך געווען אַ קליין ייִנגל, וואָס האָט געלערנט אין חדר בייַם גמרא־מלמד, און איך בין פֿרום געגאַנגען הערן דעם רבֿס דרשה. געדענק איך אים שטייענדיק אייַנגעוויקלט אינעם לאַנגן טלית אויף דער בימה, די גראָע באָרד באַדעקט דאָס גאַנצע האַרץ, און דאָס קייַלעכדיקע שיינע פּעלצענע שטרייַמל אַרויפֿגערוקט אויפֿן ברייטן שטערן. איך בין געשטאַנען און געשלונגען די ווערטער. זע איך ווי זייַן פּנים ווערט רויט פֿון צאָרן, די פֿאַרביקע פֿאַטשיילקע אין זייַן פֿויסט ציטערט פֿון אויפֿרעגונג און זייַן קול דונערט: „ליליענבלום און אחד־העם ימח שמם וזכרם״!

אַן אָנגעצונדענער בין איך פֿון דער דרשה אַוועקגעלאָפֿן צו אַלטער דעם לערער דערגיין, ווער זענען דאָס אָט די געפֿערלעכע מענער, וועמעס נאָמען איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געהאַט געהערט, און וועמען דער רב האָט אַזוי ביטער און דווקא מיט אַ גראַם, אַ פּנים כּדי איך זאָל זיי בעסער

פאַרגעדענקען, אַקערשט ערשט אַזוי פּײַערלעך פֿאַרשאַלטן. און בײַ אים האָב איך טאַקע באַקומען אי ליליענבלומס „חטאת נעורים", אי אחד העמס „על פרשת דרכים", וואָס כ'האָב פריִער וועגן זייער עקסיסטענץ ניט געוווּסט.

מײַן הויפּט־אָפּאָזיציע קעגן דעם רב האָט זיך אָנגעהויבן וועגן דעם ענין ציוניזם. פאַר אים איז שוין אייגנטלעך חסידות אויך געווען אַ מין „חדש" וואָס איז „אסור מן התורה". פונעם בריוו פון אונדזער יובילאַרס מינכענער פעטער דערוויס איך זיך, אַז די מחלוקת וועגן חסידות איז געווען אין זײַן משפחה. דעם רבס פאָטערס ברודער, אַברהמל איצעלעס. דער עלטער־זיידע פון אונדזער בעל־יובל, איז גראָד געווען אַ גרויסער חב"דער חסיד, אָבער דעם רבס פאָטער איז געווען אַ געבראָטענער מתנגד, און די מחלוקת צווישן די ברידער איז אָנגעגאַנגען אַלע יאָרן. און דער רב אַליין איז טאַקע געטרײַ געבליבן זײַן פאָטערס טראַדיציע מיט אַ ווערך. אָבער אויב „צום אומגליק" פון חסידות האָט ער זיך צו ביסלעך צוגעוווינט (ווי ווײַט איך געדענק איז זײַן פּוס קיין מאָל ניט אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פון דער דערבײַיקער חסידישער שטיבל, ניט דער קיידענאָווער און ניט אונדזערער, דער חב"דער), איז אָבער די שינאה זײַנע צו דער נײַער „ציוניסטישער אַנ־שיקעניש" געווען אין לשער. ער האָט עס באַטראַכט פאַר זײַן הייליקן חוב ניט אַרײַנצולאָזן דעם ציוניזם אין זײַן שטאָט אַרײַן בשום פנים ואופן, און ווער עס איז שוין ניכשל געוואָרן און האָט זיך אַרײַנגעצויגן אין אָט דער „טריפהנער פאַרבלענדעניש" — אים רודף עד חרמה, ביז דער ציוניס־טישער דיבוק זאָל פון אים אַרויס.

פלעגט מען אין ציוניסטישע קרײַזן אין שטויבץ דערציילן, אַז נאָך אין די צײַטן פון חיבת־ציון, ווען ר' שלמה־מרדכי איז נאָך אין שטויבץ קיין רב ניט געווען, און על כסא־הרבנות איז נאָך געזעסן דער באַרימטער ר' ישראל־נח לעווין, וואָס איז נאָך דעם געוואָרן רב אין מאָסקווע און שפּעטער שטאָט־מגיד אין ווילנע, האָט זיך אין שטויבץ געמאַכט אַ גרויסע בוררות, און די בײדע הויפּט־צדדים פונעם סכסוך זענען געווען פלאַמיקע חובבי־ציון. אַז די דין־תורה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט דער רב, מיט דער הסכמה פון בײדע צדדים, באַשלאָסן אַז דער אַרויפגעלייגטער קנס וואָס ס'האָט באַטראָפן 100 רובל זאָל אָוועקגעשיקט ווערן קיין אָדעס צום ועד פון די חובבי־ציון.

דערווײַל איז ר' ישראל־נח אָוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע און די שטויבצער רבנות האָט פאַרנומען ר' שלמה־מרדכי, און דאָס געלט איז געווען

דעפּאָזירט אויף דעם רבס נאָמען. איז דער נײַער רב געוואָרן אַ פּאַרציטער־טער, אַז פֿון זײַן נײַער שטאָט זאָל מיט זײַן אייגענער הסכּמה אָוועקגעשיקט ווערן געלט צום בעל פּעור רחמנא ליצלן. האָט ער זיך פֿאַרעקשנט אַז דאָס געלט זאָל טאַקע געשיקט ווערן קיין א״י, אָבער צו דער קופּת ר׳ מאיר בעל הנס. האָט עס געהאַלטן בײַ אַ גרויסן סקאַנדאַל. די זאַך איז דערגאַנגען אַזש קיין אָדעס. דער רב האָט טאַקע גוט געוווסט, אַז מען טאָר ניט משנה זײַן מצדקה לצדקה. אַוודאי טאָר מען עס ניט. אָבער ווערן, חלילה, „אַ נותן יד לפּושעים״ וויל ער נאָך מער ניט. האָבן רבנים פֿאַרבאָטן מען זאָל וועגן דעם עפֿנטלעך ריידן, כּדי פֿאַרמײַדן חלול־השם. אָבער פֿירנדיקע ציוניסטן אין דער געגנט האָבן דעם ענין ניט פֿאַרגעסן. 100 רובל איז, לויט די אַמאָ־ליקע קערות־באַגריפֿן פֿון הו״צ, געווען אַ מטמון מיט געלט. איז אַראָפּ־געקומען קיין שטויבץ איין מאָל דער ציוניסטישער רב קאָקעס פֿון טשע־ריקאָוו, וואָס האָט געהאַט אַ ברודער אין שטויבץ, אויסצוטענהן זיך מיטן רב. און דער טשעריקאָווער רב איז געווען אַ פֿײַנער דרשן און אַ רבנישער פּאָלעמיקער, האָט זיך אָבער פֿון זײַן שליחות גאָרניט אויסגעלאָזן. ווײַל די פּערזענלעכע באַגעגעניש איז גאָר ניט פֿאָרגעקומען. איז אַראָפּגעפֿאָרן קיין שטויבץ דער מינסקער דעלעגאָט צו די באַזעלער קאָנגרעסן, דער ציוניס־טישער אָראַטאָר מיכאל שימי הורביץ, דער בן־יחיד פֿון מײַן רײַכן און לומדישן פֿעטער, דעם מינסקער וואַלד־סוחר ר׳ שמואל־שלמה הורביץ, וואָס פֿון זײַנע וועלדער אַרום שטויבץ האָבן געצויגן חיונה אַ היפּש ביסל ייִדן אין שטעטל. האָבן ציוניסטן געמיינט, אַז אים וועט דער רב ניט קענען מעיז־פּנים זײַן. געדענק איך אַז איך בין געשיקט געוואָרן זאָגן דעם רב, אַז מיכאל שימי הורביץ איז דאָ און וויל צו אים אַרײַנגיין, פֿרעגט ער ווען וועט זײַן דעם רב אײַנגענעם צו אויפֿנעמען אים.

הייבט זיך אויף דער אַלטער רב פֿון דער גמרא און זאָגט צו מיר מיט אַ קלוגן שמייכל: גיי און זאָג אים, אַז בײַ מיר, גאָט צו דאַנקען, שטייט ניט קיין אַקאַלאָדאַצניק בײַם גאַניק און אויף מײַן טיר הענגט ניט קיין גלעקל, חס־ושלום. וויל אַ ייִד אַרײַן צום רב דאַרף ער קיין דערלויבעניש ניט בעטן, און בפֿרט נאָך אַן אורח און אַזאַ חשובער אורח.

אָבער אויך זײַן באַזוך, וואָס איז געווען געוועבט און געשפּונען מיט קלוגע אויסטײַטשונגען און עכט רבנישע שטעכווערטלעך, האָט זיך גע־ענדיקט מיט גאָרנישט.

האָט מען אַפילו דערציילט, אַז אַ מאָל האָט שוין דער מינסקער גדול אַליין צו אים געשריבן ער זאָל מבטל זײַן זײַן רצון מפני רצון חבריו, און אַזוי פאַרהעלפן אַפּצוטאָן לזות־שפתיים. ווייס איך ניט צי די גאַנצע מעשׂה מיטן גדולס בריוו איז אַן אמתע און אַוודאי ווייס איך ניט וואָס דער רב האָט אים געענטפערט. איך ווייס אָבער אַז כל־זמן הרב ר׳ שלמה־מרדכי ברודני איז געזעסן על כסא־הרבנות בשטויבץ זענען די הונדערט רובל געלעגן אין מינסק אין באַנק אויף זײַן נאָמען, און זענען קיין אָדעס ניט אַוועקגעשיקט געוואָרן.

און קוק איך זיך איצט אײַן אין דער געשטאַלט פון שטויבצער רב, האָבנדיק פאַר מיר די געשטאַלט פון זײַן דיכטערישן תל־אביבער פלימעניק, שטײַגן מיר אויף זײַן זכרון נאָך כאַראַקטעריסטישע שטריכן: געווען איז אונדזער שטויבצער רב אַן אַנלען און אַ שטיצפּונקט פאַר אַלע זײַנע שכנישע רבנים אין די קלענערע שטעטלעך אַרום. מיט געבן הסכמות אויף אָפּצו־דרוקן אַן אַרײַנפיר צו זייערע חבורים האָט ער זיך טאַקע ניט געוואָרפן. געהאַט האָט ער אַ מוראדיקן אָפּשײַ פאַרן געדרוקטן וואָרט. זענען טאַקע די ייִנגערע רבנים געווען אַ ביסל אַנגעשטויסן אויף אים דערפאַר. אָבער מחוץ פון געדרוקטע הסכמות איז ער געווען פאַר זיי היפּלסגרייט אין אַלע פּרטים. ער פלעגט גערן געבן זיי רעקאָמענדאַציע־בריוו און המלצות צו רבנים און צו נגידים, צו קהילות און צו לאַנד־שדכנים. זײַן אייגענער שטויבצער לאַנד־שדכן פאַר רבנים־שטעלעס אין גאַר דער מדינה, ר׳ אליהו מאַכטיי, איז אַלע מאָל געווען צו הילף „מיט ראַט און טאַט" און אַז אַ שכנישער רב איז אַראָפּ־געקומען אויף אַ שבת — אויב ער איז נאָר ניט געווען קיין ציוניסט — פלעגט ער אים אויפנעמען מיטן שענסטן הדר וכבוד. פלעגט אים אָפּטרעטן זײַן אייגענעם שלישי אין גרויסן בית־המדרש און פלעגט שטעלן צו זײַן רשות די בימה אויף צו דרשענען בין מנחה למעריב.

דערפאַר אָבער פלעגט ער זײַן אייגענעם כבוד זייער שאַנעווען, פלעגט זײַן זייער שפּירעוודיק אויב אַ זײַטיקער רב פלעגט לאָזן פאַלן אַ מיינונג וועגן זײַן לומדות אָדער וועגן זײַן דרשנות וואָס האָט בײַ אים ניט נושׂא־חן געווען, און וועלכער גאון ס׳פלעגט ניט קומען אין זײַן שטויבץ, אַפילו דער מירער ראש־ישיבה אַליין, פלעגט ער אים אויפנעמען ווי אַ גלײַכער אַ גלײַכן.

און זײַן אייגענעם חיבור האָט ער געשריבן בדחילו ורחימו צענדליקער

יאָר נאָך אַנאַנד, און ס'האָט אים אַלע מאָל געדאַכט אַז דער חיבור איז ניט גענוג געשליפֿן כּדי אַרויסצולאָזן אים פֿון דער האַנט און איבערגעבן אים דער רבנישער עפֿנטלעכקייט.

איין מאָל האָב איך געזען דעם רב אין זײַן אויפֿרעגונג און אויפֿברויז פֿון טעטיקייט בשעת אַן אַרטיקן ייִדיש־גוייִשן סכסוך, ווו זײַנער אַן אייניקל, איז געווען דירעקט פֿאַרמישט: ווילט זיך מיר אויך דעם אייניקלס ליכטיקן אָנדענק פֿאַרבעטן צו אונדזער שׂמחה און אויך אים אַרײַנפֿלעכטן אין אונדזער „גאָלדענער קייט".

הערט אַ מעשׂה׳

צו אים איז אַ מאָל געקומען צו גאַסט זײַנס אַן אייניקל פֿון סמאַרגאָן, אײַזיק. טאַקע אָט דער אונדז אַלעמען גוט באַקאַנטער פֿון אונדז אַלעמען געשעצטער און ניט לאַנג צוריק פֿאַרשטאָרבענער דירעקטאָר פֿון אונדזער אַרבעטער־באַנק אין ארץ־ישׂראל — אײַזיק ברודני. ער איז געווען אין מײַן עלטער, אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר עלף, און געקומען איז ער צום זיידן אויף די דרײַ קאַניקול־חדשים, וואָס ער האָט געהאַט אין זײַן קאָמערטשעסקער שול. געשמט האָט ער פֿאַר אַ ייִנגל מיט אַ גוטן קאָפּ, וואָס האָט נאָך געהאַלטן בײַם לערנען און איז געווען אַרײַנגעטאָן אין ציוניזם. זענען מיר באַלד געוואָרן גרויסע ידידים. איך האָב דענסטמאָל אָנגעהויבן לערנען בײַם רבס דיין, ר׳ יעקב־מאיר דער ווײַסער, וואָס איז פֿריִער געווען אַ משולח פֿון מירער ישיבה, און כּדי אײַזיק זאָל אין די קאַניקול־חדשים ניט ווערן אָפּגעפֿרעמדט פֿון תּורה, האָט דער רב אים אַרײַנגעגעבן אין אונדזער כּתּה, און שבת נאָכן דאַווענען פֿלעגט ער אַליין מיט אונדז ביידן לערנען נדרים מיטן ר״ן. האָבן מיר ביידע אַ מאָל באַשלאָסן שבת פֿאַרן לערנען כאַפּן אַ שפּאַציר צו דער מיל.

די מיל איז געשטאַנען אויפֿן רעכטן מיטן וועג צווישן די לעצטע שטעטלדיקע הײַזער פֿון מינסקער גאַס און צווישן דעם וואָקזאַל. צווישן לייב־אריה דעם בעקער, די לעצטע הויז אין גאַס, און דער מיל האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער געלער באַרג־אַרויף פֿון לויטער טיפֿע זאַמדדיונעס. זענען מיר זיך געגאַנגען אַזוי אויסגעפּוצטע אין די שבתדיקע זומערדיקע אָנצוגלעך, פֿאַרטיפֿטע אין אונדזער שמועס, ווי אונדזערע פֿיסלעך אין די הייסע זאַמדן ביז די קנעכלעך, ערשט ווי מיר האַלטן שוין בײַ דער סאַמע

מיל, גיט זיך אַ לאָז אויף אונדז פון הינטער די מאַהילקעס אַ כאַפּטע שקצים האַלטנדיק די פאַלעס פון זייערע סערמיגלעך אין זייערע קולאַקלעך און שרײַענדיק: „היי, היי, זשיד כאַלאַמיד״; און באַלד דערויף הייבן זיך אָן שיטן אויף אונדז הויפנס זאַמד און שטיינדלעך, פאַרהילכט פון אַ מאוייִמ־דיקער בילערײַ פון באַגלייטנדיקע הינט.

וועגן אַנטקעגנשטעלן זיך אַליין מיט ליידיקע הענט קעגן אַזאַ גרויסער באַנדע שקצים האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זײַן; און שבת פרי בעת סאַמע דאַווענען, ווען אין גאַנץ יורזיקע עסט מען שוין טשאָלנט, האָט מען קיין איין יִדיש ייִנגל אין דער געגנט ניט געקענט געפינען אויף אַ רפואה. ניט טויט ניט לעבעדיק זענען מיר געלאָפן פייל פון בויגן צוריק אין שטאָט אַרײַן; און קרוע־בלוע, פאַרשוויצט און באַשמוציקט, סאַפּענדיק מיט די לעצטע כוחות זענען מיר קוים־קוים אַרײַנגעפאַלן אינעם רבס הויז, וווּ ס׳איז געווען פאַרזאַמלט גאַנץ פּני צו קידוש.

די טעג זענען דענסטמאָל געווען אומרויִקע, אַלע בעלי־בתּים אין רבס הויז זענען אויפגעשפּרונגען ווי צערודערטע הערנדיק אונדזער געשיכטע. און באַלד איז דאָס גאַנצע שטעטל אַוועק כאַדאַראַם. אייניקע האָבן געשריִען אַז יִדישע ייִנגלעך האָבן גאָר ניט געטאָרט אין אַזעלכע צײַטן זיך לאָזן שפּאַצירן אין אַ גויִישער געגנט, און אַנדערע האָבן געטענהט אַז מיר טאָרן ניט שווײַגן. מיר מוזן אויספאָרשן פון וואַנען זענען די שקצים און פאַר־פירן אַ פּראָצעס. בראש פון אַלע אויפגערעגטע איז געשאַנען דער אַלטער רב. ווי אַ געטרײַער פּאַסטעך אין וועמעס סטאַדע עס האָבן זיך באַוויזן וועלף, האָט ער אָן אַויפגעציטערטער געשריִען, מען זאָל תּיכף אַרויסשיקן שטאַפעטן אויסצופאָרשן לויט די פּוסטייכנס אין די זאַמדן ווּהין די שקצים זענען זיך צעלאָפן, און מען זאָל גוט דערגיין פון וואַנען שטאַמען די הינט און מען זאָל זיך ניט פאַרלאָזן אויף גויִישע משפּטים און מען זאָל ניט שווײַגן.

נאָך אַ לאַנגער צײַט האָט דאָס שטעטלדיקע יונגוואַרג ווידער הנאה געהאַט פונעם אַלטן רב.

און האַלטנדיק דאָס אויג אויף אונדזער דיכטער דעם יובילאַר, ווילט זיך מיר אַרויספירן אין זכּרון נאָך איין שטריך: וועגן דעם ענין שייכ־קייט אין דער משפּחה. דעם רבס ברודער, ר׳ איטשע ברודני דעם ווילנער באַנקיר, וואָס דער מינכענער בריוושרײַבער קען זיך ניט אָפּוווּנדערן פון

זײַן הדרת־פּנים און פֿאַרגלײַכט זײַן אויסזען מיטן פּנים פֿון ד״ר הערצל — האָב איך פּערזענלעך ניט געזען און קען דעריבער וועגן אים ניט אורטיילן.

אָבער איך האָב געהאַט די זכיה גוט צו קענען אַ צווייטן עקספּאָנענט פֿון דער משפּחהדיקער שיינקייט און פֿון באַגײַסטערונג פֿאַר שיינקייט צוגלײַך. האָב איך אַ גלײַענדיקן חשק אויך איר ווונדערלעכע געשטאַלט צו פֿאַרבעטן צו אונדזער יובל־פֿײַער און זאָל אויך איר שײַנענדיק פּנים אַרויס־שטראַלן אויף אונדזער יום־טוב.

צום רב איז אַ מאָל געקומען צו גאַסט אַ צווייטע אייניקל־טאָכטער, דוכט זיך אויך פֿון סמאַרגאָן. קסעניע האָט זי געהייסן, אַ טאָכטער פֿון רבס איידעם. איז זי געווען אַ זייער שיין מיידל מיט צוויי דיקע לאַנגע באַגילדטע צעפּ און טיף קלוגע ייִדישע אויגן. גערעדט האָט זי מייגסטנס רוסיש און איז געווען גוט באַפֿרײַנדט מיט מײַנע שוועסטער. געקומען איז זי קיין שטויבץ מיט אירע עלטערן צו אַ ברית אין רבס הויז. העניע, דעם רבס יונגע שנור — די פֿרוי פֿון זײַן ייִנגסטן זון זלמן ברודני — אַ נאָענטע ייִנגערע חברטע פֿון מײַן מוטער, האָט געבוירן אַ ייִנגעלע. זלמן ברודני, דער בעל־הברית, איז געווען באַשעפֿטיקט אין זײַן נײַער פֿאַבריק אין דווינסק, אָבער אַנדערע קרובים זענען זיך צונויפֿגעפֿאָרן פֿון פֿאַרשיידענע שטעט. זיי זענען געווען באַחנטע און באַטעמטע לומדיש־נגידישע מענטשן. און קסעניע איז געווען די אָנערקענט שענסטע צווישן זיי אַלע. אײַזיק איז שוין געהאַט געווען אוועקגעפֿאָרן. געדענק איך ווי באַגליקט איך בין געוואָרן, ווען איך האָב געהערט אַז לויט העניעס באַשלוס וועל איך מיט קסעניען זײַן קוואַטער אויפֿן ברית. זי האָט געשפּרײַזט לעבן מיר ווי אַ יונגע פּרינצעסין טראָגנדיק פֿײַערלעך די אויסגעפּוצטע קישן מיטן ייִנגעלע פֿון העניעס צימער ביזן רבס זאַל. און אין אַ געהויבענער שטילקייט האָבן מיר שפּעטער ביידע אָפּגעוואַרט לעבן דער טיר ביז דער הייליקער אַקט האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ מאַנסבילשן רעש פֿון „מזל־טוב״ און די קישן מיטן רך הנימול איז אונדז ווידער צוריקגעבראַכט געוואָרן, און מיר האָבן ביידע נאָך אַ מאָל פֿײַערלעך געשפּרײַזט מיטן קישן ביז צו דער בעט פֿון העניען, ווו עס זענען געווען פֿאַרזאַמלט אַלע פֿרויען פֿון ביידע צדדים.

אומפֿאַרגעסלעך איז געבליבן אין מײַן זכּרון אָט די כּמעט קינדישע דערמאָנונג פֿון אָט דער פֿײַערלעכער פּראָצעסיע און די אַזוי עפֿנטלעך־אינטימע בשותּפֿותדיקייט מיט דער שיינער קסעניע, דעם רבס אייניקל

און אונדזער דיכטערס שוועסטערקינד.

אַ סך שפּעטער האָב איך זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ אונדזער אײַזיק ברודני (בראַלי) וועגן זײַן שוועסטערס קינד קסעניע. האָב איך זיך דערוווּסט אַז אויך זי איז געווען אונדזער יובילאַרס אַ לײַדן־שוועסטער אין ווילנער געטאָ און איז טאַקע אומגעקומען אין פּאָנאַר, וואָס פֿון אונטער יענער ערד איז געוווען די געהיימשטאָט, פֿון וואַנען ס׳איז אויף אַזאַ העראָישן אופֿן אַנטרונען געוואָרן און וואָס עס האָט זי אַזוי אײַנציקאַרטיק אויסגעוויײנט און אויסגעזונגען אונדזער דיכטער.

זאָל אויך איר ליכטיקער אָנדענק אַרײַנגעפֿלאָכטן ווערן אינעם יום־טובדיקן בלומענקראַנץ וואָס ווערט דאָ מיט אַזוי פֿיל האַרציקע ברכות צוגעטראָגן צום יובל פֿונעם דיכטער און פֿרײַנד אברהם סוצקעווער, גרו יאיר לאורך ימים ושנים.

1963

# די מנורה פון כנרת

## דרײַ, צוויי, צוויי און איינע

**א. ממשיך זײַן זייער ליכט**

דער מינהג צו גיין אויף קבר־אבות פֿון ראשונים און פֿון גײַסטיקע מנהיגים אין זייערע געדענקטעג, צו מתיחד זײַן זיך מיט די אוצרות פֿון זייער ירושה און פּרווון ממשיך צו זײַן זייער ליכט אויף אונדזערע מעשים און לעבנסצילן — איז אײגנטלעך אַן אַלטער ייִדישער מנהג, וואָס איז בײַ אונדז פֿאַרגעסן געוואָרן אין די לעצטע דורות און האָט זיך ווידער בײַ אונדז באַנײַט אין די לעצטן יאָרן, ווי פֿון זיך אַליין. קיינער קאָן ניט זאָגן גענוי, ווען איז דער דאָזיקער מנהג בײַ אונדז באַנײַט געוואָרן. און אַז ער האָט זיך באַנײַט, האָבן מיר אויך ניט געפּרווט אויפֿקלערן צוליב וואָס מ'האָט אים באַנײַט. קיין שום כּינוס האָט דאָס ניט באַשלאָסן, און קיין שום רעזאָ־לוציע איז וועגן דעם ניט אָנגענומען געוואָרן. פֿאַרקערט, אַ טייל האָבן גאָר געזען אין דעם אַ מין „באַנײַטן קולט פֿון מתים", און עס איז געווען אַ חשש טאָמער וועט דאָס ווערן אַן „אַנטלויף פֿון דער ווירקלעכקייט און אירע פֿליכ־טן". אָבער אָן קיין שום אָפֿיציעלער הסכּמה האָבן זיך בײַ אונדז געמערט די געדענקטעג און די געדענקביכער און די פּרווון פֿון „פֿאַראייביקונג". נאָך דער שואָה האָט זיך געשטאַרקט בײַ אונדז די באַדערפֿעניש צו שטעלן ביכער־מצבות נאָך אונדזערע פֿאַרשניטענע קהילות — און אַז פֿון מאָל צו מאָל איז גרעסער געוואָרן די צאָל קרבנות אין די גבורה־קאַמפֿן אין אונדזער לאַנד, האָט זיך פֿאַרשטאַרקט די באַדערפֿעניש אויפֿצוהיטן די גוילי־אש — די פֿײַערדיקע פֿאַרמעטן און די עדות־זאָגונגען פֿון חברים. און די אַ פֿאָדע־רונג האָט זיך אַנטפּלעקט אויך אין דעם לעבן פֿון פּרט און, נאָך מער, אינעם לעבן פֿון כּלל. קלאָר, אַז עס איז פֿאַראַן אַ ווילן צו איבערצײַגן זיך אַליין, אַז ניט מיט דעם טויט פֿון מענטש לאָזט זיך אויס זײַן לעבן. ס'איז דאָ אַ נשמה־באַדערפֿעניש צו „בינדן מיט שטריק" דעם לעבנס־יום־טוב וואָס לויפֿט פֿון

אונדז אַוועק, צו אַרײַנרינגלען אים אין דער קייט פון די פריִער אַוועקגעגאַנ־גענע און זייערע נאָכקומערס, די גײַסטיקע און די היסטאָרישע, כּדי זוכה צו זײַן צום צוגעזאָגטן און אַזוי געגאַרטן „אַריכות־ימים״. און מיט דער באַדער־פעניש איז אויך געוואַקסן די יכולת. און צוזאַמען מיט דער גאַנצער אַנטוויק־לונג און אויסברייטערונג פון אונדזערע מחשבה־שטרעמונגען, פילט זיך בײַ אונדז אַ נויטווענדיקייט צו פאָרשן פון דאָס נײַ און פאַרטיפן זיך וואָס מער אין דער ירושה פון די ראשונים, פאַרבינדן מיט איר די זוכענישן פון די אחרונים און דערגיין דעם סוד פון זייער המשכדיקייט.

איבער אַ סך ב״ת־עלמינס אין אונדזער לאַנד זענען צעשפּרייט מצבות פון די וואָס האָבן אויסגעפּאָרעמט די געשטאַלט פון אונדזער מדינה. ווען מיר וואָלטן וועלן אָפּריכטן אַלעמענס יאָרצײַטן וואָלטן אונדז ניט גע־סטײַעט די טעג פון יאָר.

פּרוּוון מיר דעריבער אויסקלײַבן נאָר די, וואָס די געשיכטע האָט זיי שוין אויסגעקליבן, און — וואָס דאָס באַוווסטזײַן פון זייער „פּאָטערשאַפּט״ האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון דעם צײַט. אַ מאָל דאַכט זיך אונדז, אַז דווקא אין הײַנטיקע טעג רעדט צו אונדז זייער ירושה נאָך דײַטלעכער, אויב מיר זאָלן נאָר וויסן ווי צו דעשיפרירן זי און ווי אַרויסצוברענגען איר זינען אין דער שפּראַך פון אונדזער שפּאָכע.

אויך זייער אָנדענק האָט מען בדעה אַרויסצוברענגען גרופּעסווײַז, וועדליק דעם קשר צווישן זייערע מחשבות און מעשׂים, כּדי עס זאָל בולט אַרויסקומען זייער קעגנזײַטיקע שײַכות, און עס זאָל קלאָרער ווערן די שלשלת־היוחסין פון אונדז אַלעמען צו זיי.

האָבן גוט געטאָן די, וואָס האָבן באַשלאָסן אָנצוהייבן הײַיאָר מיט די ליכטיקע געשטאַלטן וואָס שלאָפן אַרויס פון בית־הקברות אין כּנרת, אַרויסגייענדיק פון דער הנחה אַז יעדעס מאָל וועט באַשטימט ווערן פאַר דעם אַן אַנדער צענטראַל אָרט — אין תּל־אביב, אין ירושלים, אין עמק, אין גליל אאַ״וו. ביז אין אַ ציקל פון יאָרן וועלן אַרויסגעבראַכט ווערן די פּערזענלעכקייט, די לערע און די אויפטוען פון אַלע אָבות פון דער באַ־וועגונג, אָן אונטערשייד פון שטרעמונג און אָנגעהעריקייט.

מיר הייבן אָן מיטן בית־הקברות פון כּנרת און דגניה, דערפאַר ווײַל דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ווערק פון דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע, דאָ איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון דער קבוצה, פון דאַנען האָט אַרויסגעשטראַלט

דאָס ליכט ווײַט, ווײַט אין לאַנד און אין די גלותן און אויך דערפֿאַר, ווײַל אַהער האָט מען געבראַכט פֿון חוץ־לארץ דאָס געביין פֿון די מבשׂרים און לערערס פֿון דעם גאַנצן סאָציאַליסטישן ציוניזם.

און עטלעכע פֿון זיי, וואָס זייערע געשטאַלטן וועלן מיר דאָ איצט אַרויסהייבן, זענען גראָד איצט אויך יובילאַרן: הײַיאָר ווערט הונדערט יאָר ווי ס'איז געבוירן געוואָרן נחמן סירקין, וואָס זײַן געביין האָבן מיר געבראַכט קיין כּנרת, פֿון ניו־יאָרק, און ב׳ טבת איז געוואָרן פֿופֿציק יאָר נאָך דער פּטירה פֿון בער באָראָכאָוו, וואָס זײַן געביין האָבן מיר געבראַכט אַהער מיט פֿינף יאָר צוריק, פֿון קיִעוו; אַהער האָט מען אויך געבראַכט די ביינער פֿון משה העס, וואָס ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק איז געוואָרן הונדערט יאָר זינט עס איז דערשינען זײַן בוך רוים און ירושלים, דאָס בשׂורה־בוך פֿון דער ייִדישער מדינה, אַרויסגעזען פֿון נביאיש־סאָציאַליסטישער וויזיע.

אָט ערשט האָבן מיר באַזוכט דאָ דעם היסטאָרישן בית־הקברות וואָס ער איז אַ מין פּאַנטעאָן פֿון די ראשונים פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד.

אייגענטלעך זענען אַלע קברים פֿון דעם אַ בית־החיים — קברים פֿון אָבות. אָנהייבנדיק פֿון די תּימנים־קברים און ענדקנדיק מיט די קברים פֿון די חיילים און די גבורים פֿון דער שמירה און הגנה, אויך די קברים פֿון די אַרבעטסמענטשן, די באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, וואָס האָבן אַנגעלאָדן אויף זיך דעם עול פֿון אונדזער נײַ לעבן, יעדער איינער און זײַן טוונג, יעדער אייענר און זײַן שטומע צוואה.

און פֿון צווישן אָט זיי אַלעמען, וועלן מיר הײַנט פּרובירן אָנצינדן די אָנדענק־מנורה פֿאַר אַכט ראשונים: דרײַ, צוויי, צוויי און איינע.

די נעמען פֿון די דרײַ, האָב איך שוין אייגנטלעך דערמאָנט: זיי זענען משה העס, נחמן סירקין און בער באָראָכאָוו, אַלע דרײַ, אין אַ באַשטימטער מאָס, זענען אָבות פֿון די אָבות. אָט רוען זיי דאָ, ניט ווײַט איינער פֿון אַנדערן, אין סאַמע האַרץ פֿון בית־החיים. אַלע דרײַ האָבן געלעבט און געווירקט נאָך פֿאַרן אויפֿקום פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד. אַלע דרײַ — בלויז זייער וויזיע, זייער לערע און זייערע תּלמידים זענען אַרומגעגאַנגען דאָ צווישן די לעבעדיקע. אָבער זיי

אַליין האָבן געלעבט, געקעמפּט און פאַרשפּרייט זייערע געדאַנקען אין פרעמ־דע לענדער און אין פרעמדע שפּראַכן, נאָר די אָפּקלאַנגען זייערע זענען אויפגענומען און קולטיווירט געוואָרן דאָ אין לאַנד. אָבער אָן זיי און אָן זייער גײַסטיקן געראַנגל איז אַ גרויסער ספק, צי אין אונדזערע טעג וואָלט פאָרגעקומען דער גרויסער שינוי וואָס מיר זעען איצט פאַר אונדזערע אויגן; און עס איז אַ גאַר גרויסער ספק, צי אויך די פיר הויפּטגעשטאַלטן, וואָס זייער אָנדענק וועלן מיר דאָ אַרויסברענגען — און זיי זענען די מוס־טער־אָבות פון דעם גרויסן ווערק וואָס דער ייִדישער אַרבעטער האָט געשאַפן אין לאַנד, זיי, זייערע חברים און תּלמידים — צי וואָלטן זיי מצליח געווען אָן דער ירושה פון אָט די דרײַ. אָן די דרײַ וואָלטן אויך די פיר ניט געקענט טאָן דאָס וואָס זיי האָבן געטאָן און אַזוי ווי זיי האָבן עס געטאָן: זיי זענען א. ד. גאָרדאָן, וואָס רוט דאָ אויף יענער זײַט טײַך, און בערל קאַצנעלסאָן, ב״צ ישׂראלי און ש. יבנאלי, וואָס רוען אין סאַמע מיטן פונעם בית־עלמין אין כּנרת.

**ב. מ. העס און זײַן בוך „רוים און ירושלים״**

כּדי צו דערגרונטעווען זיך צו דער טיף פון רוים און ירושלים דאַרף מען געדענקען ניט נאָר פאַר וועמען העס האָט געשריבן, נאָר אויך קעגן וועמען. העס, ניט געקוקט אויף זײַן ייִדישער דערציִונג און ניט געקוקט אויף זײַן פאַרערן דעם זיידן זײַנעם — אַ רב, וואָס האָט ניט געלעבט פון רבנות, אָבער איז געווען מלא וגדוש מיט תּורה און ייִדישקייט־קולטור, — האָט אַלע זײַנע יאָרן געלעבט ניט אין דער סביבה פון אַ ייִדישער קהילה, נײַערט אין דער סביבה פון דײַטשע און שפּעטער פראַנצייזישע אינטעלי־גענטן, מערסטנס פון ייִדישן אָפּשטאַם, וואָס האָבן זיך באַוווּסטזיניק דער־ווײַטערט פון ייִדנטום און זענען געשטאַנען בראָש פון דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

די דרײַ גרינדערס פונעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל וואָס זיי אַלע האָבן געשטאַמט פון דײַטשן סאָציאַליזם (אָדער ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן: דער דײַטשער קאָמוניזם), זענען געווען: קאַרל מאַרקס, מאָזעס העס און פערדינאַנד לאַסאַל. ער, העס, איז געווען דער מענטש, וואָס אין אַ באַשטימטער תּקופה האָט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אים אָנגעטרויט אָנצושרײַבן דעם ערשטן אָנוווּרף פונעם „קאָמוניסטישן מאַני־

פּעסט". אַן העסן איז דעמאָלט אוממעגלעך געווען אַרויסצוגעבן אַ וועלכע עס איז חשובֿע ליטעראַרישע טריבונע פֿונעם סאָציאַליסטישן געדאַנק; העס' ביכער זענען געווען די פֿונדאַמענטאַלע ווערק אין דעם לינקן פֿליגל פֿון דער ראַדיקאַלער פֿילאָסאָפֿיע אין דײַטשלאַנד גופֿא, און אין דער צײַט פֿון גירוש מחוץ פֿון דײַטשלאַנד. ער, העס, האָט עס געווונען דאָס האַרץ און דעם מוח פֿון פֿרידריך ענגעלס און אים אַרײַנגעפֿירט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג; ער האָט אויך צוגעצויגן פֿערדינאַנד לאַסאַל צו אַלע זײַנע ליטעראַרישע און געזעל'שאַפֿטלעכע אויפֿטוונגען. און ער איז געבליבן געטרײַ מאַרקסן אויך אין די יאָרן ווען מאַרקס האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקע סימפּאַטיע צו אים און צו זײַנע חברים. ניט אומזיסט קענען מיר הײַנט לייענען אויף דעם געדענקשטיין וואָס זײַנע חברים האָבן אויפֿגעשטעלט אויף זײַן קבר אין קעלן: **העס, דער פֿאָטער פֿון דער דײַטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.**

און דער רבי און פֿרײַנד פֿון העסן, קאַרל מאַרקס, אַליין אַ זון פֿון אַ יִדיש־דײַטשן אַדוואָקאַט וואָס האָט זיך געשמדט, אָבער וואָס דער זיידע זײַנער, רבי מרדכי, איז געווען אַ באַקאַנטער אָרטאָדאָקסישער רב אין טריִער, און זײַן פֿעטער, רבי שמואל, אַ רב און אַ באַקאַנטער פּוסק אין גאַנץ דײַטשלאַנד — ער, מאַרקס, האָט טאַקע קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן זײַן יִדישן אָפּשטאַם, נאָר ער איז עס דער וואָס האָט פֿאַרירשנט דער סאָציאַליסטישער וועלט־באַוועגונג די תּורה פֿון יודאָפֿאָביע על טהרת הסאָציאַליזם. און דער היסטאָרישער פּאַראַדאָקס איז וואָס מאַרקס האָט אַט דעם עסיי זײַנעם געשריבן אויף דעם ווונטש פֿון די קעמפֿערס פֿאַר יִדישער עמאַנציפּאַציע אין דער פֿאַררעוואָלוציע־תּקופֿה פֿון 1848. די מענטשן פֿון גבריאל ריסערס קרײַז, וואָס האָבן גוט געוווּסט ווי גרויס עס איז דער אָנזען פֿון מאַרקס בײַ די דײַטשע ראַדיקאַלן, האָבן אים געבעטן פֿאַרטיידיקן דאָס געבן גלײַכבאַרעכטיקונג צו די יִדישע בירגער, און ער האָט דערפֿילט זייער בקשה און געשריבן וואָס ער האָט געשריבן, אַרויסגייענדיק פֿון דער הנחה, אַז דערמיט פֿאַרטיידיקט ער דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ פֿון געבן גלײַכבאַרעכטיקונג יעדן בירגער. אָבער בײַם באַגרינדן די אַ „פֿאַרטיידיקונג" זײַנע האָט ער אַנאַליזירט, כּדרכּו, דעם מהות פֿון יִדנטום אין זײַן צײַט לויט דער היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישער קלאַסן־השקפֿה און האָט אָנגעקלעפּט אויף דעם גאַנצן יִדנטום דעם פֿאַרהאַסטן יאַרליק פֿון דער „קלאַסישער

בורזשואַזיע". („וואָס איז דער גאָט פון ייִדנטום ? — דער וועקסל ; וואָס איז דער טעמפּל פון ייִדנטום ? — די בירזשע ; איר ווילט עמאַנציפּאַציע פונעם ייִדנטום אין דער וועלט, אָבער גייטיק איז די וועלט־עמאַנציפּאַציע פונעם ייִדנטום"). און דווקא דער אַ עסיי וואָס ווערט באַטראַכט פון אַלע דײַטשע סאָציאַליסטישע היסטאָריקערס ווי אַ יוצא דופן פון סאָציאַליסטישן געדאַנק האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין דער מחשבה פון אַ סך סאָציאַ־ליסטן אין דער וועלט. און עד־היום איז נאָך קענטיק די דאָזיקע השפעה צווישן די תלמידים וואָס האָבן געטרונקען אָט דאָס אומריינע וואַסער צוזאַמען מיטן ווײַן. ס'איז גאָר קיין וווּנדער ניט וואָס הגם העס האָט פאַרערט מאַרקסן, האָט אָט דער פאָלקסיפּיצירנדיקער און געפערלעכער עסיי אויפגעשטורעמט זײַן נשמה. העס האָט געפילט, אַז אויב ער וועט זיך ניט אָפּגרענעצן דערפון, וועט ער זײַן אַ שותף צו דעם. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז בלויז מיט אָפּגרע־נעצן זיך וועט ער ראַטעווען נאָר זײַן נשמה אַליין. אויף אים ליגט אָבער דער חוב צו טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אַרויסרײַסן פון די הערצער פון זײַנע פרײַנד דעם אַנטיייִדישן סם וואָס איז פאַרזייט געוואָרן פון מאַרקסן אין זײַן מחיצה. ער האָט, בכן, גענומען אויף זיך צו צעשטערן דעם גאַנצן בנין, ניט דורך וויכוחים, נײַערט דורך אויפשטעלן אַן אַנדערן, אין גאַנצן אַ נײַעם געבוי אויף זײַן אַרט : אַזוי אַ, קענענדיק גוט דאָס ייִדנטום פון די ערשטע מקורות אַזוי ווי עס האָט געשײַנט אין זײַן האַרץ נאָך פון די יוגנטיאָרן, האָט ער אויפ־געשטעלט זײַן ליטעראַריש ווערק, וואָס זאָל אַנטפּלעקן פאַר דער גאַנצער וועלט דאָס גרויסע סאָציאַליסטישע ליכט וואָס שטראַלט אַרויס פון דעם אייביקן ייִדנטום און פון דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער. מאַרקס, ריידנדיק וועגן ייִדנטום, האָט געזען פאַר זיך די גרויסע באַנקירן וואָס זענען דענסטמאָל אויפגעקומען צווישן די מערב־ייִדן, אין אָנהייב פון דעם קאַפּיטאַליזם־אויפ־בלי — און העס, ריידנדיק וועגן ייִדנטום, האָט געזען פאַר זײַנע אויגן די קלאַסישע ייִדישע נביאים און זייער מלחמה פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט און פעלקער־שלום ; מאַרקס האָט געזען אין דער אידענטיפיקאַציע פונעם ייִדנטום מיטן קאַפּיטאַליזם אין זײַן דור אַ נאַטירלעכע אידענטיפי־קאַציע פון איין מין מיט זײַנס גלײַכן, און האָט אַנטקעגן זיי בײדע אַוועק־געשטעלט דעם סאָציאַליזם, וואָס זאָל געבויט ווערן אויף זייערע ביידנס חורבות ; העס האָט געזען די אַ אידענטיפיקאַציע — וואָס אויך ער האָט זי אַנערקענט — ווי אַ גלות־דערשײַנונג, ווי אַ פּראָדוקט פון דער אַנאָמאַל־

יע פֿון אַ פֿאָלק וואָס לעבט אין דער פֿרעמד, און האָט איר אָקעגנגעשטעלט די ייִדישע זעלבסטשטענדיקייט וואָס וועט זיך אויסבויען אין דעם באַפֿרייטן ירושלים. ניט קעגן ייִדנטום דאַרף דער סאָציאַליזם קעמפֿן — האָט העס גע־לערנט, להיפּוך צו מאַרקסן (און אויך להיפּוך צו לאַסאַלן וואָס האָט אידענ־טיפֿיצירט דאָס ייִדנטום מיט זײַן פֿאָטער, דעם קליינעם קרעמער פֿון ברעסלוי, דעם צעשראָקענעם און מאַכטלאָזן גײַסט, וואָס פּאַסט זיך צו צו אַלץ און צו אַלעמען), נײַערט קעגן דעם אומגליקלעכן מצב פֿון ייִדישן פֿאָלק וואָס האָט פֿאַרקריפּלט און פֿאַרקאַרליקט זײַן געשטאַלט. משפּט ניט דאָס ייִדנטום — פֿאָדערט העס — לויט זײַן שפּלער מדרגה הײַנט צו טאָג, ווען דאָס פֿאָלק איז באַרויבט פֿון זײַן פֿרײַהייט, נאָר משפּט אים לויט זײַן קלאַסישן עבר, לויט זײַנע דערהייבענע באַגערן אין די צײַטן פֿון מיטל־עלטער, און לויט זײַנע משיחישע וויזיעס לעתיד לבוא. ניט בלויז פֿאַר גלײַכבאַרעכטיקונג פֿון די ייִדן אין דער פֿרעמד, דאַרף דער וועלט־סאָציאַליזם קעמפֿן, נאָר פֿאַר דער פֿולער אויסלייזונג פֿון ייִדנטום, וואָס דאַרף ווערן די רעליגיע פֿון סאָציאַליזם אין דער גאַרער וועלט.

אַ סאָציאַליסטיש לויבליד פֿאַרן ייִדנטום אין עבר און אין עתיד — איז דאָס בוך רוים און ירושלים פֿון מאָזעס העס; יעדער קאַפּיטל זײַנס איז אַ לויבגעזאַנג פֿאַר דער ייִדישער נבואה־ליטעראַטור, פֿאַר דער געזעצגע־בונג פֿון דער תּורה וועגן יובל און שמיטה, פֿאַר דעם ייִדישן משפּחה־לעבן אין מיטל־עלטער, פֿאַר דער שבת־ און יום־טוב־רו, פֿאַר דער הסידישער באַ־וועגונג און, דער עיקר, פֿאַר דער האָפֿענונג פֿון אַחרית־הימים וואָס איז ניט אויסגעלאָשן געוואָרן אין פֿאָלק, און פֿאַר די לעכצונגען פֿון דורות נאָך אַ מלכות פֿון גערעכטיקייט, גלײַכהייט און פֿעלקער־פֿאַרברידערונג אויף דער ערד. און מען קאָן זיך ניט באַפֿרײַען פֿונעם אײַנדרוק, אַז דאָס גאַנצע בוך איז אַ שטאַרקער פּאַטש אין פּנים פֿאַר די אַלע פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ וואָס זענען זיך אַליין מבטל און מינימאַליזירן זייער אייגענעם ווערט, און קודם־כּל איז דאָס בוך אַ קעגנוואָג כּלפּי מאַרקס׳ אַנטי־ייִדישן באַשולדיקונגס־אַקט אין יענעם עסיי. „דער שטיין, וואָס די בוימײַסטערס האָבן פֿאַרמיאוסט איז געוואָרן דער ווינקלשטיין" בײַ העסן. מיר דאַרפֿן דאַנקען העסן וואָס ער האָט אויסגעלייזט דעם ייִדישן סאָציאַליזם פֿון דער זעלבסט־שינאה וואָס האָט באַהערשט זײַנע ערשטע לערערס און מנהיגים.

קרוב פֿופֿצן יאָר זענען פֿאַרבײַ, זינט מאַרקס׳ באַשולדיקונגס־אַקט ביז

דעם פֿאַרטיידיקונגס־טראַקטאַט פֿון העס, אָבער אין משך פֿון די אַלע יאָרן האָט דאָס פֿײַער פֿון דער ברענענדיקער באַליידיקונג זיך ניט אויסגעלאָשן אין העס׳ האַרץ, און זײַן פּאַלעמישער פּאַטאָס קלינגט נאָך אָפּ אין זײַן ספֿר, הגם ער דערמאָנט ניט אין גאַנצן בוך ניט דעם נאָמען פֿון מאַרקס, און ניט פֿון זײַן עסיי.

אין צווישנצײַט האָט זיך געביטן דאָס פּנים פֿון אייראָפּע. די געשעע־נישן אין פּוילן און די באַפֿרײַונג פֿון איטאַליע האָבן צוגעגרייט דעם באָדן צום פֿאַרשטיין דעם ווערט פֿון באַפֿרײַען אַ „קליין״ פֿאָלק, און פֿון ווידער אויפֿלעבן אַן אַלטע מענטשלעכע קולטור. אויף דעם וועג איז אויך געגאַנגען העס דער פּאָליטיקער: ער האָט אַלץ געטאָן, אַז די שאַנד וואָס זײַנע חברים האָבן אויסגעטראַכט אויף דער קולטור פֿון זײַן פֿאָלק זאָל אָפּגעמעקט ווערן, און אַז דער נײַער גײַסט פֿון דער צײַט זאָל אויפֿשטראַלן אויף דער ייִדישער משיחישער האָפֿענונג. דאָס וואָס ס׳איז געווען הערצלס יודענ־שטאַט סוף 19טן יאָרהונדערט האָט געדאַרפֿט זײַן העס׳ רוים און ירושלים אין מיטן דעם יאָרהונדערט. דער אַנטיסעמיטיזם פֿאַרנעמט ניט קיין גרויסן פּלאַץ אין דער באַגרינדונג פֿון העס׳ „ציוניזם״, ניט ווי דאָס איז שפּעטער געווען בײַ הערצלען; אָבער אַנשטאָט דעם שוועבט איבער אָט דעם אָריגינעלן בוך דעם מחברס מאָראַלישער שטאָלץ אויף דאָס ייִדנטום און אויף זײַנע גײַסטיקע ווערטן — און אין דעם ליגט זײַן נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע און דערציִערישע דערהייבנקייט.

און געענוי ווי אין דער צײַט פֿון טעאָדאָר הערצל האָט די וועלטפּרעסע, און אַפֿילו זײַן אייגענע בײַע פֿרײַע פּרעסע, וואָס האָט אַזוי שטאָלצירט מיט אים אַלע יאָרן — פֿאַרשוויגן זײַן יודענשטאַט, אַזוי האָט די סאָצ־יאַליסטישע פּרעסע, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן דורך העסן, אין גאַנצן פֿאַרשוויגן העס׳ רוים און ירושלים, ווי זי וואָלט גאָרניט געקענט דעם מחבר. איצט אַז די בריוו העס׳ זענען אונדז געגעבן דורך זלאָציסטי און שפּעטער גוט קאָמענטירט און דערקלערט דורך ג. קרעסל, און אַז אַלע פּרטים פֿון זײַן לעבן זענען אויפֿגעדעקט פֿאַר אונדז אין דעם נײַעם גרויסן ביאָ־גראַפֿישן ווערק פֿון פּראָפֿעסאָר זילבערנער, ווערט מער פֿאַרשטענדיק — און מער אויפֿטרייסלענדיק — אויך דער מהות פֿון העס׳ פּאָפּולערקייט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אירע פֿאַרשיידענע פֿאַזעס, און אויך זײַן

ביטערע עלנטקייט אין דער צײַט פֿון ר ו י ם א ו ן י ר ו ש ל י ם. און ווי עלנט ער איז געווען אין קרײַז פֿון זײַנע סאָציאַליסטישע חברים אַזוי איז ער אויך געווען אײַנזאַם צווישן די דײַטשע ייִדן, די צעטומלטע און איבער־ראַשטע.

נאָר איין איינציקע גרויסע האַנט איז צו אים אויסגעשטרעקט געוואָרן פֿונעם סאַמע האַרץ פֿון ייִדנטום — דאָס איז די וואַרעמע האַנט פֿון דעם גרויסן היסטאָריקער אין זײַן צײַט, הײַנריך גרעץ. דאַכט זיך, אַז פֿון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן דער בונד וואָס איז געשלאָסן צווישן דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג און דער פֿאָרשונג פֿון ייִדישער געשיכטע — אַ געטרײַער בונד וואָס איז ניט פֿאַרשטערט געוואָרן.

און ניט נאָר העס, דער מחבר פֿון דעם בוך, וואָס איז געוויינט געווען צו גלאַנצן מיט זײַנע עפּנטלעכע אַרויסטרעטונגען און באַליבט געווען צווישן זײַנע חברים, איז געבליבן עלנט אין זײַן מחנה נאָכן דערשײַנען פֿונעם בוך, נײַערט אויך דאָס בוך גופֿא איז פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף פֿאַרגעסונג אַ סך יאָרן. איבער דרײַסיק יאָר זענען פֿאַרבײַ פֿון זינט דאָס בוך איז דערשינען ביז עס איז דערגאַנגען צו זײַנע נאַטירלעכע לייענערס. ערשט אין סוף פֿון די נײַנציקער יאָרן, נאָך דעם ווי הערצל האָט אויפֿגעשטעלט די ציוניסטישע וועלט־באַוועגונג, איז הערצלס אַ געטרײַער תּלמיד, אויך ער אַ קעלנער תּושב, אַ בן־עיר פֿון העס׳ קבֿר, און שפּעטער דער דירעקטאָר פֿון קרן־קיימת, ד״ר מ. באָדענהיימער, געווען דער וואָס האָט אַנטדעקט העס׳ ציוניס־טיש־סאָציאַליסטיש בוך און עס פֿאַרשפּרייט צווישן זײַנע פֿרײַנד. און דאָס בוך האָט באַגײַסטערט די ראַדיקאַלע ציוניסטישע באַוועגונג וואָס האָט גע־זוכט אירע אָבות און אירע בשורה־אָנזאָגערס. עס איז אַ סימבאָלישער פֿאַקט, אַז ד״ר נחמן סירקינס ערשטע פֿאַרלעזונג פֿאַר אַ גרופּע חברים אין ציריך וועגן דעם רעיון פֿון אַ „ייִדישער סאָציאַליסטישער מדינה״, אין יאָר 1898, איז געהאַלטן געוואָרן אין אַ סטודענטישן קלוב וואָס האָט זיך גערופֿן העס־יאַנאַ, אויס אַכפּערונג פֿאַר מאָזעס העס. און דערפֿון האָט זיך כּאילו אָנגעהויבן די געשיכטע פֿון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער מאַסן־פּראָפּאַגאַנדע.

### ג. סירקין און באָראָכאָוו

פֿון כראָנאָלאָגישן שטאַנדפּונקט וואָלט מען געדאַרפֿט אָננעמען דעם נוסח: העס, סירקין, גאָרדאָן, באָראָכאָוו, אָבער היסטאָריש גענומען, וועט זײַן

ריכטיקער אויב מיר וועלן אַנדערש גורס זײַן: ווען באַראַכאָוו איז אַוועק פֿון פּאָלטאַווע קיין ווילנע מיטן ציל צו זאַמלען הערצער פֿאַרן ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק, האָט שוין סירקין געהאַלטן בײַ פֿאַרלאָזן רוסלאַנד צו באַזעצן זיך מעבר־לים. און אַז סירקין איז געקומען אין ארץ־ישׂראל בראָש דער פועלי־ציון־דעלעגאַציע צוצוגרייטן דעם פּלאַן פֿאַר אַ גרויסער התישבות אויף די יסודות פֿון פֿרײַער קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט, איז באַראַ־כאָוו שוין געווען אויפֿן עולם־האמת. ווער, מיין איך, זײַן ריכטיקער צו פֿאַר־מולירן אַזוי: סירקין האָט מקבל געווען די תּורה פֿון העסן און זי איבער־געגעבן צו בערלען, און בערל האָט אויפֿגעשטעלט מיט איר די כּנסת הגדולה פֿון די מענטשן פֿון דער צווייטער עליה; גאָרדאָנס לערע און די לערע פֿון באַראַכאָוו, מיט דער גאַנצער השפּעה זייערער זענען לערעס פֿאַר זיך גופֿא — וואָס מען דאַרף זיי שטודירן באַזונדער. און נאָר די שפּעטערע דורות מיט זייער קעגנזײַטיקער השפּעה און מיט דער קראַפֿט פֿון זייערע בשותּפֿותדיקע מעשׂים אין ארץ־ישׂראל האָבן זיי פֿאַרבונדן איינער מיט דער אַנדערער, אַזוי אַז זיי זענען געוואָרן בײַ אונדז איינס.

כ'האָב געזאָגט: מיר דאַרפֿן דאַנקען העסן וואָס ער האָט אַראָפּגענומען פֿון דעם ייִדישן סאָציאַליזם די קללה פֿון זעלבסטהאַס וואָס עס האָבן אויף אים אַרויפֿגעלייגט די ייִדישע גרינדערס פֿונעם סאָציאַליסטישן אינטער־נאַציאָנאַל. און אַז די קללה איז אַראָפּגענומען געוואָרן — האָט זיך געעפֿנט דער טויער פֿאַר דער ברכה פֿון אַהבת ישׂראל, דער אַ טויער, וואָס די ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אָנהייב פֿון 20סטן יאָרהונדערט אין מיזרח־אייראָפּע איז אַרײַן דורך אים מאַסנווײַז, און אי נחמן סירקין, אי בער באָראַ־כאָוו האָבן אויפֿגעהויבן אין איר די פֿאָן פֿון פֿאָלקס־באַפֿרײַונג און די פֿאָן פֿון ציון, יעדערער לויט זײַן דרך.ביידע האָבן זיי „געהערשט" נאָר אויף קליינע מינאָריטעטן אין דער ייִדישער סאָציאַליסטישער מחנה, אָבער ביידע זענען געווען געבענטשט מיט אינטעלעקטועלער גרויסקייט און מיט אַ שטאַרקן מאָראַלישן גײַסט. און אָט די צוויי וווּנדערלעכע און זעלטענע אייגנ־שאַפֿטן, אָנגעזאָפּט מיט זעלבסטאָפּפֿער און אומבאַגרענעצטער מסירות נפֿש, האָבן כּאילו „פֿאַרדעקט" די קוואַנטיטאַטיווע אָרעמקייט פֿון די חברים וואָס זענען זיי נאָכגעגאַנגען.

סירקין האָט אײַ: דעם ערשטן צענדליק פֿון 20סטן יאָרהונדערט זוכה געווען צו שטיין בראָש פֿון אַ פּאַרטיי וואָס איז גרעסער געווען אין צאָל ווי

באַראַכאַווס אין יענער צײַט, די ס״סישע פּאַרטיי איז געוועזן גרעסער ווי די פּועלי־ציון־ס״ד, און אין אַ ריי שטעט האָט זי אַפּילו דערייאַגט דעם בונד. אָבער דער הויפּטקערן וואָס סירקין האָט פּאַרזייט צווישן זײַנע פּאַרטיי־מיטגלידער האָט זיך אָנגענומען נאָר בײַ אַ קליינעם טייל. ער האָט די צוקונפט פֿון די יידישע מאַסן אין די גלות־לענדער געזען אַ סך ווײַטער און אַ סך „שוואַרצער״ ווי זײַנע חברים האָבן זי געזען. נאָר וואָס גרעסער ס׳איז געוואָרן די צאָל מיטגלידער אין זײַן פּאַרטיי, אַלץ שוואַכער איז געוואָרן דער ייִאוש פֿון איר פּראָגנאָז, און סירקינס אַנטיגלותישער אײַנשטעל האָט אָפּגערוימט דעם וועג פֿאַר איבערגעטריבענע גלות־אילוזיעס צווישן די וואָס האָבן זיך נאָך באַטראַכט פֿאַר זײַנע תּלמידים. אָבער סירקין איז אַוועק קיין אַמעריקע, און נאָך דער טערקישער איבערקערעניש איז ער צוריקגעקומען צום ציון־ציוניזם און האָט פֿאַראייניקט זײַנע סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע חב־רים מיט דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג. דאָרט, אין אַמעריקע, אויפֿן שוועל פֿון דער גרויסער התעוררות, אָנהייב דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער עס געווען וואָס האָט איבערגעזעצט רוים און ירושלים פֿון דײַטש אויף יידיש, האָט אָנגעשריבן אַ גרויסע הקדמה פֿול מיט התפּעלות פֿון העס׳ פּערזענלעכקייט, האָט זי באַפּוצט מיט באַלערנדיקע הערות און אויפֿגעהויבן דאָס בוך ווי אַ פֿאָן איבער דער פֿאַראייניקטער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין אַמעריקע. צום סוף פֿון זײַן לעבן, ווען ער איז געקומען אין ארץ־ישׂראל מיט דער דעלעגאַציע פֿונעם וועלטפֿאַרבאַנד פּ״צ אויסצואַר־בעטן צוזאַמען מיט זײַנע חברים פֿון אַנדערע גלות־לענדער און מיט די מנהיגים פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד דעם פּלאַן פֿון אַ מאַסן־קאָלאָניזאַציע אויף יסודות פֿון שותּפֿותדיקער אַרבעט, האָט ער אונדז געלאָזן בירושה די גרויסע „אוטאָפּיע״ פֿון דער מאַסן־קבוצה וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער וועגווײַזער פֿאַר דער גאַנצער דריטער עליה.

און ווי העס, האָט אויך סירקין, געזען דעם קלימאַקס פֿון זײַן פּערזענ־לעכער באַשטימונג — פֿון דאָס גײַ צו פֿאַרטיפֿן זיך אין דער פֿאַרשונג פֿון דער יידישער געשיכטע, און צו אַנטפּלעקן אירע ליכטיקייטן פֿאַר אונדזער דור און פֿאַר די קומענדיקע דורות — און ער איז געווען כולו אַרײַנגעטאָן אין זײַנע היסטאָרישע פֿאַרשונג־חידושים. און ווי סירקין האָט אויך באַראַכאָוו זיך ניט באַנוגנט מיט מאַרקסיסטישן אַנאַליז פֿון דער יידישער ווירקלעכקייט אין זײַן דור, נאָר ער האָט זיך געגרונטעוועט אין די טיפֿענישן פֿון דורות,

צו אַנטדעקן די סאָציאַלע פאַקטאָרן וואָס האָבן זי מכוון געווען. פון באָראָ־כאָוון שטאַמט אויך דער אינטערעס פון זײַנע חברים און תּלמידים (י. בן־צבי, יצחק שיפּער א״אַ) אָפּצוגעבן זיך מיט אַ באַנײַטער פאָרשונג פון די פּראָ־צעסן און שטרעמונגען אין דעם ייִדישן עבר.

די זעלטענע מאָנאָגראַפיע פון בערל קאַצנעלסאָן וועגן זײַן חבר־לערער סירקין (האחד במערכה) איז אַן אײנציקע אין איר מין גײַסטיקע אידענטיפיקאַציע צווישן אַ תּלמיד און אַ רבי. און איצט, הונדערט יאָר נאָך סירקינס געבוירן ווערן, גרייט זיך די „ציוניסטישע ביבליאָטעק" אַרויסצוגעבן אין העברעיִש דאָס בוך פון זײַן טאָכטער מערי סירקין וועגן דעם לעבן פון איר פאָטער, כּדי דער דאָזיקער ערשטיקער מקור זאָל מדריך זײַן תּלמידים און תּלמידי־תּלמידים.

און בער באָראָכאָוו, וואָס כ׳ טבת איז געוואָרן פופציק יאָר זינט ער איז אַוועק פון אונדז נאָך גאָר יונג — צו זעקס און דרײַסיק יאָר, — האָט ניט געלעבט אין דער מחיצה פון העס און האָט אויך ניט געהערט צו סירקינס קרײַז. ער האָט אַפילו ניט באַוויזן צו קומען אין ארץ־ישראל. אָבער זײַן איבערגעגעבנקייט צו ארץ־ישראל האָט ער אַרײַנגעזויגן פון זײַן פאָטער, דעם העברעיִשן לערער, און מיט זײַנע געניאַלע פעיִקייטן האָט ער באַוויזן אַרײַנ־צופּרעסן אין זײַן קורצן לעבן אַזוי פיל מחשבות און מעשׂים, חקירות און אַנאַליזירונגען. זײַנע יוגנטיאָרן זענען אַדורך אין דער צײַט פון פאַר דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, און זײַן פּאַרטיי האָט ער געבויט שוין אין סאַמע שטורעם פון די רעוואָלוציע־יאָרן. די ערשטע „טבילה" זײַנע אין דעם קאַמף פאַר ארץ־ישראל איז געווען דער גרויסער טור איבער צענדליקער שטעט אין רוסלאַנד בעת דעם וויכּוח איבער דער אוגאַנדע־פּראַגע, ווען די ציוניסטישע באַוועגונג האָט זיך צום ערשטן מאָל געווענדט צו אירע סניפים אין הונדערטער שטעט און שטעטלעך, זיי זאָלן דעצידירן: ציון אָדער טערי־טאָריע. פון אָט די דאָזיקע מאַסן־פאַרזאַמלונגען איבער דער גאַנצער לענג פון ייִדישן תּחום־מושב אין רוסלאַנד, וווּ באָראָכאָוו האָט צום ערשטן מאָל אַנטדעקט זײַן טעאָרעטישע פעכטונגקונסט, איז אַרויסגעקומען שפּעטער דער זיבעטער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואָס האָט אין דער פראַגע דעצידירט. און נאָך דעם ווי באָראָכאָוו האָט זיך שווער געראַנגלט פאַר ציון — און בײַגעקו־מען, האָט ער אויף זיך גענומען, צוזאַמען מיט זײַנע חברים, אויפצובויען זײַן פּאַרטיי אין דער אַלגעמיינער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג וואָס איז אין

איר גרעסטער מערהייט — אַזוי ווי דער רוב מנין פֿון דער גאַנצער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד — געווען דערצויגן אויף דער תּורה פֿון מאַרקסיזם און אירע פּרינציפּן. דער גרעסטער טייל פֿון די טעאָרעטי־קערס צווישן יִדישע סאָציאַליסטן, ווי אויך צווישן די רוסישע סאָציאַליסטן, האָבן זיך געשטיצט אויף דער לערע פֿון קאַוטסקי, פּלעכאַנאָוו, באָגדאַנאָוו און זייערס גלײַכן. באָראָכאָוו איז געווען דער ערשטער מאַרקסיסט וואָס האָט באַגרינדעט דעם ציוניזם, סײַ די נויטווענדיקייט זײַנע און סײַ דעם פּראָגנאָז פֿון זײַן פֿאַרווירקלעכונג, אין דער סאָציאַליסטישער שפּראַך פֿון יענעם שטו־רעמדיקן דור, ד"ה לפּי די געזעצן פֿון דער מאַרקסיסטישער מחשבה. אפֿשר האָט ער גאָר ניט געמיינט מיט דעם צו זוכן אַ מאָדערנעם הכשר פֿאַרן ציוניזם לויטן גײַסט פֿון דעם דור, נײַערט ער אַליין איז געווען אַ ציוניסטיש־מאָדער־נער אויסדרוק פֿון זײַן דור. אַזוי צי אַזוי, דער אַרבעטער־ציוניזם איז דורך דעם געראַטעוועט געוואָרן אין דער צײַט פֿון מבול וואָס האָט געטראָגן אין זיך די סכּנה אַראָפּצושווענקען אים מיט זײַן געוויטער. און אַז דער אַרבעטער־ציוניזם האָט זיך געראַטעוועט — איז ער געוואָרן אַ קאָנסטרוקטיווער פֿאַק־טאָר, אין עליה און אויפֿבוי.

וועגן באָראָכאָוון און זײַן לערע איז שוין פֿיל גערעדט געוואָרן אין פֿאַרשיידענע תּקופֿות. דאָס מאָל זענען מיר געקומען צום הײַנטיקן יובל־יאָר מיט דרײַ גרויסע בענד, אַרויסגעגעבן פֿון הקיבוץ המאוחד און השומר הצעיר מיט גרויס התמדה און פּיעטעט. פֿריִער נאָך איז אַרויס אַ באַזונדער באַנד פֿון באָראָכאָווס שריפֿטן „וועגן דער יִדן־פֿראַגע" אין פֿאַרלאַג עם עובד. נאָך דעם ווי באָראָכאָווס מאמרים זענען געווען צענד־ליקער יאָרן אין גניזה, זענען זיי ביסלעכווײַז — און מיט אַ גרויסער פֿאַר־שפּעטיקונג — אַרײַנגעפֿירט געוואָרן אין דער היגער ליטעראַטור. אויך זײַנע שפּעטערדיקע פֿאַרשונגען וועגן דער יִדישער ליטעראַטור האָט מען אָנגעהויבן אויפֿזאַמלען. אָבער דווקא זײַן ערשטע פֿאַרשונג־אַרבעט — וואָס איז אונדז גראָד בייטיק איצט ווען מיר רײדן וועגן העס און סירקין — ווו ער באַהאַנדלט די כּדאיִקייט פֿון דער גאולה פֿון דער יִדישער געניאַליטעט, האָט נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין מזל: זי איז אָפּגערוקט ערגעץ אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם רוסישן ציוניסטישן אַלמאַנאַך (אונטער דער רעדאַקציע פֿון קרעמענטשוגער א. פֿריי־דנבערג, קיִעוו) וואָס איז אַ יקר־המציאות, און געפֿינט זיך אַפֿילו זעלטן אין אונדזערע גרויסע ביבליאָטעקן. די אַרויסגעבערס פֿון די דרײַ בענד האָבן

טאַקע צוגעזאָגט צו פֿאַרעפֿנטלעכן דעם עסיי צום סוף פֿון דריטן באַנד, אָבער, זעט אויס, אַז זײַן צײַט איז נאָך ניט געקומען. כ'האָב געפּרוּווט אַ מאָל ווענדן די אויפֿמערקזאַמקייט אויף זײַן ווערט, און זײַן פּלאַץ אין באַראַכאָווס גע־דאַנקען־וועלט (אור אישים, ב' 31 וכו'), אָבער דער ווערט פֿון אַן אָפּ־שאַצונג איז דאָך ניט גלײַך צום ווערט פֿונעם מקור אַליין, וועלכער וואַרט נאָך אַלץ אויף זײַן אויסלייזונג.

און אויב די אַהבת־ישׂראל פֿון העס און סירקין האָט בעיקר געגלאַנצט אין אַרויסהייבן די חשיבות פֿון דעם ייִדישן עבר און זײַנע ווערטן, האָט זיך באַראַכאָווס אַהבת־ישׂראל אויסגעשפּרייט אויך אויף דער ייִדישער יצירה אין זײַן דור. אַ באַווײַז דערויף איז זײַן אָפּגעבן זיך מיט דער פֿאָרשונג פֿונעם ייִדישן לשון און זײַן ליטעראַטור וואָס איז גאָר ווײַט געווען פֿון אים אין זײַנע יוגנטיאָרן און וואָס אַן דער אַהבת־ישׂראל זײַנער וואָלט אוממעגלעך געווען צו פֿאַרשטיין דעם ווונדער פֿון זײַנע אומדערוואַרטע דערגרייכונגען.

ד. אַ .ד. גאָרדאָן און בערל קאַצנעלסאָן

אי העס, אי סירקין, און אי באַראַכאָוו האָבן נאָר אָנגעזאָגט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע בשׂורה און געקעמפּט פֿאַר איר קענען אַלע אירע קעגנערס. אָבער די אויספֿירערס אירע און פֿאַרווירקלעכערס זענען געווען מענטשן פֿון לאַנד, די וואָס זענען געקומען אַהער און האָבן דאָ אָנגעהויבן זייער גרויסע אויפֿבוי־אַרבעט. די גאַנצע צווייטע עליה איז געווען איין עדה פֿון דוחקי־הקץ און גאולה־דערנענטערערס. זי האָט געזען דעם ציל פֿון אַ ר ב ע ט, פֿון פֿיזישער אַרבעט און קודם־כּל פֿון ערדאַרבעט, ווי דעם גרונטציל פֿון דעם ווידעראויפֿלעב־בנין פֿון דער אומה. „העבודה היא חיינו, מכל צרה תצילנו״ — האָט געזונגען דער פֿאַלקסדיכטער פֿון דער צווייטער עליה (אויך ער האָט געפֿונען זײַן אייביקע רו אויפֿן בית־הקברות פֿון כּנרת); און ניט דאָס פ ר י י ד י ק ן ערדאַרבעט האָט כאַראַקטעריזירט די עליה, נאָר דער פּערזענ־לעכער בײַשפּיל פֿון די ראשונים, וואָס האָבן זיך אַליין גענומען צו ערדאַרבעט, האָט געשאַפֿן דעם גרויסן ווונדער. און וואָס שווערער ס'איז געווען די אַרבעט און וואָס מער זי האָט געמאַטערט דעם גוף, וואָס איז דורות־לאַנג געווען אָפּגעוווינט פֿון פֿיזישער אַרבעט, איז איר דערצייִערישע השפּעה, ווי אַ מוסטער און סימבאָל, געווען אַלץ וויכטיקער און פּרוכטיקער.

אַ. ד. גאָרדאָן איז געקומען אין לאַנד שוין אין הויכן עלטער, און גלײַך

האָט ער זיך אײַנגעשפּאַנט אין דעם עול פֿון פֿיזישער אַרבעט וואָס ער האָט ביז זײַן עליה קיין מאָל ניט געטאָן און האָט ניט געקענט אירע שווערקייטן. אַ סך פֿון אונדז געדענקען די גרויסע השפּעה פֿון זײַן בראַשור העבודה און זײַנע בריוו פֿון ארץ־ישׂראל וואָס זענען געוואָרן אַ פּראָגראַם פֿאַר אַ גרויסער צאָל יִדישע יוגנטלעכע אין מיזרח־אייראָפּע און גײַסט־מענטשן אין די מערב־אייראָפּעיִשע לענדער. אָבער נאָך גרעסער און טיפֿער איז געווען די השפּעה פֿון זײַן לעבנס־שטייגער, און הגם ניט אַלע פּרטים וואָס ער האָט אָפּגעהיט זענען אָנגענומען געוואָרן אויך פֿון זײַנע חברים, האָבן אָבער אויך די פּרטים דערצויגן צו אַ געפֿיל פֿון דרך־ארץ און טאָ־לעראַנץ צו מיינונגען און מנהגים מער ווי טעאָרעטישע וויכּוחים און מוסר־זאָגערײַ. ווען דער „זקן" גאָרדאָן, דער שטרענגער וועגעטאַריער, פֿלעגט גאַנץ אין דער פֿרי אָנטאָן טלית און תּפֿילין צו תּפֿילת־שחרית, און נאָך דעם נעמען דעם פּיאָש אויפֿן אַקסל און מיטן קאָרב אין האַנט אַרויסגיין אין פּרדס צו גראָבן דאָרטן גריבער אַרום דיביימער, און טאָן דאָס פֿון באַגינען ביז נאָך האַלבטאָג — איז ווי פֿון זיך אַליין פֿאַרענטפֿערט געוואָרן די פֿראַגע, צי קאָן דאָס פֿאָלק זיך אומקערן צו לאַנדווירטשאַפֿט. ניט זעלטן האָט בײַ אונדז אין אַ וויכּוח פֿון היסטאָרישער וויכטיקייט מכריע געווען דער פּערזענלעכער בײַ־שפּיל מער ווי יעדע שקלא־וטריא. עס זענען דאָ גענוג באַווײַזן דערויף (נעמט, למשל, די הכרעה פֿון משה מענדעלסאָנס לעבנס־שטייגער אין דעם וויכּוח צווישן אָפּהיטן מצוות און צווישן דער אָפּשאַצונג פֿון דער השׂכּלה; אָדער די מוסטער־הכרעה פֿון ריכטער בראַנדײַס אין דעם וויכּוח צווישן יִדישער לאָיאַ־ליטעט און אַמעריקאַנער פּאַטריאָטיזם). דאָס געבאָט וואָס איז געווען פֿאַר־קניפּט מיט דער פּערזענלעכקייט פֿון אָ. ד. גאָרדאָן איז געווען „ובחרת בעבודה". מתּוך פֿרײַען אויסוואַל זאָלסטו זיך פֿאַרנעמען מיט פֿיזישער אַרבעט, ווײַל דאָס איז דער וועג וואָס וועט פֿירן דײַן פֿאָלק צו גענעזונג און גאולה.

און אַז די דאָזיקע איבערצײַגונג האָט זיך אויסגעשפּרייט האָט זי מחייב געווען צו ווײַטגייענדיקע מסקנות.

דער ענין אַרבעט איז, בכן, ניט קיין אויפֿגאַבע פֿאַר אַ גרופּע אויסגעע־קליבענע מענטשן, — יעדערער אַ יוצא דופֿן — און פֿאַר יחידי סגולה. מיט זיי דאַרף מען מאַכן דעם אָנהייב. דעם בנין גופֿא, אָבער, וועט אויפֿשטעלן אַן אַרבעטס־מחנה, אַ גרויספֿאַרנעמיקע און שטאַנדהאַפֿטיקע, וואָס וועט זײַן

פאַראייניקט אין דעם באַוווּסטזיַין פון דער שליחות און בכוונה תחילה נעמען אויף זיך די אַחריות פאַרן גורל פונעם פאָלק און פון זיַין קולטור, ביז ער וועט זוכה זיַין צו ווערן „דער פעלדז וואָס אויף אים וועט זיך שטיצן דער געשיכטע־היכל פון דעם קומענדיקן באַפריַיטן פאָלק״.

דאָס איז געווען דער גיַיסט וואָס האָט גערוט אויף בערלען און אויף בערלס חברים. אויף די וואָס זענען שוין אַוועק פון אונדז, און אויף די וואָס לעבן מיט אונדז היַינט, לאורך ימים.

וועגן בערלען ווייסן מיר, אַז פון זינט ער איז עולה געווען איז זיַין לעבנסציל געווען צו שאַפן דעם פעלדזנפעסטן כוח פון דעם ייִדישן אַרבעטנדיקן פאָלק („העם העובד״). מיט אים און זיַינע חברים איז פאַרבונדן דער רעיון וועגן אויסשטרעקן פון דאַנען די האַנט צו די גלות־לענדער און מקרב זיַין וויַיטע און דערוויַיטערטע, ניט געקוקט אויף די אונטערשיידן פון גיַיסטיקן קלימאַט, און אויך וועגן צונויפשמעלצן אַלע אַרבעטער־עולים פון פאַרשיידענע סאָציאַלע און קולטורעלע קריַיזן, ניט געקוקט אויף זייער פאַרטייִשער פאַרגאַנגענהייט. ער, דער פערמאַנענטער פ א ל ק ס ־ ב י ב ל י א ט ע ־ ק אַ ר, האָט געזען אין דעם אויפלעב פון דער העברעיִשער שפּראַך און אין דער פאַרשפּרייטונג פון דער העברעיִשער ליטעראַטור די גאַראַנטיע פאַר דער אויסקריסטאַליזירונג פון אַט דער מחנה, און צוזאַמען מיט זיַינע חברים האָט ער געטאָן אַלץ כּדי אויסצוריכטן די גאַנצע מחנה מיט אַלע נייטיקע אינסטיטוציעס, וויסנשאַפטלעכע, קאָלאָניזאַציאָנעלע און קולטורעלע, כּדי זי זאָל זיַין ביכולת צוזאַמען אויספירן אירע אויפגאַבעס. ער האָט אויפגעשטעלט די אייגענע טעגלעכע טריבונע, כּדי טאָג־טעגלעך צו שטיין אויף דער וואַך און היטן אַז די מחנה זאָל זיַין פאַראייניקט אין דעם באַוווּסטזיַין פון איר שליחות אין פאָלק. ניט געווען קיין וויכטיקערע אויפגאַבע פאַר אים ווי ברענגען דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק אין לאַנד צו אַ פולשטענדיקער פאַראייניקונג, אָרגאַניזאַציאָנעל, גיַיסטיק און פּאָליטיש, און עס איז ניט געווען קיין גרעסערער אומגליק פאַר אים, ווי דאָס אומגליק פון שפּאַלטונג און צעשפּליטערונג, וואָס אין דעם האָט ער געזען אַ מיטל אַרויסצודרייען זיך פון אַחריות, אין פ אַ ר א י י נ י ק ו נ ג האָט ער געזען די גאַראַנטיע פאַר נצחון; אין ש פּ אַ ל ט ו נ ג — אַ שמד־שטיק פון שׂטן צו פאַרפירן און צו מכשיל זיַין. ניט געקוקט אויף דער מאָוימדיקער קאַטאַסטראָפע פון היטלער־צײַט האָט ער זיך געשטאַרקט און גערופן צו ה ע פּ ל ה אויף אַלע וועגן, קאָנווענציאָ־

נעלע און ניט קאָנווענציאָנעלע. דעם פּ ל י ט, דעם צעווייטיקטן פּליכטלינג וואָס דער גורל פֿון דער אומה האָט אויסגעקליבן פֿאַר עלנטקייט און פֿאַר־יתומטקייט — אים האָט ער געזען ווי דעם מאַרשירנדיקן בראָש פֿון דער גאַנצער פּראָצעסיע צו גאולה; און פֿון זײַן באַוועגונג האָט ער געפֿאָדערט אײַנצושפּאַנען זיך און פֿירן דאָס גאַנצע צעווייטיקטע פֿאָלק. ווי אים צו לאַנגע יאָרן ד. בן־גוריון, האָט אויך ער, אין די סאַמע יאָרן פֿון אומקום און חורבן, פֿאַרויסגעזאָגט און געפֿאָדערט, אַז מיר זאָלן אַרויסגיין פֿון דער מלחמה מיט אַ יִדישער מדינה אין ארץ־ישׂראל. און ער האָט טיף געגלייבט אין אונדזער צוקונפֿט, אויב די אַרבעטס־מחנה וועט זײַן אייניק אין איר גײַסט און ציל.

אין עלטער פֿון זיבן און פֿופֿציק יאָר איז ער אַוועק פֿון אונדז. דעם כּוס פֿון ביטערקייט האָט ער אויסגעטרונקען ביזן דעק. דער בראָך פֿון זײַן פֿאָלק האָט אים דערדריקט, און דער פּירוד פֿון זײַן מחנה וואָס ער האָט מיט אַזוי פֿיל מי קאָנסאָלידירט, איז געווען פֿאַר אים אַ טיפֿער, אומהיילבאַרער ווייטיק. צו קיין טרייסט האָט ער ניט זוכה געווען, צו דעם אויפֿקום פֿון דער מדינה האָט ער ניט דערלעבט. און בײַ זײַן לעבן האָט ער אַפֿילו ניט זוכה געווען צו אַ גלימער פֿון האָפֿענונג, אַז זײַן צעפֿאַלענע מחנה וועט זיך ווידער פֿאַר־אייניקן.

## ה. בן־ציון ישׂראלי און שמואל יבנאלי

אַ סך ליכטקרײַזן האָבן אַרויסגעשטראַלט פֿון אַט דער מחנה, וואָס אַ גאַנץ לעבן האָט בערל איר געדינט ווי אַ לערער און חבר און פֿון צײַט צו צײַט ווי אַ ניט־געקרוינטער מנהיג. צוויי פֿון אַט די ליכטקרייזן זענען פֿאַר־געשטעלט דאָ, אויף דעם בית־הקברות, דורך זייערע אידעאַלסטע אויס־דריקער:

דער קרײַז פֿון שטענדיקער ח ל ו צ י ש ע ר טוונג אין לאַנד, וואָס שרעקט זיך ניט אָפּ פֿאַר יעדער שווערער אויפֿגאַבע, אין התישבות, אין הגנה און אינעם גאַנצן אויפֿבוי, טאָג־איין טאָג־אויס, יעדעס מאָל פֿון דאָס נײַ. אומדערמידלעך און אָן אָפּהאַלט; און דער צווייטער קרײַז — איז די אַחריות־דיקע פּליכט כּלפּי ווײַטע ברידער אין די פֿרעמדע גלותן פֿון אונדזער צע־שפּרייטקייט, די פּליכט צו קומען צו זיי, זיי מקרב זײַן, ברענגען זיי אין לאַנד און אײַנוואָרצלען זיי אין דעם באַנײַטן פֿאָלק, וואָס גייט צו גאולה.

דעם ערשטן קרײַז שטעלט פֿאַר דאָ, אויף דעם בית־הקברות, דער פֿאָטער פֿון דער כּנרת־קבוצה, דער מרא דהאי אתרא, ב״צ ישׂראלי, וואָס איצט איז געוואָרן צען יאָר זינט ער איז אַוועק פֿון אונדז פֿריצײַטיק. און דעם צווייטן קרײַז סימבאָליזירט דער יונגער קבר פֿון דעם שליח צו די ייִדן אין תּימן, שמואל יבנאלי, וואָס איז מיט דרײַ יאָר צוריק נפֿטר געוואָרן.

אויף דער מצבה פֿון ב״צ ישׂראלי איז אויסגעקריצט: „חלוץ תמיד״ לפֿי דעם משקל נר־תּמיד און עולה־תּמיד. די אויפֿטוען פֿון שמואל יבנאלי סימ־באָליזירן דעם אָנדענק פֿון אַלע שליחים, וואָס האָבן געטראָגן די בשׂורה פֿון באַנײַטן ישׂראל צו אַלע גלותן, די רוזקע און די אומרויִקע, די אַלטע און די נײַע, די נאָענטע און ווײַטע; וואָרעם ניט נאָר אין תּימן איז ער געגאַנגען, און גורם געווען אַז די עליה פֿון תּימן זאָל זײַן אַ פֿולע און אַן אויסשעפּנדיקע, נײַערט אויך דעם רעיון פֿון ברענגען אַנדערע פֿאַרוואָרפֿענע גלותן האָט ער געטראָגן אין זײַן האַרצן ביזן סוף פֿון זײַן לעבן. אַפֿילו דעמאָלט ווען דער מלאך־המוות איז שוין געשטאַנען בײַ זײַן צוקאָפּנס האָט ער אָנגעצייכנט אַ לאַנגע רשימה פֿון קליינע גלותן וואָס פֿון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט וועלן זיי ניט קענען זיך אַליין דערהאַלטן — און ער האָט גערופֿן מיך, וואָס איך בין דעמאָלט צײַטווײַליק געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער סוכנות־אַרבעט, און האָט גערופֿן זײַן לעבנס־חבר האַרצפֿעלד און געפֿאָדערט פֿון אונדז צו שיקן אים אין אָט די לענדער כּדי צו טאָן דאָרטן דאָס זעלבע וואָס ער האָט פֿריִער געטאָן אין תּימן. ניט געוווּסט האָט ער, דער האַרציקער ענטוזיאַסט, אַז זײַנע טעג זענען געציילטע...

## ו. די דיכטערין רחל

און די אַכטע ליכטל אין דער זכּרון־מנורה פֿאַר די גרויסע פֿון כּנרת — איז פֿאַר אונדז אַ מתּנה, וואָס מיר האָבן גאָרניט דערוואַרט, די מתּנה פֿון אַלע מתּנות! מען קאָן זאָגן מיט איר לשון: „איך האָב געאַקערט און ניט געזייט, און אויף קיין רעגן ניט געבעטן״. נאָך אַ הפֿסקה פֿון דורות איז פּלוצלינג נתגלה געוואָרן אַ דיכטערין אין דער העברעיִשער ליטעראַטור, און נתגלה געוואָרן איז זי צווישן אונדז ווי אַ טרייסט, ווי אַן אָפּצאָל, ווי אַן אָנזאָג פֿאַר דער צוקונפֿט. דאָ אין כּנרת האָט זי זיך אַנטפּלעקט, אין כּנרת האָט זי גע־אַרבעט און אין כּנרת האָט זי געזונגען.

און ווי אַ געשאַנק פֿון כּנרת פֿאַר דער גאַנצער אומה וועט זי פֿאַרבלײַבן

פֿאַר אַלע צײַטן.

צו אונדזער ברכה און גליק, איז די דיכטערין רחל ניט פֿאַרבליבן ווי אַן א י י נ צ י ק ע, נאָר ווי אַן ע ר ש ט ע, ווײַל נאָך איר האָט אַ שפּאַן געטאָן פֿאָרויס אַ זינגענדיקע פּלעיאַדע דיכטערינס, און פֿון דעמאָלט אָן האָט זי זיך ניט אָפּגעשטעלט, און מיר האָבן אַ גרונד צו האָפֿן אַז די געבענטשטע שיירה וועט ווײַטער גיין פֿאָרויס. ווי די אייביקייט פֿון דער העברעיִשער דיכטונג גופֿא, וועט זײַן די אייביקייט פֿון דער דיכטערין אין איר. פֿון זינט עס איז דערשינען איר ערשט לידערבוך ס פ י ח, אַרויסגעגעבן פֿון ד ב ר אין יאָר תרפ״ח, און ביז תשכ״ח — הײַנט גאַנצע פֿערציק יאָר! — איז ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן די ליבשאַפֿט פֿון דעם העברעיִשן לייענער צו ש י ר ת ר ח ל, וואָס איז שוין דערשינען אין פֿופֿצן אויפֿלאַגעס, און דער נאָכפֿרעג איז ניט קלענער געוואָרן — און די „מתּנה פֿון דער טאָכטערס האַנט״ וועט ניט אויסגעלאָשן ווערן אין דער מנורה פֿון כּנרת.

ז. הנרות הללו

אַט די אַלע אַכט ליכט וואָס מיר האָבן הײַנט אָנגעצונדן אין אונדזער מנורה, זענען ווי איין ג ע פֿ ל אָ כ ט ע נ ע ה ב ד ל ה, אַ כּפֿול־שמונהדיקע, ווײַל אָנגעהאַלטן איינער אין דעם אַנדערן זענען די דאָזיקע ליכטפֿלאַמען, לויכטן איינער פֿון דעם אַנדערן, און דערגאַנצן זיך קעגנזײַטיק.

דאָס בוך ר ו י ם א ו ן י ר ו ש ל י ם פֿון משה העס האָט אַנטדעקט פֿאַר זײַנע חברים נ ח מ ן ס י ר ק י ן; און וועגן נ ח מ ן ס י ר ק י ן האָט געשריבן בערל זײַן ה א ח ד ב מ ע ר כ ה מיט יראת־הכּבֿוד און ליבשאַפֿט; און אויף באַראַכאָווס טויט האָט געמאַכט אַ הספּד נ ח מ ן ס י ר ק י ן. און די צוועלף בענד פֿון בערלס ירושה־שריפֿטן האָט רעדאַקטירט, אויפֿגעזאַמלט און פֿאַרעפֿנטלעכט ש. י ב נ א ל י, אַזוי ווי ער האָט אויך אויפֿגעזאַמלט און רעדאַקטירט דאָס בוך פֿון ב״צ י ש ר א ל י. און ער, ב״צ י ש ר א ל י, האָט געפֿלאַנצט דעם פּאַלמען־גאָרטן צום אָנדענק פֿון דער דיכטערין ר ח ל; און איר ערשטן שיר האָט רחל געשריבן צו אַ. ד. ג אָ ר ד אָ ן און אויך ג אָ ר ד אָ ן האָט איר געענטפֿערט מיט דיכטערישע שורות. און דאָס ערשטע לידערבוך פֿון רחל ס פ י ח האָט אַרויסגעגעבן ב ע ר ל ק אַ צ נ ע ל ס אָ ן. און אויב איך צינד הײַנט אָן די אַכט ליכט צום אָנדענק פֿון די אָבֿות וואָס רוען אין כּנרת, טו איך עס דאָך אין „אוהלו״, וואָס ב״צ י ש ר א ל י

האָט אויסגעבויט אויפֿן ברעג פֿון כנרת לזכר בערל קאַצענעלסאָן.

באַהעפֿט איינער מיטן אַנדערן זענען זייערע לעבנספּלאַמען, זויגנדיק איינער פֿון דעם אַנדערן און באַגיסנדיק זיך קעגנזײַטיק מיט זייער ליכט, מאַכן זיי אַלע אַכט פֿײַערן לײַכטן צוזאַמען אַנטקעגן דער מנורה.

און דאָס דערהייבנסטע איז וואָס אַט די אַלע אַכט, וועלכע רוען אויפֿן בית־עולם אין כנרת און אין דגניה און וואָס פֿאַר זייער כּבוד האָבן מיר אָנגעצונדן די פֿאַרערונג־ליכט — זיי אַלע זענען געווען ניט קיין וונדער־מלאכים, נאָר פּשוטע שטערבלעכע. אַלע פּרטים פֿון זייער לעבן זענען אָפֿן פֿאַר אונדז, מיט אַלע שוואַכקייטן און באַגרענעצט־קייטן. יעדער איינער אַ געוויינטלעכער מענטש, ווי מיר אַלע. פּשוטע זענען זיי געווען און ערלעכע, און דעם גאָט פֿון ישׂראל האָבן זיי געדינט מיט זייער נשמה און זייער גאַנצער קראַפֿט.

קיינער פֿון זיי האָט ניט אָנגעהויבן און קיינער פֿון זיי האָט ניט פֿאַרענדיקט. ווי פֿאַרשיידענע סטראָפֿעס אין אַ לאַנגן שיר, זענען זיי אַלע אײַנגעפֿאַסט אין איין דערהייבנעם ניגון, דעם ניגון פֿון אונדזער פֿאָלקס־אויפֿלעבונג, אין אונדזערע דורות, מיט אַלע זײַנע באַרג־אַראָפּן און באַרג־אַרויפֿן.

און קיינער פֿון זיי האָט זיך ניט אַלע מאָל געפֿילט גליקלעך. אַלע האָבן זיי איבערגעלעבט אַנטוישונגען און גענוג זיך אָנגעליטן. ניט קיין מנוחה האָבן זיי געהאַט און ניט קיין נחלה. זייער אידעאַל האָט שטענדיק געלויכטן פֿאַר זיי אַנטקעגן און אַלץ וואָס זיי האָבן דערגרייכט האָט ניט געהאַט קיין ווערט פֿאַר זיי אין פֿאַרגלײַך מיט דעם גרויסן ציל וואָס איז תּמיד געשטאַנען פֿאַר זייערע אויגן און וואָס אים האָבן זיי געהייליקייט זייער גאַנצן יֵש.

און אויף זייערע אַנטוישונגען און דערפֿאָלגן, אויף זייערע יסורים און דערגרייכונגען, זייערע און פֿון זייערע תּלמידים, פֿון זייערע פֿרײַנד און קעגנערס צו גלײַך, איז אָנגעלענט דער גאַנצער לייטער פֿון דעם פֿאָלקס אויפֿשטײַג אין זײַן היימלאַנד.

און מיר האַלטן נאָך אין סאַמע מיטן ברען פֿון אַט דעם אויפֿשטײַג. לאָמיר טראָגן מיט באַשיידנקייט און ווערדע די מנורת־המאור פֿון כּנרת.

כּנרת, חנוכּה תשכ״ח

# די וויזיע פֿון גאולה
# און דער ארץ־ישׂראל געדאַנק

דער נאָמען וואָס דער אַרטיקל טראָגט איז: „די וויזיע פֿון גאולה און דער ארץ־ישׂראל־געדאַנק אין חסידות". וועל איך מיך דערלויבן אים אַ ביסל ביַיטן. די וויזיע פֿון גאולה? ס'איז שווער צו זאָגן אַז חסידות פֿאַרמאָגט אַ באַזונדערע וויזיע פֿון גאולה. ס'איז די אַלטע וויזיע, ווי זי איז אָנגענומען ביַי ייִדן פֿון די עלטסטע ציַיטן. די חסידים האָבן בכלל ניט געשאַפֿן קיין ניַיע זאַכן. זיי האָבן אָנגענומען דעם שולחן־ערוך מיט אַלע זיַינע פּאַראַגראַפֿן און סימנים, די תורה שבכתב און די תורה שבעל פּה, און וואָס ס'איז געזאָגט געוואָרן אין זוהר, און אַלץ וואָס ס'איז ביַים פֿאָלק פֿאַרהייליקט — זיי האָבן אָנגענומען אַלץ, ווי ס'איז. די חסידים זענען ניט קיין באַניַיער. די חסידים — זענען באַלעבער. זיי האָבן אַריַינגעבראַכט מער פּנימיות־דיקייט אין אַלץ וואָס זיי האָבן באַקומען, האָט שוין אַ קלוגער ייִד געזאָגט. אַ צוגאָב פֿון ניַיער וויטאַליטעט, וואָס פֿריִער האָט זי כּמעט זיך ניט געלאָזט שפּירן. די פֿאַרבאָרגענע חכמה, „די פּנימיותדיקייט פֿון דער תורה", ווי די חסידים זענען זיך נוהג צו זאָגן, האָט אָנגערירט אַלע חדרים פֿון תורה, וואָס זענען אויסגעהאָקט פֿון אייביק אָן, און ווי זי וואָלט זיי באַלויכטן פֿון אינע־ווייניק מיט אַ זעלטן ליכט, וואָס מ'האָט פֿריִער פֿון דעם ניט געוווּסט. אַזוי בנוגע אַלע מיצוות. די גאַנצע קבלה האָט קיין מיצוות ניט באַניַיט, אָבער ס'איז ניט אָפּצושאַצן איר השפּעה איבער זיי. אויב נעמען אַ ביַישפּיל, וועלן מיר אָנ־רופֿן אַ זייער פֿאַרהייליקטע מיצווה און אַ זייער אָנגענומענע ביַי יעדן ייִדן, וואָס יעדער ייִד לעבט זי אַדורך פֿופֿציק מאָל דורכן יאָר — די מיצווה פֿון שבת. אַ גרויסער כּלל איז דער טאָג שבת, און גרויסע כּללים און אָנגענומענע זענען די דינים פֿון שבת אין אַלע ל"ט פֿאַרבאָטענע מלאכות, ווי זיי זענען פֿאַרשריבן און אָנגענומען סיַי צווישן מקובלים און סיַי צווישן ניט־מקובלים און דאָך איז ניט צו דערקענען די געשטאַלט פֿון שבת ביַי ייִדן זינט די טעג פֿון אַר"י הקדוש. אַנדערש איז זינט דעמאָלט דער עסטיש, און אַנדערע זענען די

זמירות, און אַנדערש די גרויסע גײַסטיקייט וואָס שטראַלט פֿון זיי אַרויס. די כּוונות האָבן ווי לעבעדיק געמאַכט די מיצוות, און דער „לשם יחוד" פֿון פֿאַרנט האָט אַנגעצונדן די כּוונות. און ווי די מקובלים פֿריִער — אַזוי זענען די חסידים נאָך זיי. זיי האָבן קיין זאַך ניט אויסגעטראַכט, נאָר אַרײַנגעטראָגן אַ נײַע וויטאַליטעט. דאָס חסידישע פֿײַער איז אַרײַנגעדרונגען אין דער פּנימי־יותדיקייט פֿון דער מיצווה און אַרויסגעקוקט פֿון דאָרט מיט אַ נײַ פּנים.

און אויב דאָס איז אמת לגבי יעדער מיצווה, און יעדן איינציקן ווערט פֿון די ווערטן פֿון ייִדישקייט — האָט דאָך דאָס פֿילפֿאַכיק באַדאַרפֿט זיך לאָזן שפּירן און פֿילן, און מיט מער התלהבות און מיט מער שטאַרקייט, ווען מיר ריידן מכּוח דער מיצווה פֿון אַלע מיצוות במשך פֿון אונדזער זײַן אין גלות, אין דעם געהויבענעם ענין פֿון „צפּית לישועה"? מחמת דאָ, אין דער פּרשה פֿון שפּירן און טאָן אין „לעכצעניש נאָך גאולה", האָט אייגנטלעך באַדאַרפֿט זיך אַנטפּלעקן אַ גרויסער היסטאָרישער כּוח, אַ פֿיל גרעסערער ווי פֿריִער, איידער דאָס ליכט פֿון חסידות האָט אויפֿגעשײַנט. און ווירקלעך, מיר זענען געוווינט אַצינד, לויט דער היסטאָרישער טערמינאָלאָגיע, דאָס צו רופֿן משיחיזם — ס'הייסט, ניט בלויז משיחיזם ווי אַן עיקר אין גלויבן, ווי דעם אַחרית־הימים, צו וועלכן די גאַנצע וועלט גייט, וואָס ס'איז די אייביקע נחלה פֿון דער אומה — נאָר וועדליג דעם, ווי ער ווערט באַנומען דורך יעדן איינציקן דור, ווי דער אויפֿגאַב פֿון יענעם דור, וואָס איז אים מחייב צו באַשטימטע מעשׂים, געאײַלטע און געוואָגטע, כּדי צו דערנענטערן דעם קץ, אָדער זיך אַליין דערנענטערן צום קץ. און מיר באַנעמען דעם אונטער־שייד צווישן די תקופֿות, לויטן כּאַראַקטער און לויט דער אינטענסיווקייט פֿון דער גאולה־בענקעניש אין יעדער איינציקער פֿון זיי, און לויט די מעשׂים דורך וועלכע זיי האָבן געשטרעבט צו פֿאַרוועבן הויט און פֿלייש אויף זייער משיחישן אידעאַל. דאָס בענקען נאָך גאולה איז אַוודאי געווען אַלגעמיין און בשותפֿותדיק פֿאַר אַלע געטרײַע זין פֿון ייִדישן פֿאָלק אין אַלע לענדער פֿון זייער צעשפּרייטונג, אין אַלע גילגולים פֿון די תקופֿות. אָבער דער אופֿן פֿון טרויעריר איבערן גלות פֿון די „אַבלי ציון" איז דאָך ניט גלײַך צום געברום פֿון ר' יהודה הלויס ציון־לידער. און ר' יהודה הלויס ליד איז דאָך ניט גלײַך צום פֿלאַמיקן משיחיזם פֿונעם אנוס ר' שלמה מולכו, וואָס איז געגאַנגען צום שײַטער־הויפֿן פֿאַר זײַן משיחישער „טוונג" אין די טעג פֿון דוד ראובני. און מ'קען ניט פֿאַרגלייכן דעם אויסדרוק פֿון זיי בײדע צו די אויסטערלישע

באַגריפֿן און פֿאַרפֿליכטונגען, וואָס די תקופֿה פֿון די צפֿתער מקובלים האָט געשאַפֿן אין זעכצנטן יאָרהונדערט, און אַוודאי ניט צו די גרויסע אָפּטלעכע שינויים, וואָס דער זיבעצנטער יאָרהונדערט האָט אַרויסגערופֿן אויף דעם געביט, מיט די שטורעמס וואָס האָבן אויסגעבראָכן אין איזמיר און אין עזה, און אויך ניט צו דעם שטראָם פֿון עליה, וואָס האָט זיך אַ לאָז געטאָן פֿון פּוילן און פֿון איטאַליע. פֿאַרוואָר, פֿון דער דאָזיקער בחינה וועלן מיר גערעכט זײַן צו זאָגן: „יעדער איינציקער דור און זײַן משיחיזם". אָפּגעזען פֿון אַלגעמיינעם משיחישן גלויבן, דעם אייביקן, דעם שותּפֿותדיקן — סײַ ווי אַ רעליגיעזער עיקר, און סײַ ווי אַ גײַסטיקער הינטערגרונט — פֿאַר אַלע דורות באַגלײַך.

וואָס איז, בכן, דער חלק פֿון חסידות אין אָט דעם דאָזיקן היסטאָרישן קאַלירפֿולן בילד, און פֿאַר וואָס איז זײַן חלק געווען ווי ס'איז געווען? פֿאַר וואָס איז דאָס פֿײַער פֿון התלהבות, וואָס באַצייכנט די חסידישע באַוועגונג, אויף אַלע געביטן פֿון איר רעליגיעזער ווירקונג, פֿאַר וואָס איז דאָס פֿײַער דאָ כּמעט ניט אויפֿגעפֿלאַקערט געוואָרן? ווי אַזוי איז געשען, אַז די בײַדע היסטאָרישע וויסנשאַפֿט זעט זיך געצוווּנגען צו באַשטימען, אַז צווישן דער תקופֿה פֿון קבלה און דער תקופֿה פֿון חסידות — צווישן דער מאַמע און דער טאָכטער — איז פֿאַראַן אַ פֿונדאַמענטאַלער אונטערשייד אויף דעם געביט, און אַז די מאַמע — די קבלה — האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן „אַקטיוון דינאַמישן משיחיזם", און בײַ דער טאָכטער — דאָס חסידות — איז דער משיחיזם געוואָרן לאַטענט, צוריקגעהאַלטן, און געווען אפֿילו אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט: חסידות איז געווען נייטראַל לגבי משיחיזם. ווי איז גראָד דאָ טונקל געוואָרן דער פֿלאַם? ווי אַזוי איז דער בראַנד פֿאַרבלאַסט געוואָרן דווקא אין זײַן קרוינפּונקט?

אפֿשר וועט קומען אַ פֿאַרגלײַך צווישן צוויי היסטאָרישע לעגענדעס פֿון די דאָזיקע צוויי תקופֿות און מער בולט מאַכן אָט דעם פּאַראַדאָקסאַלן אומבאַט.

מען דערציילט, אַז ווען מ'האָט בשעתו געפֿרעגט דעם אַר"י הקדוש, הלמאַי ער האָט אויסגעקליבן צפֿת פֿאַרן פּלאַץ פֿון דער אַנטפּלעקונג פֿון קבלה, האָט דער אַר"י געענטפֿערט: צ פֿ ת איז בגימטריא תק"ע (שופֿר בלאָזן) און חכמת הקבלה איז אַנטפּלעקט געוואָרן אין דער וועלט ניט צוליב עפּעס אַנדערש, ווי נאָר כּדי מקיים צו זײַן דעם באַפֿעל: בלאָז אין אַ גרויסן שופֿר פֿאַר אונדזער פֿרײַהײַט (תקע בשופֿר גדול לחרותנו).

און ווידער דערציילט מען, אַז ווען מ'האָט געפרעגט דעם משיחישסטן און פּאַטעטישסטן רבין, ר' נחמן בראַסלאַווער, הלמאַי ער האָט אויסגעקליבן זײַן פּלאַץ אין אומאַן, אוקראַיִנע, און ניט אין ארץ־ישראל, האָט ר' נחמן געענט־פערט: מחמת דאָרט זענען געקומען צו קבורה די קדושים פון ת"ח ות"ט און ער וויל געפינען זײַן רו לעבן זיי.

צי האָט זיך דאָ ניט אַ רוק געטאָן דער בראַנדצענטער פון פאַל צו פאַל?

וואָס איז געשען אין צווישן, וואָס דער פּלאַם האָט אַזוי זיך געענדערט?

האָט דער חסיד אין דער צײַט פון בעש"ט דורכגעלעבט דאָס אומגליק פון גלות ווייניקער ווי דער מקובל אין דער צײַט פון אר"י הקדוש? איז זײַן גלויבן אין מוז פון קומענדיקער גאולה געוואָרן טעמפּער, אָדער זײַנע לעכצענישן נאָך גאולה זענען געוואָרן שוואַכער? זענען דאָך די קוואַלן פון חסידות אָפן פאַר אונדז אַלעמען. און פיל פון אונדז האָבן דאָך נאָך געקענט די אַלטע חסידים פון אונדזער דור, מיט זייער פולן גײַסטיקן מהות, זייער געדאַנקן־גאַנג און זייער לעבנס־שטייגער. ווי קען אונדז גאָר קומען אויפן געדאַנק, אַז אין תוך זענען זיי געווען גלײַכגילטיק צו גאולה? פאַר וואָס, אויב אַזוי, דער פּלאַמיקער באַגער, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן אמתן חסיד, ווען ער גייט טאָן עפּעס אַ מיצווה — פאַר וואָס זשע איז פאַרשווונדן די דינאַמיק זײַנע דווקא אין דעם קאָמפּלעקס, וואָס איז דער באַגער פון אַלע זײַנע באַגערן, וואָס אין אים ליגט פאַרוויקלט און באַהאַלטן דער גאַנצער אידעאַל פון געטרײַער ייִדישקײַט?

ניט אַנדערש, אַז עפּעס פאַטאַל־גורלדיקס איז פאַרגעקומען דווקא אין יענער תקופה צווישן של"ב אין צפת און תצ"ה אין טלוסט, וואָס צוליב דעם זענען די צעשפּרייטע פליגל ווי געשמידט געוואָרן אין קייטן.

און צי שטעקט ניט די סיבה פאַר דער דאָזיקער אַנדערשקייט אין דער מיזראַדיקער היסטאָרישער געשעעניש, וואָס איז פאַרגעקומען גראָד אין יענע יאָרן, וואָס צווישן צפת פון זעכצנטן יאָרהונדערט און טלוסט פון אַכצנטן יאָרהונדערט? — זענען דאָך דווקא דעמאָלט אין דעם דאָזיקן שפּירעוודיקן שטח אויפגעקומען חששים און אײַנהאַלטונגען, און ס'איז אַרײַנגעפאַלן די קללה פון שרעק אין דער נשמה פון יענע וואָס האָבן געציטערט פאַרן גורל פון פאַלק און פאַרן גורל פון דער אמונה בײַם פאַלק.

מחמת אין יענער תקופה, וואָס טיילט פונאַנדער צווישן די נאָכפאָלגערס פון אר"י אין ארץ־ישראל און צווישן די תלמידים פון בעש"ט אין פּאָדאָליע,

איז פֿאַרגעקומען די גרויסע איבערקערעניש, וואָס גורם געווען דערצו האָט דער אומגליק פֿון דער צו־נישט געוואָרענער משיחישער האָפֿענונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין איזמיר און עזה, און אירע אָפּקלאַנגען האָבן זיך געהאַלטן אין שפּרייטן איבער אַ סך גלותן; און די נאָכווייענישן פֿון פֿאַרצווייפֿלונג האָבן פֿאַרסמט די לופֿט אין וואָלין און פּאָדאָליע גופֿא, ווו ס׳איז דעמאָלט געבוירן געוואָרן, און פֿון דאָרט זיך שפּעטער צעשפּרייט די גאַנצע חסידות־באַוועגונג. און דער אָביעקטיווער באַטראַכטער קען ניט פֿאַרקוקן אַט דאָס אַלץ וואָס ס׳איז זיך פֿאַרלאָפֿן און האָט געציטערט אין האַרץ און גײַסט פֿון די בעסטע פֿון פֿאָלק; ניט דעם מעכטיקן אויפֿרודער וואָס ס׳איז געקומען מיטן אויפֿשטײַג פֿונעם גלויבן און מיט די געשעענישן וואָס זענען געווען פֿאַרבונדן מיטן דאָזיקן אויפֿשטײַג, און געוויס ניט דעם טיפֿן ווייטיק, די ברענענדיקע באַליידיקונג, און גײַסטיקע צעבראָכנקייט וואָס זענען געקומען נאָך דער אַנטוישונג און אָפּגענאַרטער האָפֿענונג, וואָס די אומה האָט אַזאַ ביטערניש נאָך קיין מאָל פֿריִער ניט דורכגעלעבט.

ווער ווייס, אין וואָס פֿאַר אַ תהומען דאָס פֿאָלק מיט זײַנע מאַסן וואָלטן געזונקען, ווען ס׳וואָלט פֿון זײַנע טיפֿענישן ניט אויסגעשטרעקט געוואָרן צו אים די היילנדיקע האַנט פֿון אַ מאמין און בעל־בטחון, די אויפֿמונטערנ־דיקע האַנט פֿון ר׳ ישׂראל בעל־שם־טוב און זײַנע תּלמידים.

דער פֿאַקל פֿון גלויבן אין משיח, וואָס שטורעמס האָבן זיך פֿאַרנומען צו פֿאַרלעשן, איז פֿון ס׳נײַ אָנגעצונדן געוואָרן. אָבער ס׳ליכט פֿון דעם פֿײַער איז פֿאַרוואונדעט געוואָרן אין־זיך־צו מחמת דער מורא פֿאַר „מזיקים״, וואָס האָבן געלויערט פֿון אַלע זײַטן אויף יעדער ניט־פֿאַרזיכטיקער אַנטפּלעקונג.

ווען כ׳וואָלט קענען פֿאַרגלײַכן דעם משיחישן פֿלאַם וואָס האָט געברענט אין האַרצן פֿון די אבות פֿון חסידות, און האָט זיך אָפּגעהיט פֿון יעדן אויפֿ־בליץ כּלפּי חוץ, וואָלט איך געזאָגט: דער פֿלאַם איז געגליכן צו חנהס תּפֿילה אין שילה. ס׳האַרץ איז פֿול איבער די בריעגן, די ליפּן באַוועגן זיך און קיין קול ווערט ניט געהערט. ווי מיט אינעווייניקסטע און דרויסנדיקע צוואַנגען אין דער זעלביקער צײַט זענען די באַוועגלעכע ליפּן געשמידט, כּדי ס׳זאָל זיך קיין קול ניט הערן. ווי אַ נדר וואָלט געשלאָסן געוואָרן, זיי זאָלן ניט אַרויסברענגען קיין שום משיחיש קול און זיי זאָלן זיך אָפּהיטן פֿון איטלעך געשטאַלט, וואָס קען פֿירן צו אַ פּעולה פֿון דוחק זײַן דעם קץ. ווײַל דער ביטערער פֿאַל, וואָס זײַנע שפּורן זענען נאָך ניט אָפּגעווישט

געוואָרן, איז געשטאַנען פאַר די אויגן און אַנגעוואָרפן אַן אימה. און אָט דאָס געפיל, פון האָפענונגען לעכצנדיקע געשמידטע אין קייטן, וואָס די געשיכטע און איר צייַט האָט אַרויפגעלייגט אויף די פּאַטערס פון חסידות — האָט זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין אַ הופטטיפּ וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו ווירקן אויך דורות נאָך דעם, ווען אַלע סיבות וואָס האָבן אים געבראַכט צום לעבן זענען שוין לאַנג אָפּגעווישט געוואָרן פון דער וועלט.

דאָס איז דער גרויסער פּרייַז, וואָס דאָס חסידות איז געצוווּנגען געווען אין יענער שעה צו צאָלן, כּדי ס'זאָל זיך קענען שטעלן אין קאַמף און ראַטעווען פון יענעם חורבן די משיחישע האָפענונג, און צוזאַמען מיט איר, די אמונה פון פאָלק אין זייַן צוקונפט: אַ האַרבער איסור, אַן אויסערלעכער און אינעווייניקסטער אין איינעם, אויף יעדן אַקטיוון אויסדרוק פון משיחישער לעכצעניש. דער חסיד איז געווען מחוייב צו וועגדן דעם עיקר־פּלאַם פון זייַן גלויבן און גאַרן אין זיך, אין דער טיפעניש פון זייַן נשמה, דורכן אָפּזאָגן זיך אַבסאָלוט פון יעדער אָפענער גזעלשאַפטלעכער אַקציע, וואָס האָט געגרייכט אַזש ביז אכזריות. אַז דאָס פאָלק זאָל, חלילה, נאָך אַ מאָל זיך ניט אויסגליטשן און אַרייַנפאַלן אין דער מוראַדיקער גרוב וואָס איר שלונד איז נאָך געשטאַנען ברייט צעעפנט און געלויערט אייַנצושלינגען לעבעדי־קערהייט איטלעך איינציקן, וואָס האָט געוואָלט אונטעראייַלן דעם קץ.

ס'הייסט אַזוי: אין דער ספערע פון מעשים איז די ענדערונג פאַרגעקומען אָבער אין וויזיע און לעכצן איז קיין שום ענדערונג ניט געשען.

מיט איר פולער ערלעכקייט ברענט די גלוסטונג פאַר גאולה אין דער פנימיותדיקייט פון אָט דער רעליגיעזער פאָלקס־באַוועגונג. דורך די צייַטן פון חסידות, ווי דורך די צייַטן פון קבלה, און מיטן אויפקום פון די גרויסע פּערזענלעכקייטן אין איר, זענען אויפגעקומען און אויפגעלויכטן אויך די אַ גלוסטונג און די געטרייַע אמונה, יעדער איינציקער פון די פּערזענלעכקייטן לויט זייַן מדרגה. נאָר וואָס שטעקט דאָ אין מיטן? — דער טראַגישער צוזאַ־מענבראָך פון אַ אַנטוישטן משיחיזם וואָס האָט געשלאָגן און פאַרוויסט די נשמה פון פאָלק — דאָס איז, וואָס ס'האָט צוריקגעהאַלטן. עס שוועבט דעם פאַרשערס געדאַנק אין די טיפענישן פון זייַן פאָלקס היסטאָריע, און אָט דער־גרייכט ער צו דער דאָזיקער תקופה, וואָס ווערט דאָ באַהאַנדלט — זע: אַן איבערקערעניש פון געוואַלדיקע כּוחות איז דאָ, אויפן גייַסטיקן באָדן, פאַרגעקומען; ווי אַ פייַער־שפּייַענדיקער באַרג, וואָס דער פלאַם האָט זיך

דורות אויף דורות אין אים אַנגעקליבן — האָט פּלוצעם אויסגעבראָכן און אַלע יסודות פֿון פֿאָלקס־לאָגיק זענען צעטרייסלט געוואָרן. מחמת, ניט אַ גאַנג אויף אַ גראָדן פּלאַך איז עס געשען, און זאָל זײַן אַפּילו אַ פּלאַך וואָס רוט אין דער נידער ווי אין דער צײַט פֿון דער „אגרת תימן", איז געבוירן געוואָרן די באַוועגונג פֿון ר׳ ישׂראל בעל־שם טוב, און אויך ניט אין דער צײַט פֿון דערהייבונג און אויפֿשטײַג צו הייכן פֿון די הייליקע בערג — ווי אין די טעג פֿון אַר״י הקדוש — נײַערט, אין די יאָרן פֿון אַרונטערפֿאַל אין תהום פֿון ווייטיק און יִאוש, אין די טעג ווען די טײַערסטע האָפֿענונג פֿון ישׂראל איז צו נישט געוואָרן, און אין דעם צעריסן און צעפּליקט לאַנד, אין האָרץ פֿון צעוויטיקטע מאַסן און אין דעם מוראדיקן דלות, אין די קאַנטן פֿון וואָלין, פּאָדאָליע, וואָלאַכיע און רײַסן — צווישן די מאַסן, וואָס האָבן צוגעזען די שרעקלעכע פֿאַרוויסטונג מיט זייערע אייגענע אויגן — איז אויפֿגעקומען דאָס דאָזיקע שיצנדיקע ליכט.

פֿון מויל פֿון מײַן חבר און רבין, ד״ר יהודה אבן־שמואל, איז אונדז אויסגעקומען צו הערן מכּוח דאָס דערשײַנען פֿון בעש״ט אינעם ייִדישן שטעטל אין פּאָדאָליע, ווי דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווען דער דאָזיקער וווּנדערלעכער „בעלפֿער" האָט זיך דאָרט באַוויזן. אָבער אפֿשר זאָלן מיר דאָ מוסיף זײַן און זיך דערמאָנען, ווי אַזוי די גאַנצע אומה אין אַלע שטעטלעך פֿון יענע יאָרן האָט דעמאָלט אויסגעזען? אין יענע יאָרן ווען דער בעש״ט איז געבוירן געוואָרן (אין די יאָרן פֿון תנ״ח—ת״ס) זענען אין יענע שטעטלעך אויפֿגעגאַנגען די ערשטע חסידים פֿאַרן בעש״ט, וואָס זענען באַקאַנט אין אונדזער געשיכטע, ווי „די זין פֿון דער הייליקער חברותא פֿון ר׳ יהודה החסיד". פֿון שידלאָוויץ, פֿון קאַליש און פֿון גראָדנע און פֿון אַנדערע שטעט פֿון פּוילן און ליטע זענען זיי אַרויסגעקומען אויפֿצוגיין קיין ארץ־ישׂראל ווער צו פֿוס, און ווער פֿאָרנדיק: זיי האָבן דערגרייכט אין גרופּעס קיין ווין, און עס האָבן זיך באַהאָפֿטן צו זיי פֿלאַמפֿײַערדיקע חסידים פֿון מאָנהיים און פֿראַנקפֿורט; און ס׳זענען זיי געקומען צו הילף רײַכע ייִדן און עסקנים און געזאַמלט געלט, כּדי אויסצוהאַלטן די „עליה" פֿון די דאָזיקע חסידים קיין ארץ־ישׂראל. אין די הערצער זייערע האָבן זיי געוואָרעמט זייער גרויסע האָפֿענונגען, אַז מיט דער קאָנצענטראַציע פֿון די גאָטספֿאָרכטיקע כּשרע ייִדן־מקובלים אין ירושלים, וואָס וועלן קומען „בעטן אין די הייפֿן פֿון האָר" — וועלן זייערע רייד דערגרייכן צו די טויערן פֿון הימל, און דאָס וואָס מ׳האָט

ניט געקענט פועלן אין אַלע שטעטלעך פון פוילן און ליטע און דײַטשלאַנד וועט מען פועלן אין דער הייליקער שטאָט ירושלים. ס'זענען נאָך ניט אַריבער קיין געציילטע עטלעכע יאָר — ווי דער בעש"ט איז אַרײַן אין חדר, נאָך ניט ווי אַ באַהעלפער, נײַערט ווי אַ קליין קינד, געטראָגן אויף די פּלייצעס פון אַן אַנדער „באַהעלפער" — און יענע ערשטע חסידים, די לעכצנדיקע עולים, זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן מיט זידלערײַען פון ירושלים. ר' יהודה החסיד אַליין איז ניפטר געוואָרן דרײַ טעג שפּעטער נאָך זײַן קומען אין לאַנד. אונדז איז בלויז געבליבן הײַנט „די חורבה פון רבי יהודה החסיד", וואָס מיר געדענקען זי און בענקען נאָך איר, אָבער דעמאָלט — אַ שווערער שאָטן פון אַ מוראדיקן חשד האָט צוגעדעקט די הימלען פון ר' יהודה החסידס תלמידים. מ'האָט זיי באַשולדיקט אין דער האַרבסטער זינד אין יענעם דור — אין דעם חטא פון אַן איבערגעגעבענעם רצון פאַר גאולה, און אין אַ צו שטאַרקער דבקות צו „חבלי גאולה". דער תלמיד מובהק פון ר' יהודה החסיד, ר' גדליהו פון סעמיאַטיטש, איז געווען געצוווּנגען צו נעמען דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט, צו לאָזן זיך ווידער קיין אייראָפּע און ברענגען אַהין די ידיעה וועגן די יסורים און לײַדן פון ישוב. און ס'זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דערגרייכט ביז צו די טויערן פון אונטערגאַנג, און נאָך ווײַטער.

דאָס אַלץ אין די יאָרן פון בעל־שמס אָנהייב. און אין די יאָרן פון סוף?

דרײַ יאָר פריִער, איידער ס'ליכט פון ר' ישראל בעל־שם־טובס לעבן איז אויסגעלאָשן געוואָרן — איז פאָרגעקומען האַרט נעבן אים און טאָקע אין זײַן געגנט דער ווייטיקלעכסטער און שענדלעכסטער פּראָצעס וואָס ס'איז ווען ניט איז דורכגעפירט געוואָרן במשך דער גאַנצער געשיכטע פון גלות, אַ פּראָצעס וואָס האָט צו שאַנד און שפּאָט געמאַכט דעם גוף און די נשמה פון דער אומה: דער פּראָצעס פון קאָמעניעץ־פּאָדאָלסק, דורכגעזאָפּט מיט זעלבסטהאַס און שמוץ, ווען ס'האָבן זיך אויפגעשטעלט אייגענע ברידער, פאַרביטערטע און פאַרבלאָנדזשעטע, פאַררעטערישע, אויפגעפּריסענע פון בלינדן זעלבסטהאַס און געוואָרפן אויף זייער פאָלק מיִאוסע בלבולים. און אויף דעם סמך פון זייערע מסירות זענען אַרומגעגאַנגען די פּאָליציאַנטן איבער ייִדישע קהילות, פאַרנומען די ספרים פון די אַלמערס פון בתי־מדרשים און ישיבות און פאַרברענט זיי אין די גאַסן פון די ייִדישע שטעט.

צי דובנאָוו איז גערעכט, אַז דער בעש"ט האָט אַליין אָנטייל גענומען אין דעם פּראָצעס צו פאַרטיידיקן דאָס ייִדנטום אַקעגן די אינעווייניקסטע מלשי־

נים, אָדער צי באַלאַבאָן איז גערעכט, אַז דער בעש"ט איז ניט געווען צווישן די פּאַרטייִדיקערס מחמת מ׳געפינט ניט זײַן נאָמען צווישן יענע וואָס זענען געחתמעט אויפֿן פּראָטאָקאָל, און סײַ אויב דער אמת געפינט זיך ביי ד"ר ווערטהיים, וואָס האָט ערשט איצט באַוויזן, אַז דער בעש"ט האָט בלויז צוגעגרייט די טענות, אָבער ער אַליין האָט ניט געוואָלט קומען אין געריכט, מחמת ס׳איז פֿאָרגעקומען אין אַ קלויסטער (ס׳איז אַ משפחה־טראַדיציע בײַ דעם בעל־שמס אייניקלעך) — בכל־אופֿן, איז קיין ספק ניט, ווו זײַן האַרץ און נשמה האָבן זיך דעמאָלט געפֿונען. מיט אַלע סטרונעס פֿון זײַן האַרצן האָט דער בעש"ט אויפֿגעשטורעמט מיט די גרויסע צעווייטיקטע פֿון דער אומה. און דער מוראדיקער חלום וואָס דער בעש"ט האָט געחלומט — לויט דער לעגענדע — ערב יום־כּפּור, ווען ער האָט געזען „אַ גרויסן קיטרוג אויף ייִדן, אַז די תורה־שבעל־פּה וועט אָפּגעטאָן ווערן פֿון זיי, און ער איז צו־געפֿאַלן צום ארון־קודש און געשריִען: ווײַ, ווײַ, מ׳וויל צונעמען די תורה פֿון אונדז און ווי וועלן מיר זיך קענען האַלטן צווישן די אומות אַפֿילו אַ האַלבן טאָג אאַז"וו". און ער האָט געטענהט, אַז מ׳האָט געשטעלט צום מישפּט אַלע תנאים און אמוראים — און צו נעילה האָט ער געקרעכצט און געשריִען, „ווי אַ געשאָכטענער אָקס", און ער איז צוגעקומען ביז צום לעצטן טויער, און ער האָט די גזירה אָפּגעשריִען — צי דאַרף מען האָבן דאָ אַ גרויסע היסטאָרישע פֿאַנטאַזיע, כּדי אַרויסצוהערן פֿון דער דאָזיקער לעגענדע די אימהדיקע אָפּקלאַנגען, פֿון די פֿראַנקיסטישע מסירה־בילבולים, וואָס ער און אַלע צעווייטיקטע פֿון זײַן דור האָבן זיך מיט זיי פֿאַרנומען? און וואָרהאַפֿטיק, אין יענע יאָרן האָט אַ ייִדישע האַנט פֿון אַ פֿראַנקיסטישן כּופֿר, וועלכער איז אַרויסגעקומען פֿון די געדערעם פֿון אַ פֿלאַמיקער משיחיסטישער באַוועגונג, אין דער צײַט פֿון איר ירידה, געשריבן: „ציון וועט מער ניט אויסגעלייזט ווערן און ירושלים וועט מער ניט אויפֿשטיין" — — —

און אין יאָר פֿון בעל־שמס פּטירה איז פֿאָרגעקומען דער שמד פֿון הונדערטער ייִדישע משפּחות אין יענעם פּאָדאָליער צענטער, ווו זײַן ליכט איז אויפֿגעגאַנגען.

און צווישן יאָר פֿון זײַן געבורט און ביזן יאָר פֿון זײַן פּטירה, דורך אַלע זעכציק יאָר פֿון זײַן לעבן, ציט זיך אַרום אים אָט דער געשפּאַנטער בויגן צווישן די צוויי פּאָליוסן: דער פּאָליוס פֿון לעכצעניש און אויסגיין פֿאַר אַ גיכער און פֿולער גאולה, און דער פּאָליוס פֿון אָפּהאַלטן זיך און באַהערשן

זיך און דער האַרבער נדר ניט צו טאָן בפּרהסיה קיין שום זאַך, כדי צו באַפרידיקן דאָס לעכצעניש, מחמת דער מורא פאַר דעם קלענסטן שאָטן פון עפּעס אַ פּעולה.

אויב איר וועט זוכן צו באַנעמען דאָס משיחישע געשטאַלט פונעם דור פון די פאָטערס פון חסידות — וועט איר אויסגעפינען, אַז דאָס איז די געשפּאַנטקייט צווישן די דאָזיקע צוויי קעגנזײַטיקע עקסטרעמע פּאָליוסן, וואָס האָבן געהערשט אין דער נשמה פון די בעסטע פון זיי, און וואָס זיי, אין פאַרשיידענע גילגולים, יעדער אייגענער לויט זײַן מדרגה, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן איינעם וואָס האָט זיך געפונען אין דעם קרײַז.

און ווער ווייס, אויב ניט אין דער אָנגעצויגנקייט פון די סטרונעס פון געמיט, צי שטעקט ניט אין דעם אויך די דערקלערונג פאַר דעם ספּעציעלן וווּנדער, וואָס פונקט דעמאָלט איז אויסגעבראָכן דער ניגון פון האַרצן פון פאָלק און איז געוואָרן איינס פון די ווערטן פון חסידישן אויסדרוק? ניט אַנדערש, ס'איז אויף זיי מקוים געוואָרן: „ס'איז ווי פײַער אין מײַנע ביינער, כ'קען דאָס מער ניט אויסהאַלטן". עפּנט נאָר אַפילו איצט אײַער אויער פאַר די חסידישע אָריגינעלע, אַלטע ניגונים, הערט זיך צו צו דער דערהייבונג ביז די העכסטע הייכקייטן און צו זייער זינקען ביז אין טיפסטן תהום אַרײַן, צו דעם פאַרבענקטן געזאַנג וואָס קיין ווערטער זענען ניטאָ דאָס אויסצודריקן, צו דעם אַרײַנפאַלן אין דעם יאוש פון ווייטיק, אָט צו דעם אייביקן גראַנגל מיט שטרויכלונגען און שטרויכלערס און צו דעם דערהויבענעם גלויבן אין דער געגאַרטער הויכקייט.

איז דאָס ניט אָט די שטומע דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער נשמה פון פאָלק, אויפגעשטורעמט פון גלוסטעניש און פון אימה פאַר איר אויסדרוק — איז דאָס ניט זי, וואָס האָט ניט געקענט געפינען קיין דער־לייזונג אין באַקאַנטע ווערטער, אַפילו ניט אין פאַרהייליקטע ווערטער? און ווען דאָס האַרץ איז זיך פאַרגאַנגען איבער אַלע ראַנדן, איז אויסגעבראָכן פון אים דער ניגון אָן ווערטער, וואָס נאָך אַזאַ שפּראַך ווי זײַן שפּראַך איז גאָר ניטאָ?

אפילו די דורכגעווייטיקטע געזאַנגען פון ר' ישראל נאַדזשאַראַ, וואָס האָבן געזעטיקט דעם דאָרשט פונעם מקובלים־דור, האָבן ווי אויפגעהערט צו באַפרידיקן די שטומע לעכצערס פון דעם דור טאַטעס פון חסידות. און ס'האָט זיך אויסגעשפּרייט די הערשאַפט פון ניגון ווי קיין מאָל ניט פריִער און איז

געוואָרן די חסידישע ירושה פֿון דור צו דור.

און בלויז זייער זעלטן, ווען איינער פֿון די טאַטעס פֿון חסידות האָט געזוכט זיך אַנצוקליידן אין אַ לבוש פֿון ווערטער — האָבן זיי איבערגעגעבן אויך אויף די אונטערשטע שטאַפּלען, די ווערטערדיקע, עפּעס וואָס פֿון דעם וואָס ס'איז געלעגן אין יענע ניגונים אָן ווערטער. ווי עס האָבן דעמאָלט געזונגען, און ווי עס זינגען נאָך ביז היינטיקן טאָג, די חב"דער חסידים דאָס געזאַנג פֿון די מקובלים: „בני היכלא דכסיפין למחזי זיו". („די קינדער פֿון היכל וואָס גלוסטן צו זען דאָס ליכט...").

און ווי האָט זיך צעגאָסן אין ווערטער דער אדמו"ר, דער דיכטער, וואָס איז געשטאָרבן אין די יונגע יאָרן, ר' אהרן דער גרויסער, אין זיין שיר־הימען לכּבוד שבת? זינט דעמאָלט איז דאָס ליבנגעזאַנג ניט אויסגעגאַנגען פֿון די מיילער פֿון די רעשטן פֿון זיינע תלמידימס תלמידים. און איר קענט נאָך היינט הערן פֿאַרגאָפּט דעם ניגון צו יעדן שלוש־סעודות, ביי די קאַרלינער חסידים פֿון דער אַלטער טבריה, אויפֿן ברעג פֿון כּנרת, און אין די סטאָלינער שטיבלעך אין מאה שערים פֿון ירושלים:

„יה אכסוף נועם שבת".

(גאָט, איך גלוסט צו דער ליבקייט פֿון שבת —)

אָדער, ווי ס'האָט אַרויסגעזונגען אין אונגאַריש און יידיש און מיט אַ העברעישן שטאַמל, דער קאַלאָווער רבי:

וואַלד, וואַלד, ווער אַוועקגענומען,
ווען איך צו דער כּלה קענען קומען.

אָבער בעיקר האָט זיך די דערלייזונג כּלל ניט געגוויטיקט אין וועלכע ניט איז ווערטער, איטלעך וואָרט איז עלול צו מאַכן שטרויכלען. דאָ — איז בלויז דער רייִנער ניגון, וואָס האָט ניט קיין גוף פֿון ווערטער, און האָט ניט קיין געשטאַלט פֿון גוף — דער ניגון אַליין גיט אויסדרוק און מונטערט, פֿאַרווונדיקט און היילט.

הערט זיך צו צו די ניגונים וואָס ווערן צוגעשריבן צום בעל־שם־טוב אַליין, צו די ניגונים פֿון „אַלטן רבין", און צו די צענדליקער פֿריִערדיקע ניגונים, האָרכט און איבערצייגט זיך.

דער תוך פֿון דאָזיקן גייסטיקן קאָנפֿליקט צווישן די צוויי פּאָליוסן, די אַ שטאַרקע געשפּאַנטקייט צווישן דעם פּנימיותדיקן רצון און צווישן די שטערונגען, וואָס האַלטן אָפּ, איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער פּרשה פֿון

גלוסטעניש פאַר גאולה פון אַ פאָלק אין גלות. שוין אויפן שוועל פון די משיחישע באַוועגונגען, וואָס נאָכן שפּאַנישן גירוש — שטייט און וואַרפט אָן אַן אימה דאָס ערשטע קערנדל פון דער לעגענדאַרישער דערציילונג וועגן ר׳ יוסף דילי ריינה. ווו נאָך איז פאַראַן אַזאַ גלוסטונג ווי זײַן גלוסטונג? און ווו שטרויכלונגען און שטערונגען ווי זײַנע, פון דרויסן און פון אינעווייניק? און זינט דעמאָלט טרעט ניט אָפּ דער שאָטן פון סכנה צו פאַרטונקלען דאָס ליכט. און ווער פון דיביידע וועט גובר זײַן? ס׳איז אַן אייביקער אומאויפהערלעכער געראַנגל, אַ טיטאַנען־קריג אין דער נשמה פון דער אומה. דווקא דאָס דאָזיקע חסידות, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט באַלד נאָך די אַלע מוראדיקע נסיונות, דורך די גרעסטע שטורעמס פון „די טעג פון משיח, וואָס זענען ניט געקומען״ — איז פאַרמישפּט געוואָרן צו דעם גרעסטן אָפּהאַלטן זיך פון אַ ממשותדיקן אויסדרוק. דער שטורעם מוז זיך אויסשטורעמען בלויז אין דער טיפעניש פון נשמה, ווען די אויסערלעכע פאַרחלשטקייט מוז אויך אים באַהערשן, ווי אַ לויתן, וואָס אייבערשטע כּוחות האָבן געפּענטעט. אין דער בחינה פון אַ „מלך געשמידט אין קייטן״.

דער בעל־שם־טוב האָט פאַרשפּרייט אויך אַ נײַעם קנייטש אין דער תורה פון משיחיזם. און דורך דעם האָט זיך באַרײַכערט דער עצם באַגריף פון ברענגען דעם משיח. ער איז דער וואָס האָט געזאָגט: אַזוי ווי יעדער איינציקער ייִד האָט אין זיך אַ חלק פון גאָט אין הימל — אָדער, ווי די חסידים זאָגן נאָך הײַנט צו טאָג, ממש אַ חלק פון גאָט אין הימל — אַזוי איז פאַראַן אין יעדן איינציקן ייִדן אַ חלק פון משיחס נשמה. און אַזוי זאָגט ער: אַראָפּברענגען משיחן? יעדער מענטש פון פאָלק ישראל איז מחוייב צו ברענגען דעם חלק פון זײַן משיח. ווען יעדער איינציקער ייִד וועט צוגרייטן זײַן משיחישן חלק, וואָס איז פאַראַן אין שורש פון זײַן נשמה — וועט אויפגעשטעלט און פאַרפולקומט ווערן משיח אין זײַן פולער הייך. די נשמה פון אויסלייזער רוט, הייסט עס, אין דער נשמה פון דער אומה. און יעדער איינער דאַרף צוטראָגן זײַן טייל אין משיחן, און ס׳וועט קומען דאָס אַרונטערברענגען פון גאַנצן משיח.

ניט, חלילה, אַ שלום־מאַכן מיט ניט־אויסלייזונג — ניטאָ קיין פרעמדערע זאַך פון דעם אין גאַנצן חסידות! — נאָר אַריבערפירן דעם גאַנצן שווערפונקט פון מלחמה פאַר זײַן־געבראַכט־ווערן אין דער נשמה פון יעדן איינציקן יחיד אין פאָלק.

און אויך דאָס איז פֿאַרוויקלט אין אַן אומגעהײַערן גערעַנגל. ווײַל אויך יעדן איינעם לויערט דער שטן וואָס זיצט אין אים, אים אָפּצושוואַכן און אים מאַכן שטרויכלען, און אויך אויפֿצוהייבן אַקעגן אים אַלע אויסוואַר־טיקע כּוחות, כּדי ער זאָל קיין כּוח ניט האָבן זיך אַקעגנצושטעלן. ביז ער זאָל אַפֿילו עלול זײַן אָפּצושוואַכן די עצם גלוסטונג זיך אויפֿצוהייבן.

און דער דאָזיקער דראַענדיקער סימבאָל שפּרייט זיך איבער אַלע אַנשטערענגונגען פֿון חסידות, פֿון זײַן אויפֿקום אָן און ביז די שפּעטערדיקע דורות. ווער האָט ניט געפּרוּווט זיך אויפֿצוהייבן? און אַנטקעגן וועמען זענען ניט אויפֿגעקומען קיין אָפּהאַלטן — פּנימיותדיקע, גײַסטיקע, אפֿשר מער נאָך פֿון די אויסערלעכע, אויסגעדוכטע און רעאַלע צוזאַמען — ניט צו לאָזן דעם געדאַנק קומען צו אַ פּעולה. אין דער חסידישער ליטע־ראַטור רופֿט מען דאָס אָן: הסתרים און העלמות, מניעות און אָפּהאַלטן.

און די לעגענדעס וואָס ווערן איבערגעגעבן פֿון מויל צום אויער און פֿון דור צו דור האָבן נאָך פֿאַרגרעסערט און פֿאַרטיפֿט דעם גײַסטיקן געראַנגל. מ׳האָט דערציילט, טויטע זענען אויפֿגעשטאַנען פֿון די קברים צוריקצוהאַלטן. כּל־המינים רוחות און שלעכטע גײַסטער האָבן זיך צונויפֿגענומען ניט צו לאָזן דעם געדאַנק פֿון עליה צו ווערן פֿאַרווירקלעכט. די גוטע מלאכים האָבן געפֿירט מלחמה מיט די שלעכטע, און די שלעכטע האָבן מנצח געווען.

דער בעל־שם־טוב אַליין גייט אויף קיין ארץ־ישׂראל, און זײַן טאָכטער האָדל מיט אים. און דאָס געשעט שוין לאַנגע יאָרן נאָך זײַן התגלות, ווען זײַן נאָמען לויכט אים אָפּיר און דערוואָרעמט גאָר פֿיל הערצער. און ער גייט אויף דורך נסי־נסים און דערגרייכט ביז קאָנסטאַנטינאָפּאָל — און האָט מער קיין כּוח ניט צו פֿאָרן ווײַטער. דאָס וואָס ר׳ גרשון קיטעווער האָט זיך מצרף געווען צו זײַן שוואָגער דעם בעש״ט — איז אפֿשר געווען דער ערשטער גרויסער נצחון פֿון דעם טלוסטער מאמין איבער דעם בראָדער למדן. און פֿון דעסטוועגן, און אפֿשר דווקא מחמת דעם, איז ער אויסדער־וויילט געוואָרן אין שליחות צום לאַנד. און ווי ס׳זעט אויס, איז ער געקומען אין לאַנד מיט גרויסע השׂגות. בכל אופֿן, מיט גרויסע דערוואַרטונגען.

די דאָזיקע האָפֿענונג לאָזט זיך נאָך הערן פֿון מויל פֿון דעם טבריהער זקן, וואָס האָט באַגעגנט ר׳ נחמן בראַסלאַווער, זײַן אייניקל, און אין פֿיל אייגנשאַפֿטן דעם יורש פֿון בעל־שם, פֿרעגנדיק אים אין אַן אינטימען שמועס: „ס׳לאָזט זיך דאָך ניט שיקן, אַז דעם בעל־שמס אייניקל זאָל קומען אַהער

מיט קליינע השגות, ווי אַלע כּשרע ייִדן, סתּם צו האָבן דעם זכות צו לעבן אין קדושה פֿון לאַנד? ער האָט אַוודאי הויכע השגות און הויכע שליחותן".
און פֿאַרוואָר, ער איז אַוועק קיין בית־אל, געווען אין איין חבֿרותא מיטן מחבר פֿון אורח־חיים ווי מיט אַ רבין מיטן חיד"א (ר' חיים יוסף דוד אזוילאי) ווי מיט אַ חבר און בלויז הײַנטיקס יאָר, דאָס יאָר וואָס מ'האָט אויפֿגעבראַכט אַהער דעם חיד"אס ביינער, איז פֿון ס'נײַ דערציילט געוואָרן די מוראדיקע מעשה, ווי דער חיד"א און זײַנע צוויי חבֿרים האָבן זיך משתדל געווען צו ברענגען משיחן און וואָס ס'איז מיט זיי געשען, און ווי אַזוי ער איז פֿאַרמישפּט געוואָרן דערפֿאַר צו זיצן גאַנצע פֿינף און צוואַנציק יאָר אין דער פֿרעמד, אין ליוואָרנאָ. ווידער האָבן די שלעכטע מלאכים באַזיגט די גוטע, אַ נײַע רעפּעטיציע פֿון אייביקן מאָטיוו פֿון ר' יוסף די־לי ריינה.

אָבער צווישן איין נצחון און דעם צווייטן — האָט עולה געווען ר' נחמן פֿון האָראָדענקאָ, און ר' מענדל פֿון פּרעמישליאַן, יעדער איינער מיט זײַנע גרויסע השגות, און ס'האָט עולה געווען דער עלטערער חבֿר פֿון „אַלטן רבין" ר' מנחם מענדל וויטעבסקער, דער מחבר פֿון ספֿר פּרי הארץ, און ס'האָט עולה געווען ר' אַברהם פֿון קאַליסק און מיט זיי דער פֿלאַמיקער מטיף ר' ישׂראל פֿון פּאָלאָצק, און ס'ווערט אויפֿגעבויט דער באַשטענדיקער „מעמד" אויף אַריבערצוברענגען חסידים אין לאַנד אַרײַן, דורך שליחים און קאָמיטעטן, און ר' מנחם מענדל זאָגט: „מיר זענען דאָ און איר זײַט דאָרט" — ס'הייסט, ער און זײַנע תּלמידים זענען אין לאַנד, און דער אַלטער רבי און זײַנע חסידים זענען אין ליאָדי, און צוזאַמען וועלן זיי דורכפֿירן דאָס באַזעצן זיך פֿון די חסידים, צוליב גרויסע אויפֿטוען, כּדי צו עפֿענען די טויערן פֿון הימל — צו דערנענטערן די גאולה.

ס'איז באַקאַנט די רירנדיקע געשיכטע וועגן ר' אַברהמען, דעם חבֿר פֿון בעל־התּניא און פֿאַרהייליקטן מקובל, וואָס ווערט אָנגערופֿן פֿון די חסידים „מלאך", ווײַל ער איז געווען באַוווּסט ווי אַ מענטש פֿון לויטער נשמה, דער זון פֿון גרויסן מגיד. ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן — און ער איז דעמאָלט געווען מגיד פֿון פֿאַסטאָוו — האָט ער באַשלאָסן אויפֿצוגיין אין לאַנד. פֿון הימל האָט מען אים פֿאַרהאַלטן און ער איז ניפֿטר געוואָרן אין זײַנע יונגע יאָרן. און ס'ווערט דערציילט וועגן ר' ישׂראל פֿון פּאָלאָצק, אַז ער האָט דערגרייכט קיין ארץ־ישׂראל נאָך לאַנגע אָפּהאַלטן און יסורים און צרות־צרורות. און ער האָט מצליח געווען אין זײַן עליה, מיט זײַן

רבין און חבר, און איז געשיקט געוואָרן צוריק קיין רוסלאַנד צו זאַמלען געלט און ברענגען נאָך חסידים מיט זיך און ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פּאַסטאָוו און איז אַוועק אויפֿן מלאכס קבר — איז ער שוין מער פֿון דאָרט ניט אַרונטער. און ער האָט דאָרט געפֿונען זײַן קבורה. און פֿאַראַן אויך אַ דריטע מעשה, ווי אַזוי דער מאַן פֿון קלאָרן געדאַנק, מיטן גרויסן פֿאַר־שטאַנד און טיפֿער לאָגיק אין דער חסידישער וועלט, ר׳ שניאור זלמן, דער בעל־התניא אַליין, האָט אויך באַשלאָסן אויפֿצוגיין קיין ארץ־ישׂראל און ער איז אויך דורכגעפֿאָרן דורך פּאַסטאָוו, און ער האָט שוין געוווּסט, וואָס ס׳האָט פּאַסירט מיט זײַן חבר ר׳ אַברהם און מיט זײַן תלמיד ר׳ ישׂראל; און ס׳ווערט דערציילט, אַז ער האָט געזאָגט צום פֿורמאַן: „שמייס די פֿערד!״ — מחמת, ווער ווייס, וואָס ס׳קען מיט אים אַליין געשען מחמת דאָ איז אַ פּלאַץ פֿון סכנה, און ווער ווייס, אויב מ׳וועט אים אַליין ניט צוריק־האַלטן? און ער איז טאַקע יענעם געפֿערלעכן פּלאַץ אַדורכגעפֿאָרן, אָבער קיין ארץ־ישׂראל האָט ער פֿאָרט ניט דערגרייכט. ערגעץ ווו אין אַנדערע פּלעצער האָבן זיך געשטאַרקט די אָפּהאַלטן און שטרויכלונגען און אים ניט דערלאָזט אַהין צו גרייכן. און אויך דער מהר״ן, וואָס האָט גוט געוווּסט ווי זיך צו ראַנגלען מיטן יצר־הרע, ווי קיינער ניט בעסער, אָט דער רבי פֿון גרויסער זעליקייט, דער שווינדזיכטיקער הייליקער, וואָס איז אין גאַנצן געווען פֿלאַמפֿײַער אין זײַן גלויבן מיט אומגעהײַערער ליבשאַפֿט, ער האָט פֿאָרויס געוווּסט דעם ווייטיק פֿון אָפּגעהאַלטן ווערן, און אַזוי האָט ער געזאָגט: „ווער ס׳וויל זוכה זײַן קומען קיין ארץ־ישׂראל, וואָס דאָס איז דער עיקר קדושה פֿון ייִדישן מענטשן און דאָס איז דער עיקר פֿון נצחון אין מלחמה... ציען זיך און שפּרייטן זיך פֿאַר אים זייער פֿיל שטערונגען אין אָט דעם ענין, מ׳קען די דאָזיקע מלחמה ניט מנצח זײַן, סײַדן דורך עזות פֿון קדושה און גרויס עקשנות... מ׳קען בלויז זיך שטאַרקן דווקא אַרײַנצוקומען אין לאַנד און זיך ניט אומקוקן אויף קיין שום מניעה און שטערונג. דורך דעם אַליין בלויז איז מען זוכה צו מנצח זײַן אין דער מלחמה און אַרײַנקומען באמת אין לאַנד״. „און דער עיקר פֿון די יסורים (דורך וועלכע ארץ־ישׂראל ווערט געקויפֿט) זענען די שטערונגען, וואָס מ׳מוז צעברעכן איידער מ׳קומט קיין ארץ־ישׂראל. און די גרעסטע צדיקים האָבן שטאַרקע מניעות אַרײַנצוקומען אין לאַנד, אַזוי ווײַט, אַז באַענט צו אונדזערע דורות איז געווען ר׳ נפֿתלי כ״ץ דער מחבר פֿון ס מ י כ ו ת ח כ מ י ם און

דער בעש״ט זצ״ל, וואָס האָבן ניט געקענט אַרײַנקומען אין לאַנד. אַלץ מחמת דאָס אויבן געזאָגטע... און ווער רעדט שוין וועגן פשוטע און כּשרע מענטשן, זיי זענען אַוודאי מחוייב זיך מוסר־נפֿש צו זײַן, טויזנט מאָל מערער. און אַרײַנקומען אין ארץ־ישׂראל״.

„און ווידער זענען דאָ מענטשן, וואָס מיינען, אַז זיי ווילן ארץ־ישׂראל און גאָרן קומען אַהין און זענען גרייט צו פֿאָרן אַהין, אָבער בלויז דורך הרחבה און ניט אין צער און נויט — אָבער באמת איז דאָס ניט קיין פֿולער ווילן, מחמת דער וואָס וויל באמת קומען קיין ארץ־ישׂראל באַדאַרף גיין אַהין צו פֿוס״.

און ער איז מוסיף: „ווער ס׳וויל זײַן אַ ייִד, ס׳הייסט, ער וויל גיין פֿון מדרגה צו מדרגה — איז דאָס אַנדערש ניט מעגלעך סײַדן דורך ארץ־ישׂראל, ס׳מיינט פּשוט דאָס דאָזיקע ארץ־ישׂראל, מיט די הײַזער און די שטיבער״.

און ער האָט אויך מחבר געווען אַ באַזונדערע תּפֿילה: „דערבאַרעמדיקער און גנעדיקער גאָט... זײַ מיך מזכּה מיט דײַן גרויסער דערבאַרעמונג, אַז איך און גאַנץ ישׂראל זאָלן האָבן לעכצעניש און בענקשאַפֿט און גלוסטונג און דעם אמתן חשק צו קומען קיין ארץ־ישׂראל, אַז איך זאָל זוכה זײַן אין דײַן גרויס רחמים און מיט דײַן גרויסן חסד דורכצופֿירן עס. מײַן חשק און רצון איז צו גיין און צו פֿאָרן און צו קומען בשלום קיין ארץ־ישׂראל געשווינד, אַז איך זאָל אויך זוכה זײַן צו שפּרינגען און צו טאַנצן״.

און ער זאָגט עדות אויף זיך אַליין פֿאַר זײַן אָפּפֿאָרן: „איך ווייס, אַז איך וועל האָבן פֿאַרהאַלטונגען און שטרויכלונגען גאָר אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך, אָבער כּל־זמן די נשמה איז אין מיר בין איך מוכן ומזומן אַלץ צו פֿאַרטראָגן און אַלץ צו פֿאַרלײַדן ביז מסירת־נפֿש, אַז איך זאָל בלויז פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל״.

און ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און אויפֿגעגאַנגען — און האָט אונדז איבערגעלאָזט אַן עפּאָפּעע פֿון אַ נסיעה וואָס איז פֿאַר זיך גופֿא אַ פּאָעטישע יצירה פֿון גרויסע ליידן, אַ געהויבענע אָדיסעע פֿון מערקווירדיקע שטרויכלונגען, דורכויס אַ סימבאָל פֿון דראַמאַטישער שפּאַנונג, וואָס ס׳איז פֿאַראַן אין יעדער לעכצעניש פֿאַר גאולה אין חסידות, וועגן דעם תּענוג פֿון איר גליק, און אירע גרויסע יסורים, איר געראַנגל מיט מכשולים וואָס האָבן גאָר צו זיך קיין גלײַכן ניט; דונערן און בליצן און שטורעמס אויפֿן ים און די מלחמות פֿון די פֿראַנצויזן, און די צעבראָכענע שיף, און די בלאָנדזשעניש איבער

שליאַכן, צוזאַמענשטויסן מיט די טערקן, און סכנת־נפשות און קראַנקייט און פאַלשע בילבולים און פאַרפּלייצונגען און סכנות — סכנות אָן אַ שיעור און אָן אַ סוף, ניט איבערצוציילן. און זײַן תלמיד פאַרענדיקט: „מיר האָבן דאָ דערציילט... ווי אַ טראָפּן פון ים, פון די אומגעהײַערע צרות און לײַדן, און די גרויסע סכּנות, און די שווערע יסורים און די מוראדיקע שרעקן, וואָס אונדזער רבי ז״ל האָט דורכגעטראָגן אין זײַן נסיעה קיין ארץ־ישׂראל...״

און די דאָזיקע איינציקאַרטיקע און מאויימדיקע בראַסלאַווער מגילה, וואָס דריקט אויס דאָס לעכצעניש פון דער חסידישער עלייה — מיט איר פולער גבורה און מיט איר גאַנצער אָפּהענטיקייט — וואָס זי איז דורכויס אַ פאָדערונג צו פאַרשטאַרקן דעם באַגער און גלויבן און צעברעכן אַלע שטערונגען. און אויב ס׳האָט זיך נאָך ביז הײַנט ניט געפונען אַ יידישער קינסטלער צו שאַפן מוזיק פאַר אָט דער גראַנדיעזער נסיעה — איז אַ סימן, אַז דער שׂר פון אונדזער קונסט זאָמט זיך...

עס זענען געזאָגט געוואָרן אַ סך אמתע רייד מכּוח די צוויי יסודותדיקע אייגנשאַפטן פון חסידות — מכּוח אהבת־ישׂראל און שׂימחה. אָבער פון וואַנען פליסט זי, די דאָזיקע שׂימחה, אַרויס? מיט וואָס ווערט זי באַגלייט און מיט וואָס ווערט זי געשפּײַזט? עס שפּײַזט זי די געוויסקייט, אַז די וועלט גייט אַקעגן איר גאולה און תּיקון, אַז „קרבה אל נפשי גאולה״ („ס׳דערנעענטערט די גאולה צו מײַן נשמה״), אַז ניט געקוקט אויף אַלץ דערנעענטערן מיר זיך מיט יעדן טאָג צום ווונדערלעכן קץ.

כ׳וויל אײַך ניט אויסמאַטערן מיט צו פיל מעשׂיות, כ׳וועל בלויז דער־מאָנען וואָס מ׳דערציילט אויפן לובלינער חוזה, וואָס האָט געהאַט אַ ספּעציעלן וואַנטזייגער, און די חסידים פלעגן זאָגן, אַז דער אַ וואַנטזייגער קלינגט אויס די שעהען אַנדערש פון אַלע אַנדערע זייגערס. האָט זיך געטראָפן, אַז דעם חוזהס זייגער איז מגולגל געוואָרן פון איין פלאַץ צום צווייטן און איז אַרײַנגעפאַלן אין ערגעץ אַ קרעטשמע. איז אַרויסגעגאַנגען איינער אַ גרויסער חסיד און האָט דערקענט דעם זייגער לויטן קלינגען, האָט מען אים געפרעגט: ווי אַזוי האָסטו דערקענט? האָט ער געענטפערט עפּעס, וואָס גיט צו פאַר־שטיין דעם גאַנצן ענין, וועלכן איך האָב דאָ בכּוונה, הײַנו: „אויף יעדן מענטשן, ווען אַ זייגער קלינגט, פאַלט אַרויף אַ טרויער, נאָך אַ שעה נעענטער צום טויט. אָבער דעם לובלינער חוזהס זייגער רופט יעדער שעה אויס: ס׳איז שוין קירצער דער וועג, ווייל איז אונדז, וואָס מיר זענען שוין מיט

איין שעה נענטער צו ביאת־המשיח״. ס׳איז די געוויסקייט פון גלויבן, אַז מ׳גייט אַקעגן דער גאולה. און מיט אַזאַ זייגער אויפן וואַנט איז לײַכטער דורכצוטראָגן אַלע לײַדן פון לעבן, דעריבער פילט די שימחה אַן די גאַנצע נשמה. און דעריבער אויך די ליבשאַפט צו גאַנץ ישראל, ווײַל די גאולה דערנענטערט זיך דאָך צו זיי אַלע, און בלויז מיט אַלע זיי צוזאַמען, קען מען גיין אַקעגן משיחן. און ווי דער בעש״ט האָט געזאָגט אַז יעדער איינציקער ייִד האָט זײַן באַזונדערן חלק אין משיחן, אַזוי האָט ר׳ נחמן צוגעגעבן און געזאָגט: יעדער ייִד האָט זײַן באַזונדערן חלק אין ארץ־ישׂראל. פאַראַן אַ טייל פון ארץ־ישׂראל אין דער נשמה פון יעדן ייִד, אַ ייִד וואָס קומט קיין ארץ־ישׂראל — איז ווי ער וואָלט אויפגעגאַנגען צום געטלעכן טייל פון דער טיפעניש פון זײַן נשמה און ער לייזט אויס זײַן חלק פון ארץ־ישׂראל. און אַז ווען אַלע ייִדן וועלן אויפגיין קיין ארץ־ישׂראל — וועט גאַנץ ארץ־ישׂראל אויסגעלייזט ווערן.

און ניט געקוקט אויף די אַלע ראַנגלענישן, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט דעם חסידישן באַגער נאָך גאולה און עלייה, אַ געבונדענע דערשראָקענע תשוקה, פול מיט שטערונגען און אָפּהאַלטן — האָט זי דאָך זוכה געווען אויך צו מעשׂים, צו מעשׂים פון תפילה און אויך צו מעשׂים פון האָפענונג, און אַפילו צו מעשׂים פון עלייה, פון זיך אײַנבירגערן און פון בויען. די טריט, אַפילו ווען געשמידט, שטעלן זיך ניט אָפּ. נאָך דער אַלטער רבי אַליין, דער בעל התניא, איז געוואָרן גבאי און נשיא פון ארץ־ישׂראל. דער נאָמען „נשיא״ וואָס איז אָנגענומען און פאַרהייליקט צווישן די חבדער חסידים, איז געקומען דערפון, וואָס די רביים זענען געווען די נשיאים אין דער אינסטיטוציע פאַר ארץ־ישׂראל וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט. כּמעט דאָס אייגענע וואָס ר׳ יוסף דילאַטיש האָט געשריבן אין יאָר שי״ח ווען דער זוהר איז דערשינען, אַז ס׳איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט דער כּוונה צו דערנענטערן די גאולה — אַזוי האָט ר׳ זוסיע אַנאַפּאָלער מכריז ומודיע געווען אין יאָר תקנ״ו (שנת פדו״תינו), אַז מיטן תניא אין האַנט וועלן ייִדן גיין באַגעגענען משיחן.

אַזוי ווי טבריה איז געוואָרן די מעטראָפּאָליע של מעלה פאַר די חסידים, זענען פון דאָרט יאָר־און־יאָר אַרויסגעשיקט געוואָרן שליחים צו אַלע חסידים פון רוסלאַנד, ליטע, פוילן און זשאַמעט אויפצומונטערן, שטאַרקן און אײַנבעמען הערצער, צו פאַרמערן די געלטער פון „מעמדות״, און ס׳איז ניט

געווען קיין גרעסערע בעלי־השפעה ביי די חסידים ווי דער חוזר פֿון רבינס תורה און ווי דער משולח פֿאַר די מעמדות־געלטער פֿון ארץ־ישׂראל.

און ס'איז ניט געבליבן קיין איין איינציקע רבייִשע דינאַסטיע אין גלות, וואָס האָט ניט אויפֿגעשטעלט איר געצעלט אין ארץ־ישׂראל, אין טבריה און ירושלים, אין חברון און אין צפֿת. און וויפֿל צדיקים אַזוי פֿיל שטיבלעך, און וויפֿל שטיבלעך אַזוי פֿיל משולחים.

און ווען חב"דישע עלייה האָט זיך אָנגעהויבן און האָט זיך פֿאַרצווייגט, האָט זי פֿאַרוואַנדלט חברון אין דער אייבערשטער מעטראָפּאָליע פֿון דער חב"דישער באַוועגונג.

ס'איז נאָך ניט געשריבן געוואָרן די געשיכטע פֿון דער חב"דישער באַזעצונג אין חברון, מיט אירע פּערזענלעכקייטן, אירע ליידן, אירע שליחים און אונטערשטיצער. דער ייִשוב פֿון חב"דישער חברון וואַרט נאָך אויף זיין היסטאָריקער פֿון פֿאַרשער. די שטערונגען האָבן ניט אויפֿגעהערט. אויך די צעטיילונגען און צעפּיצלונגען און די שטענדיקע מחלוקת האָבן זיי געזען ווי תחבולות פֿון בעל־דבר, ווי די פּרוכטן פֿון די פֿאַרהוילעניש און הסתרים. ר' מנחם מענדל וויטעבסקער, דער פֿאָטער פֿון חסידישן ייִשוב אין לאַנד, האָט בשעתו געזאָגט, אַז „ארץ־ישׂראל איז די שכינה גופֿא". און דער אַלטער רבי האָט געשריבן אין זיין א ג ר ת ־ ה ק ו ד ש: „די דאָזיקע ליבע צום הייליקן לאַנד דאַרף ברענען ווי פֿייערפֿונקען אין טיפֿן האַרצן פֿון מענטשן, ווי ממש היינט וואָלט זי גאָט אַריינגעטאָן אין אים. און פֿון יאָר צו יאָר שטייגט זי אויף אַלץ העכער און העכער, מיט דער העכסטער הייליקער מאָס, דאָס ליכט וואָס באַנייט זיך און ווערט אַלץ מערער".

און אין בית־מדרש פֿון דער חסידישער עליה לערנען מיר אויך מכּוח דער גייסטיקער פֿליכט פֿון הכשרה צו עלייה און וועגן די יסורים פֿון איינבירגערן זיך אין לאַנד, און די ווערטער לייכטן פֿאַר זייער דור, אַזוי גוט ווי פֿאַר די ווייטערדיקע דורות. אַזוי שרייבט ר' אַברהם קאַליסקער אין זיינעם אַ בריוו: „דאָס ענטפֿער איך פֿון האַרצן... צו יעדן איינעם וואָס בעט און זוכט זיך צו באַזעצן אין הייליקן לאַנד... מחמת וויפֿל גילגולים און געשעענישן און שוועריקייטן און צייט מוזן דורכגיין איבער יעדן איינעם וואָס קומט אַהער, איידער ער שטעלט זיך איין אין לאַנד און באַוויליקט זיינע שטיינער...

און ער האָט ליב די חורבות פֿון ארץ־ישׂראל און באַנוגנט זיך מיט אַ שטיקל ברויט. ווייל, ניט פֿאַר די לייכטע איז דאָס געלויף, ניט קיין טאָג און ניט

צווייי, ניט קיין חודש און ניט קיין יאָר, נייערט לאַנגע יאָרן מוזן אַריבער ביז ער ווערט אַרייַנגעצויגן אין לעבן פֿון לאַנד... ווי ס׳שטייט געשריבן: „יעדער איינציקער מאַן ווערט דאָ נייַ געבוירן׳, ס׳מיינט צו זאָגן, אַז יענער וואָס קומט אין הייליקן לאַנד מוז פֿון דאָס נייַ אויסגעטראָגן ווערן, געבוירן ווערן, זייגן און געוויקלט ווערן אין ווינדעלעך, ווי אַ נייַ געבוירן קינד, וואָס דערזעט דאָס לאַנד פּנים־אל־פּנים און זייַן נשמה ווערט פֿאַרבונדן מיט דער נשמה פֿון לאַנד״.

„...ווער אָבער עס קומט און בלייַבט אַזוי ווי ער איז אייַנגעוווינט לויט זייַנע פֿריִערדיקע מידות... ווערט ממש געריררט פֿון זינען... ער הייבט זיך אויף ביז דעם הימל, און זינקט אַרונטער אין תהומען, ווי אַ שיף אין אַ צעשטורעמטן ים און ער באַלאַסטיקט מענטשן מיט זייַנע ענינים, ביז ער רעדט שלעכטס אויפֿן לאַנד, ביז גאָט ברוך הוא באַווייַזט אים זייַן פּנים און ער ווערט שטיל און באַרויִקט זיך... און דאָס איז עפּעס וואָס האָט ניט קיין באַשטימטע צייַט, און ווי און וויפֿל און ווען, יעדער איינער לויט זייַנע אומשטאַנדן און לויט זייַנע מעשׂים און לויט דעם שורש פֿון זייַן נשמה... דעריבער זאָל ער זייַן גרייט פֿאַר דעם אויבן געזאָגטן, און זאָל מיטן האַרץ באַנעמען צי ער האָט די כּוחות דאָס צו דערטראָגן... און דעמאָלט וועט ער גיין מיט זיכערע טריט... און וועט רוען זיכער און צופֿרידן״.

און דער זון פֿון בעש״טס תּלמיד, ר׳ משה שוהם, שרייַבט מכּוח דעם אונטערשייד צווישן דעם וואָס קומט קיין א״י צוליב ארץ־ישׂראל גופֿא, און יענעם, וואָס אַנטלויפֿט קיין ארץ־ישׂראל מחמת ער מוז פֿאַרלאָזן זייַן לאַנד, ווערטער שאַרפֿע אין זייער מיין און שנייַדנדיקע אין זייער סטיל: „און אַברהם איז געגאַנגען... און זיי זענען אַרויסגעקומען צו גיין אין לאַנד כּנען, ס׳מיינט צו זאָגן, אַז זייַן גאַנץ אַרויסקומען איז געווען בלויז, כּדי צו קומען אין לאַנד כּנען״... „אָבער בייַ תרחן שטייט געשריבן: און זיי זענען אַרויס־געגאַנגען מיט אים פֿון אור־כּשׂדים צו גיין צום לאַנד כּנען, ס׳מיינט צו זאָגן, אַז תרח איז ניט געגאַנגען קיין כּנען צוליבן לאַנד כּנען, נייערט דערפֿאַר, וואָס ער איז אַוועק פֿון אור־כּשׂדים — און דעריבער, איז תרח געשטאָרבן אין חרן...״

צו אַ פֿאַראייניקטער פּעולה פֿון די חסידים מיט אַלע עסנקים פֿון יִשוב־ארץ־ישׂראל פֿון יענער תקופֿה, מיט אַלע „עולמשע״ כּוללים — איז די זאַך ניט דערגאַנגען. די חסידישע אָפּגעזונדערטקייט אויף אַלע געביטן האָט

געטאָן דאָס איריקע. און נאָך מער, די חסידים אַליין מיט אַלע זייערע שטראָ־מען זענען ניט געקומען צו אַ פֿאַראייניקטער פּעולה. יעדע דינאַסטיע באַזונ־דער האָט זיך אויפֿגעבויט איר קרײַז אין ארץ־ישׂראל און אַ באַזונדערן מעמד אין די גלות־לענדער, פֿאַר איר שטיבל כּדי אויפֿצוהאַלטן אירע עולים וואָס זענען געקומען קיין ארץ־ישׂראל. בײַם אָנהייב פֿון דער שפּאַלטונג אין די טעג פֿון „אַלטן רבין", האָבן זיך געשטעלט צו הילף פֿון דער אָפּאָזי־ציע פֿון ר׳ אַברהם קאַליסקער אין טבריה, ר׳ מרדכי מלכוויץ, און פֿון זיי האָבן זיך נאָכדעם אָפּגעשפּאַלטן די כּוללים פֿון סלאָנים, קאַרלין און סטאָלין, און דערגרייכט ביז קוידענאָוו. און ווען חב״ד האָט איבערגעטראָגן איר מעטראָפּאָליע פֿון טבריה קיין חברון, און האָט דאָרט אויפֿגעשטעלט איר חצר, און געבראַכט אַהין נײַע עולים און קאָנצענטרירט דאָרט רײַכע נדבנים און חסידים־לומדים, איז די פּעולה פֿאַר חב״ד אין ארץ־ישׂראל געוואָרן אַ צענטראַלע אויפֿגאַבע אין יעדן חב״ד־שטיבל.

און ווען דער ריזשינער הויף האָט זיך פֿונאַנדערגעצווײַגט אין אַ סך הײַזער — האָט יעדער זון און יעדער אייניקל באַטראַכט פֿאַר אַ הייליקן חוב צו זיך אַליין, אויפֿצושטעלן זײַן באַזונדער שטיבל אין דער קאַלירפֿולער טבריה. ס׳איז דאָרט אויפֿגעקומען וויזשניץ און באָהוש, אויפֿגעקומען אָטאָניי און באָיאָן, ראַכמאַסטריווקע און שטעפּענעשטשי, דער לעמבערגער כּולל האָט זיך צעוואָקסן.

בײַם שלוס קען מען איצט זאָגן, אַז אין נײַנצנטן יאָרהונדערט איז די זאַך געקומען אַזוי ווײַט, אַז דער גאַנצער אַשכּנזישער יישוב פֿון צפֿת און חברון האָבן זיך געשטיצט בלויז אויף די פּלייצעס פֿון דער חסידישער באַוועגונג, די צעשפּאַלטענע אויף אירע שטראָמען, באַזונדערע דינאַסטיעס און הייפֿן.

צווישן די אַלע עסקנים פֿון די כּוללים איבער אַלע לענדער זענען ניט געווען קיין גרעסערע אַקטיווע טוערס אויף צו שאַפֿן געלטלעכע הילף פֿאַר ארץ־ישׂראל און אויף ברענגען אַלטע און בכּבודיקע מענטשן קיין ארץ־ישׂראל, ווי די חסידישע באַוועגונג, און ס׳איז ניט געווען קיין איינציקע באַזונדערע גרופּירונג פֿון חסידים, אַן אַלטע אָדער אַ נײַע, וואָס האָט ניט געבויט קיין אייגענעם אָנהאַלט אין די שטעט פֿון הייליקן לאַנד, און וואָס זאָל ניט האָבן אָפּגעגעבן פֿאַר דעם צוועק אַ טייל פֿון אירע בעסטע עסקנים, און אַלץ אין צעברעקלונג און צעפּיצלונג, יעדער חסידי מיט זײַן פֿאָן און יעדער אַדמו״ר מיט זײַן שטיבל.

און ווען די נײַע באַקעמפֿערין פֿון גאַנץ חסידות האָט זיך געשטאַרקט, בשעת די השׂכּלה האָט זיך פֿאַרשפּרייט, און דער באַרג צווישן חסידים און משׂכּילים האָט זיך זייער הויך אויפֿגעהויבן — האָט די ארץ־ישׂראל־אַרבעט דאָך זיך ניט אָפּגעשטעלט צווישן די חסידים. אָבער דאָס אָפּזונדערן פֿון אַלגעמיינער מיטאַרבעט מיט אַנדערע בויערס פֿון ארץ־ישׂראל איז נאָך שטאַרקער געוואָרן. און ווען די צווײַגן פֿון דער השׂכּלה־באַוועגונג האָבן זיך פֿאַראייניקט מיט די ערשטע בליטן פֿון די עסקנים פֿון יישוב־ארץ־ישׂראל און חובבי־ציון — האָט דער פֿאַרזיכט און חשד זיבן מאָל אַזוי פֿיל זיך געשטאַרקט און ס׳האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ קעגנערישקייט ניט בלויז פֿאַר יענעם דור, נאָר אויך פֿאַר קינדער און קינדס־קינדער.

און אַלע „אָפּהאַלטן און מניעות, הסתרים און פֿאַרהוילענישן" וואָס מיר האָבן נאָכגעפֿאָלגט ביז איצט, זינט דעם אָנהייב פֿון חסידות, האָבן איצט באַקומען נײַעם ברען־מאַטעריאַל פֿון דער נײַער צײַט. און ווען ס׳איז געקומען די גרויסע שעה פֿון דער חיבת־ציון־באַוועגונג, און שפּעטער, ווען דער ציוניזם האָט פֿאַרנומען איר פּלאַץ, איז שוין דער אָרגאַניזירטער חסידיזם געווען אויף יענער זײַט פֿון דער באַריקאַדע. מיט זײַן עקסטרעמער „מתנגדישער" באַקעמפֿערין צוזאַמען האָט ער זיך געשטעלט אין קאַמף אַקעגן דעם אויפֿגייענדיקן כּוח, וואָס איז געווען פֿאַרדעכטיק סײַ אויף דוחק זײַן דעם קץ און סײַ אויף השׂכּלה. און דער קריג איז געווען ווײַט פֿאַרשפּרייט, ווי מיר געדענקען עס זייער גוט. איינצלנע און דרײַסטערע פֿון צווישן די גרויסע לעכצערס פֿון חסידות האָבן אויסגעשטרעקט אַ האַנט, אָדער צוגעשטראַלט זייער ברכה. אָבער דער אָרגאַניזירטער חסידיזם, מיט זײַנע רביים און מנהיגים האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן.

די פּרטים פֿון די פֿאַקטן ווייסן אַלע. צום שלוס וויל איך נאָר זאָגן מיטן לשון פֿון תּהילים: ווי אַ הינד וואָס לעכצט נאָך קוואַלן וואַסער, אַזוי לעכצט די חסידישע נשמה נאָך גאולה און נאָך ארץ־ישׂראל. דורכן גאַנג פֿון אַלע דורות! איר עלייה איז געגאַנגען טראַפּנווײַז, איינצלנע יחידים דורך אַ קאַמף מיט סתירות און פֿאַרהוילענישן — אָבער ס׳האָט קיין מאָל ניט אויפֿגעהערט, ווי די וואַסערן פֿון שילוח וואָס גייען פּאַמעלעך און שטעלן זיך ניט אָפּ און טרינקען אָן דעם יישוב אין ארץ־ישׂראל און די נשמה פֿון פֿאָלק איבער אַלע זײַנע צעשפּרייטקײַטן. און איטלעך מאָל ווען עפּעס גרויס ווערט אויפֿגעטאָן אין לאַנד, ווי ס׳קומט אַ שטאַרקע כוואַליע אויפֿן פֿראָנט פֿון אויפֿבוי און

עס שטראַלט אויף אַ נײַ ליכט: צי ס'איז אַ נײַע פּאָליטישע האָפֿענונג, צי אַ נײַער קאָלאָניזאַטאָרישער אויפֿטו — שפּרינגען אַרויס איינצלנע געוואַגטע מענטשן פֿון דער טיפֿעניש פֿון חסידות און שטאַרקן זיך איבער דער אײַנגע־פֿונדעוועטער קעגנערשאַפֿט. און מיר אַלע האָבן דאָך געלעבט און געליטן און געווייטיקט בעת אונדזערע רבּיִים און אונדזערע זיידעס זענען געווען אַקעגן אונדז בשעת מיר האָבן זיך דורכגעריסן און עולה געווען אין לאַנד. אָבער איטלעך מאָל, ווען עפּעס וואַקסט אויס דאָ — ערגעץ אין דער טיפֿעניש פֿון חסידות, ניט אָפֿיציעל, און ניט מיט אַ גרויסן עולם, רירט זיך אויף אַ האַרציקע סטרונע און ענטפֿערט אָפּ פֿון ווײַטן, „ווי תהום רופֿט צו תהום צום קלאַנג פֿון דײַנע שטראָמען". עמעץ דאַרט הייבט זיך אויף אויפֿצוקומען און זיך אָנהאַלטן אָן די צווײַגן. און די פֿאַקטן זענען גאָר פֿיל.

כ'וועל בלויז צוגעבן איין היסטאָרישע מעשׂה, וואָס איך באַטראַכט זי ווי פֿאַטאַל אין איר יסוד.

אין דער פֿאָרשונג־ליטעראַטור איבער דער געשיכטע פֿון חסידות האָט מען נאָך געלייגט ווייניק אויפֿמערקזאַמקייט אויף דער אייגנאַרטיקער גע־שטאַלט פֿון דער אַדמו"ר ר' שמואל (מהר"ש), דעם זון פֿון צמח צדק, וואָס איז געווען דער פֿערטער פֿון די חב"דישע נשׂיאים. וועגן אים דערציילט די חסידישע מסורה, אַז ווען ער איז געווען אַ יונגערמאַן האָט מען גערדרשנט אין די קרײַזן פֿון הויף אויף אַ נאָענטן יאָר, אַז דאָס איז דאָס יאָר פֿון „קץ". האָט דער מהר"ש געוואַרט אויף יענעם צוגעזאָגטן יאָר. און ווען דאָס יאָר האָט זיך געענדיקט און די ישועה איז ניט געקומען, איז ער אַרײַן צו זײַן פֿאָטער ר' מנחם־מענדל, דעם מחבר פֿון צמח־צדק, און אים געפֿרעגט: וואָס איז געוואָרן מיטן אָנגעוווּנקענעם קץ? האָט דער פֿאָטער געזוכט אים טרייסטן און אויפֿמונטערן, זאָגט ער צו אים: מ'קען דאָס פֿאַרענטפֿערן. דאָס קומען פֿון משיחן איז אַן אַנטפּלעקונג פֿון די אינערלעכע סודות פֿון דער תורה, און אָט איז דאָס יאָר נתפּרסם געוואָרן די לקוטי־תורה פֿון אַלטן רבין... איז דער יונגער מהר"ש געוואָרן אויפֿגערעגט און האָט צוריק־געענטפֿערט: „אָבער מיר ווילן אַ ביאת־המשיח דאָ, נידעריקער פֿון צען טפֿחים..."

און וועגן זײַן שאַרפֿער קריטיק מכּוח יענע צופֿרידענע צווישן די עסקנים פֿון די גלות־לענדער זאָגט עדות זײַן גלײַכוווערטל וואָס האָט זיך אויפֿגעהיט צווישן די אַלטע חסידים, און וואָס ווערט צוגעשריבן צום מהר"ש, חײַנו:

„מאַכט די ארץ־ישׂראלדיקע לופט קלוג? אויף יעדן אופן איז קלאָר, אַז די לופט פון חוץ־לארץ מאַכט פאַר טיפּשים..."

און כאַראַקטעריסטיש איז די דערציילונג וואָס איז פאַרעפּנטלעכט געוואָרן דורכן פאַרשטאָרבענעם ליובאַוויטשער רבין אין דער ביאָגראַפּיע פון זיין זיידן, דעם מהר"ש:

אין יאָר תרמ"א (1881), אין יאָר פון די פּאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד, האָט דער מהר"ש אַזוי געזאָגט:

ווען מען וואָלט מיך געפאָלגט וואָלט מען אַ סך יידיש בלוט פאַרשפּאָרט... איך האָב זיי (די פאָרטרעטער פון דער רוסישער רעגירונג) געוואָלט זאָגן: אויב ניט (אויב זיי וועלן ניט פאַרבעסערן זייער באַציִונג צו יידן) פאָר איך אַוועק אין ארץ־ישׂראל און נעם מיט הונדערט טויזנט פאַמיליעס. און איך וואָלט עס דורכגעפירט. נאָר דעמאָלט איז געווען דער ענין ביל"ו, און איך האָב ניט געוואָלט מוסיף־תוקף זיין. און ער פאַרענדיקט: ווען ביי זיי וואָלט געווען אויך „באור ה'" (אין גאַנס ליכט), דאָס הייסט דער גאַנצער פּסוק: בית יעקב לכו ונלכה באור ה', וואָלט איך אויך מיט זיי געפאָרן.

און אויך אין אונדזער דור, מיט יעדער צוגעקומענער כוואַליע — ענטפערט אָפּ אַ חסידישער צוגעקומענער אָפּקלאַנג אויך פון יענער זייט הויך פון פאַרשטעלנדיקן באַרג: נאָך באַלפורן האָט עולה געווען דער יאַבלאָנער רבי. מיט דער דריטער עלייה האָט עולה געווען צום כּפר פּינס ר' ישעיה פון גראָדזיסק. פריער פאַר אים איז געקומען דער דראָהאָביטשער צדיק און אויפגעבויט די שכונה „יגיע כּפּיים" אין ירושלים. איינצלנע זענען צוגעשטאַנען. אָבער די עלטסטע האָבן נאָך ממשיך געווען זייער קעגנערשאַפט. און ווען ר' שלמה אַהרנסאָן, דער קיִעווער רב, און חב"דישער חסיד, וואָס איז שפּעטער געוואָרן רב אין תל־אביב, האָט געפרעגט זיין אַדמו"ר, הרש"ב, זכרונו לברכה, ער זאָל אים דערקלערן די סיבה פון זיין התנגדות, האָט ער צו אים געזאָגט: יעדע מאַשין בייטיקט זיך אין אַ טאָרמאָז (אַ פאָרהאַלטער) — מיר זענען דער פאָרהאַלטער. און דער קיִעווער רב, דער שאַרפער חסיד, האָט אים דערויף געענטפערט: אַ טאָרמאָז איז בוודאי אַ חשובער טייל פון אַ מאַשין, אָבער פאָרן קען מען ניט מיט אַ טאָרמאָז, נייערט מיט אַ מאָטאָר, און מיר זענען באַפוילן צו פאָרן...

און אַפילו ווען דער באַרג האָט זיך אויפגעהויבן זייער הויך — האָבן תמיד חסידים מיט הארץ און נשמה געזוכט אַריבערצוקלעטערן דעם באַרג

— און זיי זענען געבליבן פֿאַראייניצלטע.

נאָך אין די צײַטן פֿון די חובבי־ציון האָט דער פּולאָווער אַדמו״ר (ר׳ מנחם־מענדל קאַצקערס אַן אייניקל) געזוכט צו אָרגאַניזירן אַ מושב פֿון טויזנט חסידישע משפּחות — נאָך דער ענין איז ניט דורכגעפֿירט געוואָרן.

און ס׳רירט ביז צום האַרצן די קורצע קאָרעספּאָנדענץ וואָס ווערט איצט אָפּגעהיט אינעם אַרכיוו פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג צווישן דעם טײַערן, ערלעכן חסיד, דעם ערשטן היסטאָריקער פֿון חסידות, ד״ר אַהרן מאַרקוס, און דעם פֿאָטער און שאַפֿער פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג, ד״ר טעאָדאָר הערצל. ווי באַקאַנט, איז הערצל געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיטן טשאָרט־קאָווער רבין, וואָס האָט אים געשיקט זײַן ברכה און הערצל האָט אָנגעהאַנגען אויף אים אַ סך האָפֿענונגען. ד״ר מאַרקוס האָט פֿאָרגעשלאָגן, ער זאָל צונויפֿ־נעמען די צענדליקער אַדמו״רן, „די שליטים איבער דרײַ מיליאָן חסידים״, און ער האָט מבטיח געווען זיי אַלע צו ברענגען אונטער די פֿליגל פֿון ציוניזם. און אויך דאָס מאָל איז די זאַך ניט צו שטאַנד געקומען. אַזוי ווי דער מהר״ש האָט זיך געוואַקלט אין די צײַטן פֿון ביל״ו אויס מורא פֿאַר ציוניסטישער פֿרײַקייט, אַזוי האָט הערצל זיך געוואַקלט אין אָנהייב פֿון ציוניזם אויס פֿאָרזיכט פֿאַר חסידישן קלעריקאַליזם.

און דער באַרג איז געבליבן בײַ זײַן הויכקייט. און ווען דער באַרג האָט זיך זייער שטאַרק אויפֿגעהויבן, האָט געטראָפֿן עפּעס משונהדיקס. אַז די „אָפֿענע חסידים״, פֿאַרכטיקע און כּשרע דורכויס האָבן זיך געשטעלט אָקעגן — זענען געקומען „באַהאַלטענע חסידים״, ס׳הייסט די חסידישע קינדער, וואָס חסידיש בלוט שטראָמט אין זייערע אָדערן, און אפֿשר האָט די ירושה פֿון חסידות אויפֿגעזונגען פֿון זיך אַליין אין זייער נשמה, און זיי האָבן אַרײַנגעוואָרפֿן זייער לײַב און זייער גײַסט, אָן קיין שום אָפּהאַלט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אויף אַלע אירע אַנטפּלעקונגען און נסיו־נות; און ס׳ליכט פֿון זייערע לעכצענישן האָט געמאַכט אויפֿזינגען די חלוצישע באַוועגונג און די באַוועגונג פֿון אַרבעט, דאָס באַזעצן זיך און דאָס באַשיצן זיך, די ליטעראַטור און דעם אויפֿקום אין לאַנד און אין גלות. אונטער אַ באַ־האַלטענעם נאָמען און גאָר אָן אַ נאָמען האָט די ירושה פֿון חסידות דערפֿילט איר ציוניסטישע שליחות...

און איר וועט מיר דערלויבן צו פֿאַרענדיקן מײַנע פֿראַגמענטאַרישע רייד מיט אַ פּערזענלעכער דערינערונג, וואָס אפֿשר איז פֿאַראַן אין דעם עפּעס,

וואָס קען העלפֿן אָנצווּוינקען וווּהין די דאָזיקע אַנטוויקלונג פֿירט.

ס'איז באַוווּסט די מידה פֿון מסירת־נפֿש פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם ליובאַוויטשער רבין, דעם ריי"ץ, ז"ל, וואָס איז געווען דער פֿאָטער פֿון רעליגיעזן אונטערגרונט אין רוסישן ייִדנטום. און ס'איז באַוווּסט אויך זײַן שטאַרקע תשוקה פֿאַר אַ גיכער גאולה, וואָס איז געקומען באַלד נאָכן חורבן. און נאָך ביז הײַנט בענטשן זיך די געטרײַע חסידים מיט זײַן פֿלאַמענדיקער ברכה „לאלתר לגאולה". און די זאַך איז פֿאַרגעקומען אין יאָר תש"ח, און איך בין דעמאָלט געווען אין לייק־סוקסעס און גענומען אָנטייל אין דער פּאָליטישער קאָמיסיע בײַ דער דעלעגאַציע פֿון דער ייִדישער אַגענטור, וואָס איז אויפֿגעטראָטן פֿאַר די פֿאַראייניקטע פֿעלקער. און דער טאָג — אין פֿרײַ־מאָרגן פֿון דער היסטאָרישער אָפּשטימונג. אין דער פֿרי, איך בין נאָך אין האָטעל און דער טעלעפֿאָן קלינגט. עס רעדט דער רש"ג, דער איידעם פֿון אַדמו"ר (און דער רבי איז דעמאָלט, ווי באַוווּסט, קראַנק געווען) און ער זאָגט: דער רבי וויל וויסן, וואָס ס'הערט זיך אין קאָמיטעט. כ'בין געבליבן שטיין אַ פֿאַרוווּנדערטער צו הערן די שאלה אין רבינס נאָמען געווענדט צו מיר. און די לאַגע אין יענעם טאָג איז געווען אַ שווערע. אונדזערע מענטשן זענען געזעסן בײַ די טעלעפֿאָנען און גערופֿן נאָך הילף, כּדי צו פֿאַרזיכערן אַ מערהייט שטימען בײַ דער אָפּשטימונג. מ'האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז ס'איז אַ ספֿק צי מיר וועלן האָבן אַ מערהייט. האָב איך געזאָגט צום רש"ג: זאָגט, איך בעט אײַך, דעם רבין, אַז מען דאַרף האָבן גרויס רחמים. איז דער רש"ג געגאַנגען און האָט דאָס איבערגעגעבן דעם רבין. און ער האָט זיך אומגעקערט און געזאָגט: דער רבי האָט געבעטן זאָגן, אַז גאָט־ברוך־הוא וועט, אם ירצה השם, העלפֿן און ער האָט מוסיף געווען: דער רבי בעט, אַז נאָך דער אָפּשטימונג זאָלט איר קומען צו אים.

און אַז כ'בין געקומען צו אים אויף מאָרגן נאָך דער אָפּשטימונג, ווען די הכרעה איז געפֿאַלן אויפֿצושטעלן די מדינה, איז פֿאַרגעקומען צווישן אונדז אַ לאַנגער שמועס מכּוח ארץ־ישׂראל, און מכּוח דעם פּלאַן צו שאַפֿן אַ דאָרף פֿון די חב"ד אין לאַנד, און אַזוי ריידנדיק, האָב איך מיך ביטער באַקלאָגט פֿאַר אים אויף דעם וואָס די חסידישע רבײים האָבן אונדז געררודפֿט פֿאַר אונדזער עלייה. האָט דער רבי, זצ"ל, גאַנץ קלאָר געזאָגט אין דעם בײַזײַן פֿון זײַן איידעם: מיינט ניט, אַז איך האָב חרטה, דענסטמאָל טאָקע ניט, איצטער — יאָ. און ער האָט מצרף געווען מעשה צום באַשלוס,

און האָט טעלעגראַפירט קיין פּאַריז, אַז זײַנע חסידים, די רוסישע אָפּשטאַ־מיקע, זאָלן עולה זײַן גיט קיין קאַנאַדע, ווי זיי האָבן פריִער גערעכנט, נאָר קיין ארץ־ישראל, און דער געדאַנק פון אַ חב״דישן דאָרף איז פאַר־ווירקלעכט געוואָרן.

ס׳הייסט — ס׳האָבן אָנגעהויבן אַלץ מער בטל ווערן די „מניעות און העלמות״ און דער טאַרמאַז איז געוואָרן אַ מאַטאָר.

אין טויער פון אהבת־ישראל און גאולה־גלוסטונגען הייבן די צירקלען אָן זיך צונויפפלעכטן. דור צו דור זאָגט זײַן וואָרט. וואָרט ? דריקט אויס גלוס־טונג. און די גלוסטונג וועט אַרויספּציִען אויף זיך פליייש און הויט. און ס׳וועט אויפקומען און לעבן. און דאָס לעבן וועט צוזאַמענבינדן.

און די וואָס האָבן זוכה געווען אין צײַטן פון אומגליק און צעבראָכנקייט, אין די טעג, ווען „הסתרים און פאַרהוילנקייט״ האָבן זיך געשטאַרקט, אַרויס־צושרײַען מיטן גאַנצן פלאַם פון האַרצן, פרימאָרגנס און נאַכט „ויצמח פורקניה ויקרב משיחה״ („און ער וועט מאַכן אויפשפּראָצן זײַן הילף און וועט ברענגען נעענטער זײַן משיח״) — זיי וועלן נאָך אויך זוכה־זײַן אין די טעג פון קבוץ־גלויות צו שפּאַנען צוזאַמען אין איין טראָט מיט אַלע בענקענדיקע און בויענ־דיקע אין פאָלק, כּדי צוזאַמען צו דערנענטערן דעם געגראָטן טאָג פון דער פולער דערלייזונג.